# יצחק חזן
# דעם קצב׳ס
# מיזיניק

מעמואַרן און פאַרצייכענונגען
פון אַן אימיגראַנטן אינגל, זיין
שטעדטל און זיין לעבן אין אַמעריקע

פון **יעקב האפמאן**

ברוקלין, ניו־יארק
ה׳תשל״ט – 1979

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין טרייער

לעבענס־ באַגלייטערין

**בעלאַ** ע״ה

„די שיינע מיידל פון מענזשענין״



DEDICATED TO THE EVERLASTING MEMORY OF MY DEAR WIFE AND MOTHER OF OUR CHILDREN

**BELLA**

OF BLESSED MEMORY

# אינהאלט

## ערשטער טייל


אַריינפיר

בריוו פון ר׳ שמרי׳ גוראַרי שליט״א

אַ פאָרוואָרט און אַ באַגריסונג
פון ראַביי דר. ישראל לעווינטאַל

אַ באַגריסונג פון ראַביי דוד הײמאָוויץ

אַ מעסעדזש פון דר. יהודה שאַפּיראָ

אַ באַגריסונג פון ראַביי זאב בערקאָוויץ

יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק אין „אַלגעמיינעם זשורנאַל״ — פון ניסן גאָרדאָן

אַ מעסעדזש פון רביצן אסתר יונגרייז

1 — **יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק** ........ 1
2 — מיטן טאַטן נאָך זיין צוריקקומען פון אַמעריקע ........ 11
3 — מיינע חדר יאָרן אין אָסטראָווע ........ 21
4 — מיינע ערשטע אייגנפאַרדינטע געלט ........ 31
5 — מיט יידישע יוגנט אין אַ קליין שטעטל ........ 40
6 — אין חנה באַשע׳ס קרעטשמע אין מיטן אַ זאַווערוכע ........ 52
7 — אַ גורל׳פולע נאַכט אין מיענזשענין ........ 61
8 — די רוסן גייען, די דייטשן קומען ........ 70
9 — שידוכים און שרכנים אונטער די דייטשן ........ 77
10 — „ס׳איז ניט קיין דייטש . ס׳איז יאַנקל דער רימער״ ........ 87
11 — ווידער די רוסן אָבער דאָס מאָל געפאַרבט אויף רויט ........ 94
12 — אַ טרויעריגער פרייטאָג צו־נאַכט אין אָסטראָווע ........ 100
13 — צום פריזיור אין לאָמזשע ........ 109
14 — חנה באַשע וויל צושטערן מיין גליק ........ 117
15 — אין דער רייה פאַר אַ וויזע קיין אַמעריקע ........ 124
16 — פון דאַנציג ביז עליס אײלאַנד ........ 132
17 — מיינע ערשטע דזשאָבס אין אַמעריקע ........ 142
18 — די באַגעגעניש מיט ביילע׳ן אין אַמעריקע ........ 151
19 — מיינע וואַנדערונגען פון דזשאָב צו דזשאָב ........ 162
20 — אַ גרינע יידישע חתונה אין די בראָנקס ........ 169
21 — 16 יאָר אַ גראָסערי־מאַן אין קראַון הייטס ........ 178
22 — מיינע ערשטע טריט אין דער וועלט פון ריעל עסטייט ........ 187
23 — די קרובים אויף יענער זייט ים ........ 195
24 — איינער פון אַ שטאָט און צוויי פון אַ משפחה ........ 202
25 — די פאַרווירקליכונג פון אַ חלום ........ 211
יעקב האָפמאַן ווערט באַערט פאַר זיינע מעמואַרן ........ 221

# אריינפיר

■

## אַמעריקאַנער אידישע געשיכטע
## פון אונזער צייט

דער עלטערער וואונדערליכער אידישער דור פון פאָלקס־אימיגראַנטן אין אַמעריקע, דער דור וואָס איז געקומען אַהער באָרוועס און האָט מיט בטחון און אַנטשלאָסענהייט אנטוויקעלט דעם מעכטיגען אידישן ישוב וואס הייסט היינט אמעריקאנער אידענטום, דער דאָזיגער דור טראגט אין זיך אנ׳אוצר פון אידישע געשיכטע, א פארמעגן אָן א פארגלייך, די איבערלעבענישן פון דעם אידישן פאלקס־מענש וואס איז געקומען פון דער קליינער שטעדטל אין דער גרויסער אמעריקע, ווי ער האט זיך אקלימאטיזירט, ווי ער האט געלעבט און ווי ער האט זיך געשטעלט אויף די פיס און געטראָגן ציגל צו ציגל צום ריזן־בנין פון גרעסטן אידישן קיבוץ אויף דער וועלט.

פון דעם סאַמע אנהויב ווען זיי זיינען געקומען אהער פון די שטעדט און שטעדטלעך פון מזרח־אייראפע, ביז איצט ווען די „וואך טוישט זיך״, ווען דער דור פון די אימיגראנטן פון פאַר און גלייך נאך דער ערשטער מלחמה ווערט אַ „דור הולך״ און טרעט אָפּ זיין אָרט פאר׳ן „דור בא״, איז עס א וואונדערליכער קאַפּיטל אידישע געשיכטע וואס וואלט פארדינט אַריינגעשריבן צו ווערן אין אונזערע דברי הימים.

ליידער אבער איז דאס פארנאכלעסיגט געווארן ביז איצט און ס׳איז שווער צו פארשטעהן פארוואָס דאָס איז אזוי. אידישע פאלקס־מענשן האבן וואס צו דערציילן פאר די שפּעטערע דורות און וואס צו פאַראייביגן אויף די בלעטער פון אונזער געשיכטע.

מיט יארן צוריק פלעגט נאָך „אָלדטיימערס״ אָפּט דערציילן פון זייערע ערשטע יארן אין אמעריקע, וועגן דעם טרערן־אינזל עליס איילאנד, די שווערע ארבייט און די קליינע פארדינסטן, די ענגע וואוינונגען און די גרויסע שוועריקייטן ביים קריגן ארבייט, ווי זיי האבן זיך געפּלאָגט צו געבן די קינדער א פיינע דערציאונג און מאכן זיי פאר פאָלנע אמעריקאנער.

די מערסטע פון זייערע געשיכטעס זיינען אבער אוועק מיט׳ן ווינט. קיינער האט עס ניט פאַרצייכענט פאר דער אייביקייט.

דער דאָזיגער באוואוסטזיין האָט מיר געטריבן צו פארשרייבן מיין לעבענס־געשיכטע וואס איז אייגנטליך די געשיכטע פון צענדליגער און הונדערטער טויזענטער אַנדערע אידן ווי איך. אזוי ווי מיין פאטער ע״ה איז געוועזן א חזן און אויך איך האָב פון אים גע׳ירשנ׳ט א „שוואַכקייט צום עמוד׳, האב איך אויף זיך גענומען די ראָליע פון א שליח צבור פאר׳ן גרויסן אידישן קהל וואָס איז געקומען קיין אמעריקע אין איין צייט מיט מיר און דורכגעמאכט דעם זעלבן שווערן וועג וואָס איך האָב דורכגע־מאכט און מיט ג־ט׳ס הילף דורכגעבראכן.

איך בין ניט אויסן צו באזינגען קיינעם, ניט זיך און ניט אנדערע, נאר צו דערציילן פון א יונג אידיש בחור׳ל פון א קליין שטעדטל מעבר לים, זיינע קינדער־יארן און זיינע יוגענטליכע וואַנדערונגען, זיינע ליידן און פּיין אויף יענער זייט ים און זיינע ערשטע טריט אין דער „גאָלדענער מדינה׳ נאָכ׳ן ארונטערגעהן פון שיף, זיין באגעגענען דאָ די שיינע מיידל וואָס ער האָט ליב

געקראָגן אין דער קליינער שטעדטל און ווי זיי האָבן זיך דאָ אָנגעמאטערט ביים אויפשטעלן זייער נעסט, און שפעטער זייערע ליידן און פריידן צוזאמען, און די דורות וואס זיי האבן דערצויגן.

זאלן מיינע פארצייכענונגען דינען אלס ליים און ציגל פאר׳ן קומענדן היסטאָריקער.

און זאלן זיי אויך דינען ווי אנ׳אויסדרוק פון א טיף־פילענדן און פארבענקטן אידישן בחור און זקן וואס קען, טראץ אזויפיל אַפּגעפּאַלענע יארן, ניט פארגעסן די פאַרגאנגענהייט, די ליכטיגע געשטאלטן וואס ער האט באגעגענט אויף זיין לעבענס־וועג און די מאמענטן פון גליק און טרויער וואס ער האט איבערגעלעבט.

מיט דער דאזיגער קורצער הקדמה גיב איך איבער דעם בוך מיינעם אין אייערע הענט און דאנק אייך פון טיפן האַרצן פאר געבן מיר אייער אויער און אייער צייט, און מער ווי אלץ, פאר מיטגעהן מיט מיר אויף דער רייזע פון מיין לעבן.

**יעקב האפמאן**

# אַ בריוו פון הרב ר׳ שמרי׳ גוראַרי׳ שליט״א

טשערמאַן עקזעקוטיוו קאָמיטעט
פון די יונייטעד ליובאַוויטשער ישיבות

טייערער און האַרציגער פריינד ר׳ יעקב האָפמאַן שי׳,

איך האָב דעם כבוד צו באַגריסן אייך צו דער דערשיינונג פון אייערע מעמואַרן אין בוכפאָרם. די געשיכטע פון אייער לעבן, אייערע וואַנדערונגען און איבערלעבענישן, מעבר לים און אויך דאָ אין לאַנד, שפּיגלען אָפּ דעם גורל פון אידישן אימיגראַנטן־דור וועלכער האָט געלייגט דעם יסוד פאַר׳ן היינט־גרויסן אידישן קיבוץ אין אַמעריקע כ״י.

ס׳איז פאַר מיר באַזונדערס אַנגענעם צו באַגריסן אייך אַלס אַ נאָהנטער פּערזענליכער פריינד און שכן, און ווי איינער פון די איבערגעבענסטע און ברייטהאַרציגסטע פריינד און שטיצער פון די יונייטעד ליובאַוויטשער ישיבות.

אייער אהבת התורה, אייער פאַרשטענדעניש און אָפּשאַצונג פון דער וויכטיקייט פון אידישן חנוך, איז דער גרונט־שטריך פון דעם גייסט וואָס איר האָט געבראַכט מיט זיך פון דער אַלטער היים, פון דער היים פון אייערע טאַטע־מאַמע, און פון דעם גייסט וואָס איר האָט אָפּגעהיט אַלע יאָרן אויך דאָ אין לאַנד און אַריבערגעפלאַנצט מיט אַזויפיל פאָרזיכטיקייט און טרייהייט אויפ׳ן אַמעריקאַנער באָדן.

זייט געבענטשט און דערמוטיגט און שרייבט נאָך פילע, פילע קאַפּיטלען פון שעפערישע און פרוכטבאַרע מעשים טובים פאַר די הייליגטימער פון אונזער פאָלק.

**הרב שמרי׳ גוראַרי׳**

יו״ר ועד הפועל מרכז הישיבות
תומכי תמימים ליובאַוויטש

# אַ פאָרוואָרט און אַ באַגריסונג
# פון ראבאי דר. ישראל לעווענטאל

גייסטיגער פירער פון ברוקלין דזשואיש סענטער

דאס לעבן איז פול מיט איבערראשונגען.

די פון אונז וואס זיינען אין פארלויף פון פאַרגאנגענעם האלבן יאהר־הונדערט געווען נאָהנט צו און געקענט דעם מחבר פון דעם דאזיגען בוך, מר. יעקב האפמאן, האבן אים געקענט אלס א דערפאָלגרייכער געשעפטסמאן, און מער ווי אלץ, אלס אנ׳אקטיוון געזעלשאפטליכן טוער, פאראינטערעסירט אין צוויי זאכן וואס ער האט אפט באצייכענט אלס זיינע ,צוויי ליבעס׳, אידישע דערציאונג פאר קינדער און דערוואקסענע, און דער ווידער־אויפבוי פון ארץ ישראל.

איצט אויף דער עלטער, דערשיינט מר. האפמאן פאר אונז ווי א שרייבער מיט ליטערארישע פעהיקייטן.

די דאזיגע זכרונות פון זיין לעבן זיינען פריער דערשינען אין וועכענטליכע פאָרזעצונגען אין „אַלגעמיינער זשורנאל״. ווען דער ערשטער קאפּיטל איז דערשינען זיינען פילע פון אונז געווען אנגענעם איבערראשט. מיר האבן באוואונדערט דעם פיינעם אידיש, דעם גלענצענדן ליטערארישן סטיל, און מער ווי אלץ — דעם רייכן אינהאלט.

פאַר דער גרויסער צאל לייענער וואס האבן אליין דורכגע־מאכט די זעלבע דערפארונגען וואס דער מחבר, פריער אין שטעדטל אין מזרח־אייראפע און דערנאך די ערשטע אימיגראנטישע יארן אין דער ,גאלדענער מדינה׳, פאר זיי האבן

מר. האפמאנ׳ס זכרונות צוריקגערופען און אפגעפרישט זייערע אייגענע דערפאַרונגען, און זיי האבן מיט שפּאַנונג געוואַרט יעדע וואך אויף א נייעם קאפיטל.

געבענטשט מיט א וואונדערליכן זכרון שילדערט מר. האפמאן מיט אלע איינצעלהייטן פילע אינטערעסאנטע בילדער פון אידישן לעבן, סיי אזעלכע פון וועלכע ער איז געווען אנ׳אבסערווירער און סיי אזעלכע אין וועלכע ער איז אליין געווען אנ׳אנטיילנעמער. זיינע שילדערונגען שפיגלען אָפּ די שיינקייט און דעם אידעאליזם פון אמאליגן אידישן לעבן, טראָץ דער ארימקייט און די פארפאלגונגען וואס ער צוזאמען מיט אלע אידישע מאסן זיינען זיך אויסגעשטאנען.

איינס פון די רירענדסטע בילדער וואס מר. האפמאן שילדערט איז זיין פארכאפּענדע ליבעס־געשיכטע מיט דער שיינער ביילע פון דער שטעדטל רוטקע ווען ער האט צום ערשטן מאל באגעגענט דורך א מאדנעם צופאל ווען זיי זיינען ביידע געווען זעהר יונג און ווי ביידע זיינען פון יענעם מאמענט אן געווארן צוגעבונדן איינער צום אנדערן.

מר. האפמאן האלט אז די אידישע יוגענט אין אמעריקע דארף וויסן פון דעם רייכן אידעאליזם פון זייערע זיידעס און באבעס און עלטער־זיידעס און עלטער־באבעס פון וועלכע זיי זיינען ליידער אָפּגעפרעמדט היינט. צוליב דעם האָט האָפמאַן צוגעגרייט אַנ׳איבערזעצונג אין ענגליש וואָס וועט האָפענטליך געלייענט ווערן פון אונזערע אַמעריקאַנער דורות.

כאטש מר. האפמאן אליין, אין זיין באַשיידענקייט, פּרעטענדירט ניט אז זיין בוך וועט קאנקורירן מיט אירווינג האו׳ס „דהי ווארלד אָף אַוור פאַטהערס״, איז עס אין א באדייטענדער מאס א וויכטיגער ביישטייער צו דער אידישער ליטעראטור.

**ראבאי ישראל ה. לעווענטאהאל**

# THE BROOKLYN JEWISH CENTER

667 EASTERN PARKWAY
BROOKLYN, NEW YORK 11213
HYACINTH 3-8800

DAVID HAYMOVITZ, RABBI


June 19, 1978

מיט גרויס שפאנונג און פארגעניגן האב איך געלייענט איין מאל און נאכאמאל די קאפיטלען פון די לעבנס-געשיכטע פון אונזער גבאי, ר׳ יעקב האפמאן. זיין געשיכטע שילדערט מיט געפיל און טיפזיניקייט פאסירונגען און געשעענישן וועלכע שפאנען צענדליקע יארן אידישע געשיכטע און מיר פארן מיט אויף א רייזע פון אייראפע קיין אמעריקע און ארץ ישראל. זיין געשיכטע איז אן ערצעהלונג פון ליבע – די ליבע פון יעקב האפמאן צום אידישן פאלק, צו אידישקייט און צו ארץ ישראל.

זיין ליבשאפט פארן אידישן פאלק דרינגט דורך יעדער פאראגראף וועלכן ער שרייבט. ער פלעכט צוזאמען די רייכע ירושת-אבותינו פונ׳ם אמאל מיט די געשעענישן פון דעם היינט, אין אמעריקע. ס׳איז אן אומפאגעסליכע געשיכטע פון קוראזש און איבערגעבנקייט – צוויי זיילן וועלכע זיינען דער צענטער פון האפמאנ׳ס לעבן.

אנהויבנדיק פון די ערשטע קאפיטלען פון זיין בוך, ווערן מיר13933983ו ארומגענומען מיט די ווארעמקייט פון די אטמעספערע פון דער אלטער שטעטל, וואו האפמאן נעמט אונז אויף זיין לעבנס-רייזע וועלכע ער שילדערט פאר אונז. מיר באוואונדערן דעם יונגן אינגל פון פוילן, וועלכער איז געווארן א גרויסער געשעפטסמאן און בעל צדקה – שטיצנדיק גרויסע תורה מוסדות איבער דער וועלט.

דער גרויסער תנא רבי אליעזר זאגט אין דער משנה אין פרקי-אבות (פרק ב׳ משנה י׳) אז די וועג ווי א מענטש זאל דערגרייכן א גוטן לעבן איז דורך "עין טובה" – א גוטע אויג! דער סוד פון די לעבנס געשיכטע פון יעקב האפמאן איז זיין "עין טובה". ער גלייכט מענטשן און מענטשן גלייכן אים. אז מיר לייענען זיין לעבנס געשיכטע פילט מען כאילו׳ ווי די מענטשן אין האפמאנ׳ס לעבן זיינען פריינטליכער, און בעסער ווי מענטשן וואס מיר קענען; און די אלע וועמען ער שילדערט ווערן צו אונז נאענט און היימיש. ס׳איז די אפשפיגלונג פון האפמאנ׳ס אויסקוק אויף דעם לעבן. ער קוקט טאקע אויפ׳ן לעבן מיט העלע פארבן, און דאס שיינט אפ אויף זיינע לייענער, מען פילט מיט זיין אדמיראציע פון אידישקייט און דעם אידישן פאלק.

איך וואלט רעקאמענדירט דעם בוך צו יעדערן וואס וויל איבערלעבן דעם גייסטיקן און קולטורעלן אידישן לעבן, אינ׳ם לעצטן האלבן-יאר-הונדערט; ספעציעל צום יוגנט וועלכע האבן דאס אליין נית דורכגעמאכט און נית איבערגעלעבט.

דוד הײמאוויץ





# NATIONAL COMMITTEE FOR LABOR ISRAEL –
## Israel Histadrut Campaign, Inc.

נאציאָנאַלער קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ישראל • ישראל הסתדרות קאַמפּיין

33 EAST 67TH STREET • NEW YORK, N. Y. 10021 • 628-1000


## א פארדינסטפולע טאט
## פון דר. יהודה שאפירא

פרעזידענט, נאציאנאלן קאמיטעט פארן ארבייטנדן ישראל – ישראל
הסתדרות קאמפיין

היסטאריקער פארלאזן זיך אויף דאקיומענטן און ארטיפעקטן צוליב קענען רעקאנסטרוירן דעם פארגאנגענהייט. דאס וואס מיר ווייסן פון אמאל איז דאס אלץ פון די פארצייכענישן וועלכע היסטאריקער האבן געהאט ביים האנט. אזוי ארום איז דאס היסטאריע א רעזולטאט פון דעם וואס ס'האבן איבערגעלאזט די וואס האבן געלעבט, געארבעט און פיגורירט אין דער פארגאנגענהייט.

די היסטאריע פון די אידן אין 20'טן יאר-הונדערט וועט האבן א גרויסע אין דראמאטישע באדייטונג אין די צוקונפטיגע יארן.

אין פארלויף פון כמעט 2000 יאר פון אידישע היסטאריע, און נאכ'ן חורבן אייראפע (וועלכע איז נאך אלץ צו שווער צו באנעמען...) האט די היסטאריע פון דעם אידישן פאלק באקומען נייע דימענסיעס מיט'ן צוריקקער קיין ארץ ישראל.

זייענדיק פארנומען מיט די רעוואלוציאנערע ערשיינונגען אויפן אידישן געביט, ברענגט מיט די געפאר פון דערווייטערן דעם פארגאנגענהייט אין פינסטערע ווינקלען, אין אונזער יאר-הונדערט איז אזוי פיל חרוב און פארברענט געווארן, אז פארצייכענונגען פונ'ם עבר זיינען געווארן זייער טייער. ספעציעל טייער זיינען די רעקאלעקציעס וועגן שטעטלעך און פלעצער וועלכע האבן אין פארלויף פון עטלעכע צענדליג יאר, פארשוואונדן פון דער אידישער מאפע.

יעקב האפמאן, ווען ער פובליצירט זיין בוך, האט געלעבט א לעבן צוזאמענגעטראפן מיט'ן גאנצן 20'טן יאר-הונדערט. און ער לעבט זייער אידיש געשטימט. זיין בוך האלט די אינטערעס פון די לייענער הייגט; און אין צוגאב דערצו, דינט דאס אלס וויכטיגער היסטארישע מאטיריאל. פון העכסט וויכטיגקייט איז דער שפאן פון זיין לעבנס געשיכטע.

ער האט אין זיין לעבן געזעען אידישן לעבן אין מזרח-אייראפע, אמעריקע און ארץ ישראל. לעבנדיק מיט דער אידישער טראדיציע, האט ער איינגעזאפט אידישקייט, און ספעציעל אלס א קענער פון די דריי שפראכן, אידיש, עברית, און ענגליש.

האפמאנ'ס בוך איז א קאנטריבוציע צו פארשטיין די איצטיקע סיטואציע, און נאכמער איז דאס א קאנטריביוציע צום אייביגן היסטאריע פון דעם אידישן פאלק.

**דר. יהודה שאפירא**

# באַגריסונג פון ראַבאַי זאב בערקאָוויץ

יעקב האָפמאַן לעבט אין צוויי וועלטן, די רעאַלע וועלט פון היינט ווי א דערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן, כלל טוער און פילאנטראָפּ, און אויך א וועלט וואס איז שוין מער ניטא. כאָטש ער איז שוין פאר פילע יארן א תושב אין ניו יורק, ווערט איר אים אבער ניט געפינען דאָרט. ווייל אַלץ וואָס יעקב האָפמאַן טוט, וואוהין נאר ער געהט, געהט אים פּאָראויס אַנ׳אומזעהבאַרער אנטוראַזש פון געשטאַלטן און פיגורן פון א ווייט, ווייט פּלאַץ, געשטאַלטן וואָס לעבן היינט בלויז אין חלומות, אין ווערטער און אין זכרון.

פאר צענדליגער יארן איז די דאזיגע לאנדשאפט וואס ער האט געטראָגן אין זיך געווען ווי אין אַ פריוואַטער, אפגעשלאָסענער זאָנע. אפשר האט ער זיך אַמאָל געטיילט מיט עפּעס פון דער רייכער אינערליכער לאנדשאפט, אין א רעדע ביי א צונויפקום אדער אין א מעשה דערציילט פאַר אַ פריינד.

איצט האָט ער אבער געהאלטן פאַר צייטליך און פאַסענד צו געבן אונז א קליינע עפענונג און דערמעגליכן אונז צו כאפּן א בליק אויף דעם רייכן שפייכלער פון דער וועלט פון נעכטן, דורך דעם בוך מעמואַרן און דעראינערונגען וואָס ער האָט אָנגעשריבן.

געבוירן און דערצויגן אין אָסטראָווע, פוילן, איז יעקב האפמאן קיינמאל ניט אוועק פון זיין היים־שטאדט. צווישן די טאָוולען פון זיין בוך דערציילט ער אונז פאַרוואָס ער איז געבליבן אין אָסטראָווע. פּשוט און אָפענהארציג, אָן קיינע באפוצונגען אָדער ליטעראַרישע פּרעטענזיעס דערציילט ער אונז פון א שטעדטל, זיין שטעדטל, וועלכע קען דינען ווי אַ מוסטער פאר טויזענטער אנדערע שטעדטלעך און קהילות וואס זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען פון חורבן אייראפּע מיט א דור צוריק.

ניטאָ אין יעקב האפמאנ׳ס בוך קיין פילאָזאָפיע ספעקולאַציע אדער פאָעטישע רעפלעקציע. אלץ איז דאָרט ווי פאָלקס־זכרונות ארויסגעראַטעוועטע פון פייער. און אין דעם ליגט די גרויסע ווערטה פון די דאזיגע ביאָגראַפישע ווינעטן. זיי זיינען א פארזוך פון איין איד׳ן צו ארויסראטעווען פון תהום פון פאַרגעסענהייט, פארשוואונדענע מענשן און פונקען פון אַ פארלוירענער ציוויליזאַציע, און פאר איין וועג איז די דערשיינונג פון אַזאַ בוך א רעזיגנירטע צוגעבונג אויף דער טראגישער ווירקליכקייט וועלכע קען לעבן בלויז אין אונזערע הערצער, און דורך אזעלכע ווערק ווי יעקב האפמאנ׳ס.

איר לייענט דאס קינדער׳שע געזאנג צו אָסטראָווע און אומגעגענד און איר זייט אָנגענעם איבערראַשט פון דער פרישקייט מיט וועלכער די שטעדטל ווערט אויפגעלעבט נאָך העכער אַ האלבן יאָהרהונדערט זינט דער מחבר איז אוועק פון פוילן. נאכמער מערקווירדיג איז אונזער אייגענע באצויבערטקייט מיט דער דאָזיגער תקופה און אירע קהילות. אָן צווייפעל איז עס מער ווי בלויז עטנישע נאָסטאַלגיע. דער דאזיגער אינטערעס רופט אַרויס אַ פונדעמענטאַלע פראגע; ווי אזוי אורטיילט מען אַ קולטור ? . . . וואס איז דער סטאַנדאַרד צו מעסטן איר ? . . . פאר אנדערע באשטעהט די מאָס פון די פראָדוקטן וואס דאס פאָלק גיט אַרויס, און פאר אנדערע איז דאָס פאָלק אליין אַ מאָס פאר די פראָדוקטן פון דער קולטור. די לעצטע דעפיניציע איז די יעניגע וואס איז נאָהנט צום אידישן געדאַנק און צום אידישן גייסט. אונזער טראַדיציע איז מיט דער מיינונג אז א פאלק קען ניט געאורטיילט ווערן דורך איר קולטור, נאר גיכער דארף א קולטור געאורטיילט ווערן דורך איר פאָלק. אויב ס׳איז ניטאָ קיין שייכות צווישן דעם בוך און דער אויפפירונג, צווישן לעהרע און לעבן — דאַן איז אַלץ ווערטלאָז. און אויב מיר האבן עפעס געדארפט לערנען פון דעם האָלאָקאָסט איז עס אז דאָס אַממערסטן קולטורעלסטע פאלק קען זיך פירן ווי דאס נידעריגסטע און פאר־

דאָרבענסטע. ביי אונז אידן איז דער עיקר ניט די לעהרעס, נאר די ווערטהען וואס וואקסן ארויס פון לעבן און פאָרמירן דעם שטייגער פון אונזער טאג־טעגליך לעבן.

לייענענדיג דעם בוך קריגט איר אַן׳אַריינבליק אין די אידעען און אינסטיטוציעס וואס האבן פאָרמירט דעם טעגליכן לעבן פון דעם מזרח־אייראָפעאישן איד. אין זיינע קינדער־יאָרן, איז עס געווען דער חדר וואס האט איבערגעלאָזט דעם גרעסטן און לאנג דויערענדסטען איינדרוק אויף יעקב האפמאן. זיינע מלמדים האבן ניט געהאַט קיין דיפלאָמען אין פעדאַגאָגיק, אבער דאָך האבן זיי געלייגט זייער חותם אויף יעדן תלמיד. די מעטאָדע האט אפט געקענט זיין רוי און בייזליך, און אמאל אויך ברייסענד, פאַר׳ן מאָמענט, אבער דאך האט עס געווירקט אויפ׳ן גאנצן לעבן. מר. האפמאן איז א מוסטערהאפטער ביישפיל פון דאזיגען אמת, אז טראָץ געוויסע נעגאַטיווע אַספעקטן פון חדר, איז עפעס פון זיין אטמאָספערע און זיינע דויערענדע ווערטהען פאַרבליבן אויף שטענדיג מיט די וואס האבן געהאט די דערפאַרונג פון לערנען אין חדר. די שארפע בילדער פון מר. האָפמאַנ׳ס חדר־יאָרן אונטערשטרייכן די וויכטיקייט וואס איז דאַן געלייגט געווארן אויף דאס וואס איז איבערגעגעבן געווארן צום קינד, מער ווי אויף דאָס וואָס איז געלערנט געווארן מיט אים, עפעס אַזוינס וואס אלע אידישע דערציער און עלטערן קענען זיך אָפלערנען.

אויפוואַקסענדיג א יונגערמאן האט זיך יעקב האָפמאַן דער־וואָרבן גרויס רייכטום, אָבער ווי ער שרייבט — האָט די עשירות אים ניט באַפרידיגט. ער האט געשטרעבט צו אַנ׳אינהאַלט אין לעבן, און ער האט עס געפונען אין ציוניזם. די אידעע און באוועגונג פון ציוניזם האבן אים ארומגעכאַפּט אזוי ווי פילע אנדערע יונגע מענער און פרויען אין מזרח אייראפע. וואס איז טשיקאַווע, אז טראָץ א לעבענס־לאַנגען אָנטייל אין ציוניזם און ישראל, האט עס ביי אים קיינמאָל ניט פארנומען דעם אָרט פון זיין אידישקייט. ביי אים איז דער ציוניזם אַנ׳אַרויסוואוקס פון זיין אידישקייט און אין צענטער פון דער פאָלק׳ס

מחנה מוז שטעהן דער ארון הברית. מיר זעהען ווי ער איז געבליבן געטריי און איבערגעבן צו דער שוהל, סיי ווי אַן־אידעע און סיי ווי אַן־אינסטיטוציע. ווי ער אליין דערציילט אין איין קאַפּיטל אז „איך האָב עס געהאַלטן פאר זיכער אז ווען די הסתדרות בויט א הייזער־פּראָיעקט וועלן זיי איינריכטן א שיינעם עס־זאַל, אָבער איך בין ניט געווען זיכער אז זיי וועלן אויסגעבן די נויטיקע צענדליגער טויזענטער דאלארן פאר א שוהל". אין א צייט ווען די לעבענס־פעהיקייט פון דער שוהל העגנט אין דער לופטן, און ווען שוהלן מוזן זיך ראנגלען פאר דער לאָיאַליטעט פון אזויפיל אידן, האט יעקב האפמאן אילוסטרירט אין זיין אייגענעם לעבן אז די מדינה איז ניט קיין ערזאַץ פאר דער שוהל — און דאַרף עס ניט זיין.

יעקב האפמאנ'ס צוגעבונדענקייט צו ישראל שטעלט מיט זיך פאָר איינס פון די רירענדסטע און דראַמאַטישסטע טיילן פון זיין בוך. ווייל די פראַגע בלייבט — ווי אַזוי רעאַגירן יעקב האָפמאן און זיין אַנטוראזש פון אזוי לאנג צוריק, אויף דעם אויפקום פון מדינת ישראל ? . . . ווי אזוי קוקן זיי אויף א חלום אויף דער וואָר ? . . .

איר הערט זיך איין צו א שבת'דיגן שמועס אין תל אביב'ער פאָרשטעדטל און איר שפירט יעקב האפמאנ'ס ציטער און צווייפעל ווען ער זאָגט: „איך בין ניט אינגאַנצן זיכער אפילו היינט צי די סאַבראס צו וועמען איך האב גערעדט יענעם שבת אינדערפרי באַנעמען וואס איך האב געהאט צו זאָגן". ער ווייסט אז ס'איז דאָ א שייכות, א בונד, צווישן דער שטעדטל מיט'ן סאבּרא, אָבער וואס אזוינס די שייכות איז, בלייבט ניט־זיכער און פאַרנעפּעלט.

אייגענטליך איז דאס די טראַגעדיע פון האפמאנ'ען און פילע אנדערע פון זיין דור. דאס וואס זיי האבן געוואוס, וואס זיי האבן געזעהן און געהערט, וואס זיי האבן געפילט, וועט קיינמאל ניט געזעהן און ניט געהערט און ניט געפילט ווערן פון אנדערע — איבערהויפּט די וואס זיינען אַמנאָהנטסטן צו זיי. די גרויזאַמע צייט האט אויפגע־

שטעלט א וואנט, א מורא׳דיגע מחיצה, וואס צושיידט זיי אויף אייביג פון זייער נאַסטאַלגיע און ברענגט זיי א טראַגישן ווייטאג.

און דאך, טראָץ דעם אלעמען, לייענען מיר אז יעקב האפמאן האט מתפלל געווען אין ירושלים אז זיינע קינדער און זייערע קינדער זאָלן קיינמאל ניט פארגעסן אָסטראָווע, כאטש אפילו זיי האבן איר קיינמאל ניט געקענט.

אפשר וועט איר אויך לייענען דעם בוך און האָפן אז זיין תפילה זאל זיין זייער תפילה און אויך אונזערס.

**סעפטעמבער 1978** **הרב זאב בערקאוויץ**

# יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק
# אין ,אַלגעמיינער זשורנאַל׳

## פון ניסן גארדאן

25 וואָכן נאָכאַנאַנד האָבן די לייענער פון ,אַלגעמיינער זשורנאַל׳ נאָכגעפאָלגט מיט אינטערעס און שפּאַנונג יעקב האפמאנ׳ס דעראינערונגען וועלכע האבן זיך געדרוקט וועכענטליך, פון פרייטאג ערב ראש השנה, סעפטעמבער 24־טען, 76׳, ביז פרייטאג מערץ דעם 11־טען, 77׳.

דער אָפּרוף פון די לייענער איז געווען אַזוי דערמוטיגענד אַז אַ סך האָבן געשריבן און טעלעפאָנירט מיט בקשות פאָרצוזעצן די סעריע ווייטער.

די פון אונז אין דער רעדאַקציע וואָס האָבן מיטגעאַרבייט מיט מר. האפמאנ׳ען ביים צוגרייטן די סעריע אַרטיקלען האָבן געהאַט דעם נאָך גרעסערן פאַרגעניגן צו דערקענען דעם שרייבער פון די זכרונות פון דער נאָהנט און צו ווערן בעאיינדרוקט פון זיין אידיש־שטעדטל׳שער פאלקסטימליכקייט אַזוי גוט ווי פון זיין גרויס־שטאָדט׳ישן פאַרנעם.

ניט בלויז האָבן מיר געהאַט אַ געלעגענהייט צו באַקענען זיך מיט אַנ׳אוצר פון ליטעראַרישן ווערט, נאָר אויך מיט אַנ׳אוצר פון אידישן גייסט, פון אידישער האַרץ און נשמה.

ס׳איז פאַר אונז אַ באַזונדער פאַרגעניגן צו קענען באַגריסן מר. האפמאנ׳ען צו זיין אַרויסגעבן די דעראינערונגען אין בוכפאָרם, אין אידיש און אין ענגליש, און געבן די צוקונפטיגע דורות אַ באַגריף פון וואָס פאַראַ העראָאיש טייג דער דור אידישע אימיגראנטן פון מזרח אייראפע איז געווען געקנאטן.

זייט געגריסט, דערמוטיגט און געשטאַרקט, טייערער מר. האפמאן.

# יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק

די לעבנס־געשיכטע פון אַ געוועזן אָרים אידיש
אימיגראַנטן־בחור׳ל פון אסטראָווע, היינט
אַ באַוואוסטער געשעפטסמאַן און
פילאַנטראָפּ אין אַמעריקע

## יעקב האָפמאַן

געשילדערט פון אים אַליין אין אַ שעהנער,
פאָלקסטימליכער שפּראַך, רייך מיט אינטע־
רעסאַנטע און דראַמאַטישע דעראינערונגען
פון דער אַמאָליגער אַלטער היים און פון
55 יאָר אין קעסל פון אַמעריקאַנער לעבען
מיט אַלע שוועריקייטן פון אַ „גרינעם", ווי
אויך פון שפּעטערן דערפאָלג אין ביזנעס און
ריעל עסטייט, באַגעגענישן מיט וויכטיגע
פערזענליכקייטן דאָ און אין ישראל וואו ער
איז אַ שטענדיגער באַזוכער צוויי מאָל אַ יאָר

## דרוקן זיך אין

## „אלגעמיינעם זשורנאַל"



ה׳

# Hineni

440 Hungry Harbor Road
North Woodmere, L.I. 11581
(516) 791-2131 / (516) 791-4477

President: Esther Jungreis
Executive Director: Barbara Ja

"Ask thy father and he shall tell thee,
thy grandfather and he shall relate it to thee"
(Deuteronomy, 32)

Throughout the millenia of Jewish history, these immortal words kept our nation alive. In sanctity and prayer, each father would assume the awesome challenge of teaching G-d's Word to his child. And when young people questioned the meaning and purpose of their lives, it was to their fathers and grandfathers that they turned for guidance, wisdom, and counsel.

Yes, our sons and daughters were equipped to walk the road of life in strength and dignity because they were ever aware that their fathers were there to show them the way.

But ours is a generation that flounders in darkness, for the voices of the fathers and grandfathers are no longer audible.

Ours is a generation that has been given every material advantage, but it has been denied its spiritual heritage: the fathers and grandfathers are absentees, and our youth has been denied its legacy.

And so, this is a generation that has gone forth in search of roots, of identity, of meaning and purpose in life.

This is a generation that is searching for fathers and grandfathers who can tell a tale, who can relate the past, who can reveal that timeless heritage.

Jacob Hoffman belongs to that generation that could spin a tale, that has memories to transmit, that can bestow a legacy of a time that was and is no more. His writings are a testimony to a rich Jewish past that was snuffed out in the flames of Auschwitz. His stories of real and genuine people epitomize the quintessence of the shtetl, and will certainly be welcomes by all of our people who have embarked upon a voyage of discovery of their roots.

Our Hineni organization congratulates Mr. Jacob Hoffman on his outstanding achievements on behalf of Yiddishkeit, synagogues, yeshivas, and all endeavors of Jewish concern.

May the Almighty grant him long years of good health so that he may continue his noble work on behalf of the Jewish people.

Esther Jungreis
Rebbetzin Esther Jungreis
President



**יעקב האפמאן אלס יונגערמאן**



**ר׳ יצחק האפמאן ע״ה**

באקאנט אין אסטראווע אלס ,יצחק חזן דער קצב׳, פאטער פון יעקב האפמאן,

# קאפיטל ו

דעם ערשטן בליק אויף דער וועלט האָבן מיינע אויגן געכאַפּט אין אַ וואָרים אידישע הויז אויף דער פולטוסקער גאַס אין אסטראווע, וואו עס האָבן מיר מיט פרייד מקבל פנים געווען דריי ברידער און דריי שוועסטער, און טאַטע־מאַמע האָבן געדאַנקט דעם באַשעפער וואָס דער זיבעטער קימפּעט איז אַריבער בשלום.

76 יאָר זיינען שוין אַדורכגעלאָפן זינט יענעם טאָג אין אסטראווע, אַ שטאָט פון אַרום 10 טויזנט אידישע נפשות, 80 וויאָרסט פון וואַרשע און אַ העלפט דערפון פון לאָמזשע, די גובערניע־שטאָט וואו אידישע בחורים האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום פריזיוו. אַנדערע רופן די געבורט־שטאָט מיינע מיט׳ן נאָמען אסטראוו־מאַזאוויעצק, כדי צו אונטערשיידן איר פון אַן׳אַנדער שטאָט אין פוילן מיט אַן׳ענליכן נאָמען. אָבער וואָס פאַראַ נאָמען זי זאָל ניט טראָגן, איז אסטראווע אָדער אסטראוו־מאַזאוויעצק מער ניטאָ אויף דער אידישער מאַפּע. אָפּגעמעקט איז זי געוואָרן דורך די בלוטיגע היטלער־באַנדעס און אָפּגעווישט זיינען געוואָרן אירע בתי מדרשים און אירע אידישע הייזער וועלכע זיינען אויך געווען אַזוי הייליג ווי בתי מדרשים, ווייל אין יעדער אידיש הויז אין מיין שטעטל האָבן אידישע קינדער געלערנט תורה און טאַטע־מאַמע האָבן מדריך געווען געטרייע אידישע דורות וואָס זאָלן גיין אין דער אויסגעטראָטענער וועג פון זייערע אבות און אבות־אבותיהם.

שוין 55 יאָר זינט מען האָט מיר ווי אַן׳אַרעסטירטן פאַר ניט מעלדן זיך צום פריזיוו ביי די פּאָלאַקן געפירט „פּאָ עטאַפּאַט׳, דאָס הייסט באַגלייט פון פּאָליציי, פון רוטקע קיין אסטראווע, צו געזעגענען זיך מיט טאַטע־מאַמע איידער מען נעמט מיר אַוועק אין סאָלדאַטן, און דער פוילישער פּאָליציאַנט וואָס האָט מיר — דעם קרימינאַלניק — באַוואַכט, האָט אַוועקגעשטויסן דער מאַמע׳ן ווען זי איז מיר אַרויפגעפאַלן אויפ׳ן האַלז און געכליפּעט „מיין קינד... מיין מיזיניק׳ל...׳

פאַראַן אָבער בילדער און דערפאַרונגען וואָס ווערן קיינמאָל ניט אַלט, וואָס בלייבן שטענדיק פריש אין אייער זכרון, און ביים מינדעסטן ריר פאַנגען זיי אָן צו שטראָמען ווי כוואַליעס ביים ים און איר לאָזט זיך אַוועק שווימען ווייט־ווייט אין דער פאַרגאַנגענהייט און איר ווערט געשליידערט אַרויף און אַראָפּ, אָט ווי דאָס געשעהט איצט פאַר אייערע אויגן אין אסטראוווע און אין אַלע אַרומיגע שטעטלעך, ווי טשיזשעווע, אסטראלענקע, פולטוסק, זעמבראווע, קאמאראווע, בראָק, רוטקע, מאלקין און... טרעבלינקע, אַ נאָמען וואָס איז אַריין אין דעם חורבן פון אונזערע טעג.

דאָס ערשטע וואָס שווימט מיר אויף פאַר די אויגן איז מיין טייערע מאַמע גיטל ע״ה און מיין טייערער טאַטע ר׳ יצחק ע״ה ווען אַלע אין שטעטל האָבן גערופן פאַרצייגענערהייט ,,יצחק חזן דער קצב״. צום לעבן האָט ער פאַרדינט פון זיין אַ קצב, אָבער זיין גרויסער טאַלאַנט איז געווען חזנות, ער פלעגט דאַוונען אַזוי שיין און האַרציג ביים עמוד און זינגען אַזוי הערליך אויף אידישע שמחות און ביים אייגענעם שבת־און־יום טוב טיש. פון מיין טאַטע׳ן איז מיר געבליבן אַ פונק פון דאָזיגן טאַלאַנט זיינעם, וואָס מבינים זאָגן אַז חזנות אין אַמעריקע האָט אַ סך פאַרלוירן מיט דעם וואָס איך בין געוואָרן אַ ביזנעסמאַן אַנשטאָט אַ חזן...

די מאַמע מיינע איז געווען הויך און שלאַנק און געבענשט מיט אַ נאַטור פון גאָלד. זי האָט אויפגעהאָדעוועט זיבן קינדער און באַדינט אַ גרויסע משפחה, און צו דער זעלבער צייט האָט זי שווער געאַרבעט צוזאַמען מיט׳ן טאַטע׳ן אין יאַטקע, און אויב מען האָט געדאַרפט איז זי אויך מיטגעגאַנגען אין שעכט־הויז און אויפ׳ן וועג געשעפטשעט אַ שטילע תפילה אַז די בהמה זאָל אַרויסקומען פון דעם שוחט׳ס הענט אַ כשר׳ע.

שבת איז די מאַמע געזעסן אין דער ווייבערשער שול אויפ׳ן ערשטן באַנק, און דער ציפיק אויף איר קאָפּ האָט זיך אַרויסגעזען איבער אַלע אַנדערע פרויען. איך פלעג אינגלווייז ליב האָבן אַ קוק צו טאָן אָפט אין איר ריכטונג, און מיין יונג הערצל פלעגט אָנקוועלן פון נחת וואָס ג־ט האָט מיר געבענשט מיט אַזאַ גוטער מאַמע׳ן.

ווער רעדט נאָך ווען דער טאַטע פלעגט דאַוונען ביים עמוד, האָט

מיין מאַמע׳ס פנים געלויכטן ווי זיבן זונען. זי האָט געקוואָלן פון דעם מאַנ׳ס שיינעם דאַוונען און ווי אַלע אונטן אין שול ווינקען זיך איבער מיט התפעלות פון יצחק חזן דעם קצב׳ס שטימע און נוסח, און דערצו נאָך האָט זי ניט געקענט באַהאַלטן איר נחת פון איר מיזיניק וואָס שטייט לעבן דעם שליח צבור און העלפט אים אַרויס ווי אַ גאַנצער כאָר.

איך זע איר געשטאַלט ווי זי בענשט ליכט פרייטאָג צו־נאַכט און ווי פון אירע אויגן גיסן זיך טרערן. ווען זי פלעגט אַרונטערנעמען די הענט פון פנים נאָכ׳ן בענשן ליכט, זיינען אירע אויגן געווען פאַרוויינט, און דער ,גוט שבת׳ אירער צום טאַטע׳ן און צו מיר איידער מיר זיינען אַרויס פון שטוב צו גיין צו קבלת שבת אין דער אַלטער שול, האָט מיר שטענדיג דערמאָנט אין דעם טאַטנ׳ס ברכה ערב יום כפור, פאַר׳ן גיין אין שול צו כל נדרי. ביי דער מאַמען איז יעדעס מאָל צו ליכט בענשן געווען אַ סאָרט ערב יום כפור ווען זי האָט אויסגעוויינט איר האַרץ פאַר אירע קינדער וועמען עס איז באַשערט געווען צו ווערן פאַרוואָגלט איבער ימים און קאָנטינענטן און געבעטן ביי ג־ט אַז זיי זאָלן אַלעמאָל געדענקען ווער זיי זיינען.

אַ מאַמע׳ס האַרץ האָט איר אפשר ווי פאָראויסגעזאָגט אַז אירע קינדער וועלן צושפרייט ווערן איבער דער גאַנצער וועלט, און אַז איר עלטערע טאָכטער, ענע, מיט איר מאַן זעליג און פינף קינדער וועלן אומקומען על קידוש השם אין זעמבראָווע. נאָר איין זון ענע׳ס האָט זיך נאָך דער מלחמה אָפּגעזוכט אַ לעבעדיגער און איז פון רוסלאַנד געקומען קיין ישראל. אַ צווייטער זון האָט שוין געהאַלטן ביי קומען קיין אַמעריקע, אַדאַנק אַ סך כחות וואָס מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע אָנגעקגעלייגט ער זאָל קריגן די וויזע, אָבער אויף מאָרגן נאָך זיין באַקומען די וויזע אין 1939 פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסול אין וואַרשע, האָט אויסגעבראָכן די מלחמה און ער איז פאַרצוקט געוואָרן אינ׳ם פייער.

דאָס האַרץ איר׳ס האָט איר אפשר אויך פאָרגעזאָגט אַז דער ערשטער קרבן צו פאַלן אין אסטראָווע דורך די נאַצישע הענט, וועט זיין איר׳ס אַנ׳איינגיקל, מיין ברודער יאָסקע׳ס אַ זון הי״ד.

אַ גאַנצע וואָך האָט די מאַמע שווער געהאָרעוועט און געהאָלפן דעם טאַטע׳ן טראָגן דעם עול פון פרנסה פאַר׳ן הויז־געזינד. זי פלעגט

אַליין פאַנאַנדערטראָגן די פלייש צו די רייכע באַלעבאָסטעס פון שטעטל, און ווען אימיצער איז ניט געווען צופרידן האָט זי זיך ניט געפוילט און געגאַנגען צוריק אין יאַטקע און געבראַכט דער באַלעבאָסטע אַנדערע פלייש.

אַזוי ווי איך בין געווען דער אינגסטער פלעג איך זיך נאָכשלעפּן נאָך איר און זי האָט געהאַט פון מיר אויסצושטיין קאַלטס און וואַרימס. איך פלעג, ווי אַ קליין קינד, שרייען ,מאַמע, עסן... איך וויל עסן׳... דער טאַטע איז ניט געווען צו־באַגייסטערט פון זיין אַ קצב, האָט די מאַמע געמוזט צולייגן אַ פלייצע. אַ סך מאָל ווען דער טאַטע האָט זיך ניט געפילט בקו הבריאות און די מאַמע איז געגאַנגען אין שלאַכט־הויז, פלעג איך מיטגיין מיט איר און טאָן די מלאכות וואָס דער טאַטע פלעגט טאָן. איין מאָל, געדענק איך, האָב איך געשלעפּט 8 שעפּסן צוגעבונדן מיט שטריק איינער צום צווייטן, און די מאַמע האָט מיר יעדער סעקונדע צוגעגעבן מוט. ,באַלד, באַלד, יאַנקעלע, באַלד זיינען מיר שוין אין שעכט־הויז... אָט אָט...׳

ווען איך קוק צוריק היינט אויף יענע יונגע יאָרן אין אסטראווע, קומט מיר פאָראויס אַ בילד וואָס ווייזט ווי די גוטע מאַמע מיינע וואָס האָט אויסגעוויינט די אויגן פאַר אַ גוט מזל פאַר אירע קינדער, האָט אויך געקענט זיין האַרט און שטרענג, אפשר נאָכמער ווי דער טאַטע.

דער טאַטע האָט אויך געקאָנט זיין שטרענג, אָבער נאָר ביים עמוד, ווען ער איז געשטאַנען און געדאַוונט אַ שבת אָדער אַ יום טוב. טאָמער האָט אימיצער אויסגערעט אַ וואָרט אינמיטן דאַוונען האָט ער זיך אַ קער געטאָן מיט׳ן פּנים אויף צוריק און מיט זיין בליק האָט ער גלייך איינגעשטילט דאָס גערעדעריי. אויב דאָס האָט ניט געהאָלפן פלעגט ער זיך אָפּשטעלן און ניט גיין ווייטער. ווען ער איז געשטאַנען ביים עמוד און אויסגעגאָסן זיין האַרץ פאַר׳ן באַשעפער, האָט אין שול געמוזט זיין שטיל.

די מאַמע האָט אָבער באַוויזן אַז זי קען זיין שטרענג אפילו צו אַן׳אייגן קינד, אויב ער טוט עפּעס וואָס ס׳איז ניט רעכט, און געשען איז עס מיט מיין עלטסטן ברודער יאָסקע, ווען טאַטע־מאַמע האָבן נאָך זיין חתונה געעפנט אַ יאַטקע אין זעלבן ,ראַד׳, אין דער זעלבער יאַטקעווער רייה וואו עס זיינען געשטאַנען אַ וואָסערע 20 יאַטקעס.

כמעט אַ העלפט פון די אסטראווער קצבים זיינען געווען פון אונזער משפחה, איז מילא זאָל זיין נאָך אַ קצב אין מאַרק. איינער פון דעם טאַטנ׳ס ברידער, אפרים דער קצב, איז געווען פון די שיינע גערער חסידים אין שטאָט.

מאַכט זיך אַמאָל אַז אַ קונה וואָס פלעגט אַלע וואָך קויפן פליישביים טאַטע׳ן אין יאַטקע האָט איין מאָל געקויפט ביי יאָסקע׳ן. איך וויל דן זיין מיין ברודער לכף זכות אַז ער איז ניט אויסן געווען צוצונעמען אַ ,קאָסטעמער׳ ביים טאַטע׳ן, אָבער די מאַמע האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און איז אַוועק צו יאָסקע׳ן, אין יאַטקע און אים אַרונטער־געלאָזט אַ פּאַטש וואָס האָט אָפּגעקלונגען אויפ׳ן גאַנצן מאַרק.

ס׳איז געווען אַמאָל אַנ׳אַנדער וועלט. אַ מאַמע האָט געפּאַטשט אַ פאַרהייראַטן זון, און דער זון האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

דער טאַטע איז אָבער געווען מער חזן ווי קצב.

ער איז געווען אַ שיינע ,אָסאָבע׳ מיט אַ באָרד וואָס האָט זיך צושפּרייט מער אין דער ברייט ווי אין דער לענג. די שטימע זיינע האָט געקלונגען ווי אַ גאָלדענער טענאָר און ער איז געווען אַ גאָלדענער גאַסט אויף אַלע שמחות אין שטעטל מיט זיינע שיינע ניגונים.

ער איז אַלס קצב געוואָרן אַ גרויסער ידען אויף סירכות און ער האָט גאַנץ אָפט זיך ניט צוריקגעהאַלטן פון זאָגן דעם רב אַז די סירכא קוקט אויס צו זיין אַ פאַרלוירענע אָדער אַז יענע סירכא קען מען נאָך אָפּראַטעווען. ער פלעגט מיט זיין לאַנגן אָטעם וואָס פלעגט אים אַזוי גוט דינען ביים נעמען אַ הויכן טאָן ביים עמוד, אויך אָנבלאָזן אַ לונגען אין שלאַכטהויז בעת דער רב פלעגט זיך פאָרקען מיט די פינגער און זיך אַמפערן מיט זיך אַליין צי ער זאָל פסק׳נען כשר אָדער טריף.

אין אסטראווע האָט ביים קצב געציטערט דאָס האַרץ בעת דער רב האָט געהאַלטן אין באַטראַכטן די לונגען פון אַ בהמה. טאָמער חס ושלום וועט דער רב פסק׳נען טריף, בלייבט מען אָן פרנסה אויף אַ גאַנצע וואָך, ווייל די טריפה פלייש וועט מען דאַרפן פאַרקויפן פאַר אַ דריטל פרייז צו די גויים וואָס וועלן קומען אויפ׳ן דאָנערשטאָג׳דיגן מאַרק, אָדער צו די רוסישע קאַזאַרמעס אין קאַמאַראַווע וואו די קצבים פלעגן גאַנץ אָפט מוזן אָנברעכן די ביינער פון שכור׳ע סאָלדאַטן וואָס פלעגן זיך וואַרפן שלאָגן אויף זיי.

וואָס פאַראַ סאָרט קצב מיין טאַטע איז געווען און וואָס פאַראַ סאָרט קצבים עס זיינען בכלל אַמאָל געווען ביי אידן וועט אמבעסטן אילוסטרירט ווערן דורך דעם פאַקט וואָס מיין טאַטע איז געווען אין אַמעריקע און האָט זיך צוריקגעקערט קיין אסטראווע, און פאַרוואָס ער איז צוריקגעקומען.

געשען איז עס אין יאָר 1905 ווען אידן אין רוסלאַנד האָבן זיך אָנגעפאַנגען פּאַקן די טשעמאַדאַנעס און זיך אַרויסגעלאָזט צו די גאָלדענע ברעגן פון אַמעריקע. די צייט איז געווען אַנ׳אומרוהיגע. דער צאַרישער רעזשים האָט זיך געהאַלטן אין טרייסלען, און ווער־ווייסט וואָס ס׳וועט קומען דערנאָך?... פון אַמעריקע זיינען דערגאַנגען בשורות אַז מען שאַרט דאָרט גאָלד אין די גאַסן.

אלזא, יצחק חזן דער קצב האָט זיך געזעגנט מיט דער משפחה און אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע וואו ער איז אָפּגעווען אַ יאָר צייט און געקומען צוריק אַהיים קיין אסטראווע.

ס׳איז אַ טריף לאַנד — האָט ער געשריבן דער מאַמע׳ן.

ער האָט דאָ געאַרבעט ביי אַ קצב, ביי אַ כשר׳ן קצב פאַרשטייט זיך, אָבער ס׳איז אים ניט געווען צום האַרצן דאָס וואָס ער האָט זיך דאָ אָנגעזען אין דער אַמעריקע פון יענע יאָרן.

— און ווי קען ער ברענגען קינדער אין אַ לאַנד וואו ס׳איז ניטאָ קיין ברעקל רעספּעקט פאַר אידישקייט? — — האָט ער ווייטער געשריבן דער מאַמע׳ן.

די מאַמע, די מאַמע מיט דער גאָלדענער נאַטור, האָט אים געשריבן אַז זי קען אים גאָר ניט געבן קיין עצות פון דער ווייטנס. אַזוי ווי ער איז דאָרט אויפ׳ן אָרט, דאַרף ער אַליין באַשטימען וואָס צו טאָן.

ויהי היום, און דער טאַטע איז צוריקגעקומען קיין אסטראווע און ווידער געוואָרן יצחק חזן דער קצב.

און צווישן די מעשות פון טויזנט און איין נאַכט וואָס ער האָט דערציילט פאַרוואָס ער איז אַנטלאָפן פון אַמעריקע, האָט ער זיך ניט געקענט באַרוהיגן פון איין געשעעניש וואָס האָט אים אויפגערודערט ביז צו די טיפסטע טיפענישן פון זיין נשמה און איז געווען, אַזוי צו זאָגן, די שטרוי וואָס האָט איינגעבראָכן דעם רוקן פון קעמל.

ער איז געווען ביי אַ לאַנדסמאַן אין הויז און געזען ווי די פרוי האָט געפּרעגלט אַייטער ניט־צושניטענערהייט און צוזאַמען מיט אַנדערע פליישן. ער האָט דעם לאַנדסמאַן געקענט פון דער היים, און אין אסטראווע וואָלט ער זיך אַזוינס ניט דערלויבט. ווי צוצוגרייטן אַייטער צום עסן זיינען דאָ ביי אידן אַ סך דינים, כדי אויסצוהיטן זיך פון בשר בחלב, און דאָ האָט ער געזען ווי אַזוי אַ אידישע היים איז אין אַמעריקע פאַר׳טרפ׳עט געוואָרן, איז ווי אַזוי האָט ער געקענט בלייבן אין אַזאַ לאַנד ?... און ווי אַזוי נאָך האָט ער געזאָלט ברענגען די קינדער אַהער ?...




**די תרבות שולע אין אסטראווע.** תלמידים פון דער „תרבות״ שולע אין אסטראווע פירן דורך א מארש אין שטאדט לכבוד דער דערעפענונג פונ'ם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, אין יאהר 1925. די אונטערשריפט אויף דער בילד לייענט זיך ווי פאלגט: „החגיגה לפתיחת האוניברסיטה בירושלים, אוסטרוב, ז' ניסן פ״ה״.




**בנות אגודת ישראל אין אסטראווע.** די אונטערשריפט אויף דער בילד לייענט זיך ווי פאלגט: בנות אגודת ישראל אסטראוו מאז. תרצ״ב, צום אנדענקונג פון אונזער דבורה קאהנס אוועקפארן קיין ארץ ישראל. אין אסטראווע איז אויך געווען אנ„ארגאניזאציע פון רעליגיעזע מיידלעך פון הפועל המזרחי מיט'ן נאמען „ברוריה״.




**אסטראווער בית״ר׳ניקעס אויף אנ׳אויספלוג אין 1928.** די אונטערשריפט אויפ׳ן בילד לייענט זיך ווי פאלגט: „הסתדרות ברית תרומפלדור באוסטרוב מאזוב. על טיול בבראק ביום כ״ז תמוז תרפ״ח׳׳. די שטעדטל־בילדער זיינען פון דעם אסטראווער יזכור־בוך וואס איז דערשינען אין ישראל אין 1960.

## קאפיטל 2

## מיט׳ן טאטע׳ן נאך זיין צוריקקומען פון אמעריקע

מיין טאַטע איז ווייט ניט געווען דער איינציגער איד וואָס איז צוריקגעקומען אַהיים אין שטעטל, צוריק פון דער שטיין־רייכער אַמעריקע וואו די גאַסן זאָלן האָבן געווען ברוקירט מיט גאָלד. עס זיינען אין אסטראווע אַליין געווען נאָך אַזעלכע אידן וואָס האָבן זיך פאַר קיין פאַל ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט צופּאַסן צום אַמעריקאַנער שטייגער־לעבן פון יענער צייט, באַזונדערס וואָס נוגע אידישקייט און די שוועריקייט צו אויפהאָדעווען קינדער אין אַ אידישן וועג.

אַלס קינד פון זעקס יאָר ווען דער טאַטע איז צוריקגעקומען פון אַמעריקע אין 1906, האָב איך פאַרשטייט זיך ניט באַנומען וואָס דאָ קומט פאָר ביי אונז אין שטוב, איך געדענק ווי דורך אַ נעפל ווי שכנים און אַנדערע גוטע פריינד זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו אונז אויף דער פולטוסקער גאַס צו געבן דעם טאַטן שלום עליכם און זען ווי אַזוי דער אַמעריקאַניעץ קוקט אויס.

אַלס קינד בין איך געווען איבערגליקליך וואָס דער טאַטע איז צוריק אין דער היים און האָלט מיר ווידער אויף זיין שויס און זינגט פאַר מיר און מיט מיר אַזויפיל שיינע ניגונים. ווי דער מיזיניק אין הויז האָט מיר דער טאַטע אויסגעפעלט מער ווי פאַר מיינע ברידער און שוועסטער וועלכע זיינען געווען עלטער פון מיר און האָבן אַודאי מער פאַר־שטאַנען דאַן וואָס אַמעריקע איז און וואָס פאַראַ גליקן עס וואָלטן אונז דערוואַרט אויב דער טאַטע וואָלט געבליבן אין ניו יארק און אונז אַלעמען אַריבערגעבראַכט צו אים.

איך בין אָבער געווען צופרידן וואָס די שטוב איז ווידער גאַנץ געוואָרן, מיט טאַטע־מאַמע אַרום מיר, און עס האָט מיר אפילו ניט געאַרט וואָס מיין רבי אין חדר האָט ווידער אָנגעפאַנגען קומען צו אונז אין שטוב יעדן שבת נאָכמיטאָג צו פאַרהערן מיר און ווייזן דעם טאַטן

וואָס זיין מיזיניק האָט זיך דורך דער וואָך אויסגעלערנט. עס האָט מיר אויך ניט געאַרט אויב דער טאַטע פלעגט מיר געבן אַ בייזן קוק, אויב איך האָב ניט אַזוי גוט געזאָגט די רש״י, אַבי דער טאַטע איז געווען אין דער היים.

דער טאַטע אַליין איז אַודאי און אַודאי געווען גליקליך און צופרידן צו זיין צוריק אין אסטראווע, נאָך אַ יאָר אַרומוואַלגערן זיך אין דער פרעמד און נאָך אָנקוקן זיך ווי אַזוי אידן ווערן פאַר׳טרפה׳ט אין קאָלאָמבוסעס מדינה, ווי ער פלעגט דערציילן אין שטוב. ער איז געווען גליקליך צו שטיין ווידער אין זיין יאַטקע, און נאָכמער איז ער געווען גליקליך צו קענען ווידער שטיין ביים עמוד אין דער אַלטער שול און זיך פאַנאַנדערלאָזן מיט זיין גאָלדענעם טענאָר וואָס איך הער נאָך עד היום אין מיינע אויערן און וואָס זיין זיסקייט צוגייט זיך עד היום אין אַלע מיינע גלידער.

אַז איך בין אונטערגעוואַקסן און געוואָרן אַ יאָר צען־עלף איז צו מיר קיין גלייכן ניט געווען ווען דער טאַטע האָט מיר מיטגענומען צום טיש פון אַמשינאָווער רבי׳ן וועלכער פלעגט קומען גאַנץ אָפט צו זיינע חסידים אין אסטראַווע און דאָס דאַווענען האָט זיך דאַן פאַרצויגן ביז 4 אַזייגער נאָכמיטאָג.

אין אסטראַווע זיינען געווען אַ סך אַמשינאָווער חסידים, און אין מיין צייט איז דעם אַמשינאָווער רבינ׳ס עלטסטער זון און זיין שפּעטערער ממלא מקום אין אמשינאָוו, ר׳ יאָסעלע, געווען רב ביי אונז אין אסטראַווע. ווען דעם רב׳ס טאַטע, דער רבי ר׳ מנחם, פלעגט קומען אויף אַ שבת צו אונז קיין אסטראַווע איז געוואָרן יום טוב אין שטעטל. ווי גליקליך איך בין געווען ווען איך האָב זיך ענדליך איין מאָל דער־וואַרט צו געבן דעם רבי׳ן שלום עליכם און ער האָט אַריינגענומען מיין האַנט אין זיינע.

וועגן דעם אמשינאָווער רבי׳ן ר׳ מנחם האָט מען אין אסטראַווע דערציילט וואונדערליכע געשיכטעס, דער עיקר ווי אַזוי ער האָט ליב אידן און ווי אַזוי ער רוט ניט ווען עס האַנדלט זיך וועגן טאָן אַ איד׳ן אַ טובה. וועגן אים ווערט עס דערציילט, אַז ער זאָל האָבן געענטפערט דעם ראָגאַטשאָווער עילוי אויף אַנ׳אסיפה פון רבנים אין וואַרשע, אין יאָר 1912, אַז אַ „גברא רבה״, אַ גרויסער מענש פאַר וועמען מען דאַרף זיך

אויפשטעלן, איז דער וואָס איז בכח אַוועקצונעמען אַ קלאַפּ פון אַ איד׳ן (לויט דער גמרא אין מסכת מכות דף כ״ב וועגן דעם וואָס די חכמים האָבן פון די פערציג שמיץ פון מלקות געמאַכט 39).

דאָס וואָס מען פלעגט ענדיגן דאַוונען אַזוי שפּעט ביים אַמשי־נאוער רבינ׳ס מנין, איז ניט געווען ווייל דער דאַוונען פלעגט נעמען אַזוי לאַנג, נאָר ווייל די הכנות ביז דער רבי פלעגט אַרויסקומען צום דאַוונען האָבן זיך פאַרצויגן אויף שטונדן. אין שפּעטערע יאָרן האָב איך געהערט אַז מען האָט אים אַמאָל געפרעגט פאַרוואָס דאַרף ער האָבן זעקס שעה הכנות און דערנאָך דאַוונען איין שעה, עס וואָלט דאָך געווען בעסער ווען די הכנות דויערן איין שעה און דאָס דאַוונען זעקס שעה? . . . און דער קלוגער רבי האָט אויף דעם געענטפערט: מה־דאָך אַז נאָך זעקס שעה הכנות דאַוונען מיר בלויז איין שעה, היינט וואָס פאַראַ דאַוונען וואָלט שוין געווען נאָך בלויז איין שעה הכנות...

נאָך ר׳ יאָסעלע׳ן איז אויף דעם אסטראָווער כסא הרבנות געזעסן ר׳ מאיר דן פלאצקי, באַרימט בשעתו ווי אַ מנהיג פון פוילישן ראַבינאַט און באַקאַנט אויפ׳ן נאָמען פון זיינע ספרים „כלי חמדה״ און „חמדת ישראל״.

אַחוץ אמשינאווער זיינען אין אסטראָווע געווען א היבשע צאָל גערער חסידים, אָבער עס געדענקט זיך מיר ניט אַז דער גערער רבי זאָל אַמאָל קומען צו זיינע חסידים אין אסטראָווע. באַזונדערס איז צווישן אנשי שלומנו פון גער באַקאַנט אַ חסיד מיט׳ן נאָמען ר׳ בן ציון אויף וועמען דער פריער׳דיגער גערער רבי ר׳ אברהם מרדכי זאָל האָבן געזאָגט אַז ער איז מקיים דעם „וקנה לך חבר״ (שאַף זיך איין אַ חבר) מיט ר׳ בן ציון אסטראָווער...

ער איז געווען אַ זקן און איז נאָך געפאָרן קיין קאָצק און צום חידושי הרי״מ און צום שפת אמת. ווען ער איז נפטר געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1926 איז געווען אַ דין תורה צווישן וואַרשע און אסטראָווע וואו מען זאָל אים מקבר זיין. געוואונען האָט וואַרשע, אָבער מ׳האָט געדאַרפט ברענגען פון אסטראָווע דעם טיש אין גערער שטיבל אויף וועלכן ער האָט געלערנט און מאַכן פון אים דעם ארון פאַר׳ן נפטר.

ניט קיין וואונדער וואָס פאַר מיין טאַט׳ן, אַ איד פון אסטראָווע, איז

געווען אַזוי שווער צו מאַכן שלום מיט דער אַמעריקע פון יאָר 1905, וואו די שטיינער אין גאַס זיינען טאַקע געווען גאָלד, אָבער וואָס איז די פעולה דערפון, אַז זיי זיינען דאָך געווען טריף?...

ניט נאָר מיין טאַטע איז צוריקגעקומען פון אַמעריקע, אויך אַ ברודערמיינער, דער עלטסטער ברודער, יאָסקע, איז פאַר דער ערשטער מלחמה געפאָרן קיין אַמעריקע און געקומען צוריק אין שטעטל. שפעטער אין די צוואַנציגער יאָרן איז ער געקומען אַהער צו אַ טאָכטער און איז דערנאָך אַוועק צו די אַנדערע קינדער וועלכע האָבן געהאַט עמיגרירט קיין אַרגענטינע וואו ער האָט געפונען זיין אייביגע רוה.

אויך אַ שוואָגער מיינער, אשר זעליג, דער מאַן פון מיין עלטסטער שוועסטער ענע, איז געווען אין אַמעריקע פאַר דער ערשטער מלחמה און איז צוריקגעקומען קיין זעמבראַווע צו זיין פערד־און־וואָגן און צו פירן פאַסאַזשירן צווישן מאַלקין, זעמבראַווע און לאָמזשע.

ניט אַלע זיינען צוריקגעקומען צוליב דער זעלבער אורזאַך וואָס האָט דעם טאַט׳ן געבראַכט צוריק קיין אסטראַווע. ניט אַלע האָבן זיך װארשיינליך גענומען צו־שטאַרק צום האַרצן אַמעריקע׳ס ניט־פרומ־קייט, אָבער עס זיינען געווען אַ סך אַנדערע סיבות. אַנדערע איז געווען שווער צו געפינען אַ פאַסיגע אַרבעט. אַנדערע זיינען פשוט קראַנק געוואָרן פון דער שקלאַפעריי טאָג און נאַכט אין שאַפּ. און געווען אויך אַזעלכע וואָס זיינען צוריקגעקומען צוליב משפחה, ניט ווילנדיק אָפּרייסן זיך פון דער משפחה, פון ברידער און שוועסטער וואָס זיינען געבליבן אין שטעטל. אַזוי צום ביישפיל האָט מיין טאַטע געהאַט אין אסטראַווע דריי ברידער און צוויי שוועסטער. כמעט אַ העלפט פון די קצבים אין שטאָט זיינען געווען פון אונזער משפחה. אויך דאָס האָט מעגליך מיטגעווירקט צו מיין טאַטנ׳ס באַשלוס צו פאַרלאָזן אַמעריקע, אין צוגאָב צו זיין ניט קענען זיך אַקלימאַטיזירן צום פרייגייסט און אויסגעטאָנענקייט פון אידישקייט וואָס האָט דאָ געהערשט.

צאָללאָזע שלאָפלאָזע נעכט זיינען אַדורך זינט דעם חורבן פון דער צווייטער מלחמה, בלויז פון טראַכטן און פרעגן ביי זיך אַליין „פאַר־וואָס איז דער טאַטע צוריקגעקומען?״... סוף כל סוף די פון אונזער משפחה וועמען עס איז באַשערט געווען צו בלייבן לעבן, זיינען באַצייטנס סיי־ווי אַוועק פון אסטראַווע, און די וואָס זיינען געבליבן,

זיינען לײדער אומגעבראַכט געוואָרן פון די רוצחים. וויפיל איך זאָל זיך ניט אַליין פּרובירן ענטפערן אַז דער מענש איז אַ צו־קליין באַשעפעניש צו קענען געפינען אויף אַלץ אַנ׳ענטפער, באַפאַלט מיר נאָך עד היום אַ שווידערליך געדאַנק וואָס עגבערט און עגבערט און לאָזט ניט אָפּ. פאַר־וואָס, פאַרוואָס האָבן מיר אַלע זיבן קינדער, פיר ברידער און דריי שוועסטער, ניט געקענט קומען צוזאַמען מיט דער מאַמע׳ן קיין אַמעריקע, צום טאַט׳ן, פאַרוואָס ניט?...

די פון אונז וואָס זיינען געבליבן לעבן זיינען אַוועק פון אסטראַוועץ יונגערהייט, איבערלאָזנדיק טאַטע־מאַמע מיט אַ תפילה אויף זייערע ליפּן און אַ טרער אין זייערע אויגן.

דער עלטערער ברודער, יאָסקע, איז, ווי דערמאָנט פריער, אַוועק קיין אַמעריקע צום צווייטן מאָל אין די צוואַנציגער יאָרן און שפּעטער קיין אַרגענטינע וואוהין זיינע טעכטער האָבן עמיגרירט.

דער צווייטער ברודער, לייזער בער, איז אַרויס אַ לעבעדיגער פון זעמבראַוועו וואו ער איז געווען אַ רימאַזש, אַדאַנק דעם וואָס אַ אינגערער ברודער, משה אהרן, האָט אים געבראַכט קיין באגאטא, קאָלאָמביע, און איך האָב אים שפּעטער געהאָלפן, קומען קיין אַמעריקע. פינף זין פון זיין ערשטער פרוי זיינען אומגעקומען אין חורבן. אויך ער איז שוין מער ניט צווישן די לעבעדיגע.

און דער דריטער ברודער, משה אהרן, דער קראַסאַוויץ אין דער משפּחה, איז אין 1926 אַוועק קיין ארץ ישראל מיט זיין פרוי, אַ זון און אַ טאָכטער, און מיט צוויי יאָר שפּעטער זיינען זיי געקומען קיין באגאָטא וואו ער האָט איינגעאָרדנט אַ פאַבריק פון פאַקעטבוקס און געוואָרן אַ איד אַנ׳עושר.

דער דאָזיגער ברודער מיינער, משה אהרן, האָט געדינט אין דער רוסישער אַרמיי און אויך געשפּילט טעאַטער פאַר די רוסישע סאָלדאַטן, נאָכ׳ן באַפרייט ווערן פון דער רוסישער סאָלדאַטשינע האָט ער פאַר אַ קורצע צייט געהאַט אַ לעדער־פאַבריק אין ביאַליסטאָק און שפּעטער אין וואַרשע וואו ער האָט אויך — אַלס אַמאַטאָר — געשפּילט אידיש טעאַטער. אַ לעבן האָט ער געמאַכט פון צושטעלן לעדערוואַרג פאַר די רוסישע אָפיצירן. ווען די פּאָלאַקן זיינען געקומען צו דער מאַכט אין וואַרשע האָבן זיי אַוועקגעגעבן אַלע באַשטעלונגען זייערע צו אַ



לייזער בער האפמאן מ׳יט זיין ערשטע פרוי

אנ׳עלטערער ברודער פון מחבר, געווען א רימאזש אין זעמבראווע. האט עמיגרירט קיין קאלאמביע און שפעטער קיין אמעריקע.



**משה אהרן האפמאן**

אנ־עלטערער ברודער פון מחבר, אין מונדיר פון א רוסישען סאלדאט. ער האט עמיגרירט קיין באגאטא, קאלאמביע וואו ער איז געשטארבן.

פּאָליאַק, ער איז געווען אַ קאַליקע און האָט שטילערהייט באַשטעלט די סחורה פון מיין ברודער.

ער איז געווען פון די ערשטע אידן אין באגאטא און פון די בויער פון דער ערשטער שול אין שטאָט. ווען איך בין געווען מיט צוויי יאָר צוריק אין באגאטא צו זיין מצבה־אויפדעקונג, זיינען שוין געווען פיר שולן אין שטאָט.

מיין ברודער פון באגאטא איז געבענטשט געוואָרן מיט צוויי גערוואָטענע קינדער, אַ זון אַ דאָקטאָר־מעדיצין, דר. יוסף (האָזעי) האפמאַן, וועלכער פּראַקטיצירט איצט אין באגאטא, און אַ טאָכטער, גיטל, אַ נאָמען נאָך מיין מאַמע׳ן ע״ה, אַ גראַדואירטע פאַרמאַסיסטין, ווען ער האָט אַוועקגעשיקט צו 19 יאָר קיין אַמעריקע זי זאָל דאָ געפינען איר אידישן זיווג, און כך הווה ברוך השם. אויך דער זון דער דאָקטאָר פון באגאטא האָט אַהער געשיקט זיינע דריי טעכטער און אַ זון און אַלע האָבן דאָ ברוך השם געטאָן פיינע אידישע שידוכים.

פון מיינע דריי שוועסטער איז שוין אויך ליידער קיינער ניט געבליבן. די עלטערע שוועסטער, ענע, איז אומגעקומען צוזאַמען מיט׳ן מאַן און קינדער, פינף זין און איין טאָכטער, אין חורבן זעמבראַווע.

די צווייטע שוועסטער, רחל דינה, איז געקומען צו איר מאַן העניך ספּיוואַק קיין אַמעריקע און האָט דאָ אויפגעהאָדעוועט דריי שיינע אידישע טעכטער.

אויך די דריטע שוועסטער, יהודית, איז געקומען אַהער צו איר מאַן מאיר ראָזענטאַל, מיט וועמען איך בין געפאָרן אויף איין שיף פון דאַנציג קיין ניו יאָרק אין 1921. זי איז געשטאָרבן מיט אַ האַלב יאָר צוריק און האָט איבערגעלאָזט אַ טאָכטער און דריי זין. די טאָכטער, גיטל, איז אַקטיוו אין דער רביצין יונגרייז׳ס „הנני״־באַוועגונג, און גיטל׳ס אַ טאָכטער, מרס. טרודי ספּעקטאָר איז פון די הויפּט־פירערינס פון דער פרומער באַוועגונג וואָס זוכט צו פאַרשפּרייטן אידישקייט צווישן אָפּגעפרעמדטע אידישע יוגנטליכע.

און וואָס איז געשען מיט טאַטע־מאַמע אין אסטראַווע, נאָכדעם ווי די קינדער זיינען זיך צופלויגן ?...

דעם טאַטע׳ן, ר׳ יצחק חזן דעם קצב, האָבן די פּוילישע האַלער־

טשיקעס (די נאָכפאָלגער פון אַנטיסעמיטישן גענעראַל האַלער) אַזוי צושלאָגן אַז ער איז געוואָרן קראַנק און איז געשטאָרבן אין 1930, צוויי יאָר נאָך דער מאַמע׳ס טויט.

איין מאָל האָבן אים די האַלערטשיקעס געכאַפּט און אויסגעריסן אַ האַלבע באָרד, נאָך פאַר מיין צייט, איידער איך בין אַוועק פון אסטראווע אין 1921. זינט דאַן זיינען זיי אָבער געוואָרן נאָך מער פרעך אין זייערע אַנטיסימיטישע אויסברוכן, און פון דעם צווייטן אָנפאַל אויף אים איז ער שוין ניט געקומען צו־זיך.

איז ניט קיין וואונדער, ווי איר זעט, פאַרוואָס עס נעמט ניט קיין ברעג צו מיינע שלאָפלאָזע נעכט זאגאר היינט אויף דער עלטער, ווען איך טראַכט וועגן די אָפּגעלאָפענע יאָרן און דעם אומגליק וואָס האָט געטראָפן אונזערע ברידער און שוועסטער אין אייראָפּע.

פאַרוואָס, פאַרוואָס איז דער טאַטע צוריקגעקומען פון אַמעריקע ? . . .

●



**מר. און מרס. יעקב און ביילע האפמאן (צווייטע און דריטע פון לינקס) צוזאמען מיט משפחה**

פון רעכטס צו לינקס ווערן געזען: רחל דינה ספיוואק, א שוועסטער; יאסקע האפמאן, דער עלטסטער פון די פיר האפמאן-ברידער; חיים און פעני קופער, ברודער און שוועגערין פון מרס. ביילע האפמאן; לואי און זעלדע דייווידסאן, שוועסטער און שוואגער פון מרס. האפמאן; יעקב און ביילע האפמאן; און יהודית ראזענטאל, די אינגסטע שוועסטער פון יעקב האפמאן.

# קאפיטל 3
# מיינע חדר־יארן אין אסטראווע

איך האָב מיר אין מיין צייט אָנגעהערט און אָנגעלייענט אַ היבש ביסל אָפשפּעטער פון דעם אַמאָליגן חדר און פון דעם מלמד מיט׳ן קאַנטשיק, אָבער זאָלן זיי מיר מוחל זיין די אַלע גרויסע אָפּלאַכערס, אויב איך וועל זיך אָננעמען פאַר מיינע צוויי מלמדים אין ווענעמס חדרים איך האָב געלערנט אין אסטראווע.

זיי האָבן ניט געהאַט קיין דיפּלאָמען אין פּעדאַגאָגיע, אָבער זיי האָבן געהאַט אַ גרעסערע און אַ בעסערע ווירקונג אויף די קינדער, ווי די היינטיגע פּראָפעסאָרן מיט זייערע דיפּלאָמען, אויף די סטודענטן אין די קאַלעדזשעס.

נאָך טאַטע־מאַמע גיב איך מיינע צוויי מלמדים דעם גרעסטן דאַנק פאַר דעם וואָס איך האָב אויסגעהאַלטן אַזויפיל שווערע נסיונות און האָב דערלעבט צו זען אייניקלעך וואָס גייען אין אידישן דרך.

דער מלמד אין חדר האָט אייגענטליך געהאַט דעם קינד אונטער זיינע פליגל מער ווי טאַטע־מאַמע, אָנפאַנגענדיג פון אַכט אינדערפרי און פאַרענדיקענדיג אַכט אין אָוונט, און ניט קיין וואונדער דעריבער וואָס אַ סך מלמדים, און מיינע צוויי אויך צווישן זיי, האָבן צייטענווייז געהאַט אויסצושטיין קאַלטס און וואַרימס פון זייערע תלמידים. קינדער דאַרפן שטיפן, איז ווען דען זאָלן זיי שטיפן אויב ניט אין די צוועלף שעה וואָס זיי זיינען אויף דער וואַך אין חדר ?...

פון חדר האָבן מיר אויך ניט געקראָגן קיין זומער־וואַקאַציע פון צוויי אָדער דריי חדשים. זומער און ווינטער צוגלייך איז דער חדר געווען אָפען. און אסור מיר אויב איך בין מקנא חס ושלום די אַמעריקאַנער חדר־אינגלעך וואָס פאָרן אַהיים אין די פּראָסטיגע ווינטער־נעכט אין וואַרימע באָסעס. דאָס שפּאַצירן אין פאַרהאַרט־

עוועטן שניי וואָס פלעגט „קרעכצען" אונטער די שטיוול, און די וועג באַלויכטן פון אַ קליין לאַמטערנע וואָס האָט זיך גאַנץ אָפט אויך אויסגעלאָשן פון אַ ניט צו שטאַרקן ווינט, דאָס זיינען זיסע זכרונות וואָס גיבן פון זיך געגוג וואַרימקייט און ליכטיקייט אויך אויף די עלטערע יאָרן. גאַנץ אָפט ווען איך פאָר אין מיין נייעם אויטאָמאָביל מיט די „העד־לייטס" וואָס וואַרפן שטאַרקע ליכט־שטראַלן פאָראויס, פאַרבענקט זיך מיר נאָך יענער לאַמטערנע פון די חדר־יאָרן וואָס האָט קוים געוויזן ווי צו שטעלן אַ פוס פאָראויס. יענע קליינע לאַמטערנע איז אַריין אין די ביינער ווי אַ טייל פון דער גאַנצער שטעדטל׳דיגער פאנאראמע וואָס אַזויפיל אָפּגעלאָפענע שטורמישע יאָרן האָבן ניט אָפּגעטאָן איר אויסזען פון די אויגן. אַז איך דערצייל אַמאָל מיינע אייניקלעך ווי אַזוי מיר חדר־אינגלעך פלעגן גיין אַהיים פון חדר שפּעט אין אָוונט, מיט אַ סידור און חומש און אַ שרייב־העפט אין איין האַנט און אַ לאַמטערנע אין דער אַנדער האַנט, קוקן זיי מיר אָן ווי איך שילדער זיי עפּעס פון „דיזני־לענד" להבדיל. גיי דערצייל זיי אַז דער חדר האָט אויסגעשמידט אייזן־פעסטע אידישע דורות, און די לאַמטערנע האָט באַלויכטן זייערע וואַנדער־וועגן איבער ימים און מדבריות.

מיין ערשטער מלמד ביי וועמען איך האָב געלערנט עברי און התחלת חומש, איז געווען פולשטענדיג געראָכט ווען ער האָט מיר מכבד געווען מיט אַריינצייילן „אחת למעלה ושבע למטה", נאָכדעם ווי איך און נאָך אַ פּאָר אינגלעך־שטיפערס האָבן איבערגעשראָקן די רביצין ביים אַריינ־קומען אין „פיר־הויז" וואו ס׳איז געשטאַנען אַ צובער מיט וואַסער פאַר אַ קאַלטן טרונק און פונוואַנען עס האָט זיך אויך געעפנט אַ טיר צום שטאַל וואו ס׳איז געשטאַנען דעם מלמד׳ס „פאַרם", אַנ׳איין־איינציגע ציג וואָס האָט געשפייזט דאָס הויז מיט מילכיגס אַ גאַנצע וואָך.

און אַז ער האָט שוין געשמיסן האָט ער פאַר איינוועגס אויך אויפגעמישט די אינגלשע משוגעת פון כאַפּן פייגעלעך און טויבן אין אַ „קליעטקע". „ורחמיו על כל מעשיו"... ג־ט האָט ליב אַלע זיינע באַשעפעניש, און איר באַגייט אַ גרויסע עבירה ווען איר כאַפּט אומשולדיגע פייגעלעך און האַלט זיי געפאַנגען ווי סאָלדאַטן וואָס פאַלן אַריין אין פלען, האָט ער מיר גע׳מוסר׳ט אינמיטן אַריינצייילן.

דעם רבינ׳ס רייד זיינען ניט געגאַנגען אינגאַנצן לאיבוד. פייגעלעך און טויבן האָבן מיר געכאַפּט אויך ווייטער, אָבער אַנשטאָט האַלטן זיי געפאַנגען, פלעגן מיר זיי געבן עסן און טרינקען און דאַן אַוועקלאָזן פליען אויף דער פריי.

מיין צווייטער מלמד ביי וועמען איך האָב שוין געלערנט חומש מיט רש״י, איז נאָך געווען שטרענגער פון דעם ערשטן. ער פלעגט ליב האָבן צו נעמען אַ טרונק בראָנפן אינמיטן לערנען מיט די קינדער און פאַרבייסן מיט קעז. ווען ער פלעגט ווערן בייז און אָנפאַנגען שרייען אויף אַ אינגל, פלעגן פונקען מיט קעז שפריצן פון זיין מויל, און מיר אינגלעך האָבן שוין יענעם טאָג געזאָגט אַז דער רבי האָט אונז אַלעמען מילכיג געמאַכט... ער פלעגט קומען צו אונז אין הויז אויף דער פולטוסקער גאַס יעדן שבת נאָכמיטאָג און פאַרהערן מיר פאַר׳ן טאַטע׳ן אין די אויגן, און קיין צו־גרויסן עונג שבת האָב איך ניט געהאַט ווען דער טאַטע פלעגט מיר געבן אַ בייזן קוק און דער רבי פלעגט צולייגן אַ קניפּ. „האָסט דאָך ערשט געלערנט די רש״י, און שוין פאַרגעסן?״... פלעגט מיר דער רבי געבן אַ צופּ ביים אַקסל, האָבנדיג אפנים ניט ווייניג פאַרדרוס וואָס יצחק חזן דער קצב דאַרף צוזען וואָס פאַראַ שוואַכע פּעולה זיין מיזיניק האָט אין חדר.

היינט קען מען דאָך שוין אויסזאָגן דעם אמת. קיין צו גרויסן חשק צו לערנען האָב איך ניט געהאַט. די פייגעלעך און די טייבעלעך האָבן מיר געצויגן מער ווי דער חדר, און דערצו איז אויף דער אָסטראַווער גאַס געווען אַ בעקעריי צוזאַמען מיט אַ צוקערניע וואו דער וואַרשעווער בעקער פלעגט מאַכן אַזעלכע טייערע פּיראָזשניעס וואָס האָבן געהאַט אַ בעסערן טעם ווי מיין רבינ׳ס קעז־פונקען. מען האָט אים גערופן „וואַרשעווער בעקער״ ווייל ער איז געקומען פון וואַרשע, און אין אסטראַווע האָט ער חתונה געהאַט מיט מיינער אַ קוזינע, דער מומע ביילע׳ס אַ טאָכטער. צוויי פון זייערע קינדער האָבן זיך געראַטעוועט פון חורבן און זיינען נאָך דער מלחמה געקומען קיין אַמעריקע.

נאָך אַ גרויסער יצר הרע וואָס האָט ניט געלאָזט איינזיצן רוהיג אין חדר, איז געווען דער גרויסער וואַלד וואָס האָט זיך געצויגן אויף אַ שטרעקע פון אַרום 10 וויאָרסט צווישן אסטראַווע און זעמבראַווע. אין דאָזיגן וואַלד איז געווען אַ גערעטעניש אויף שוואַרצע יאַגעדעס, און

כאָטש מען האָט דערציילט מעשות פון פוילישע באַנדיטן וואָס באַפאַלן מענשן אין וואַלד און ראַבירן און הרג׳ענען, פלעגן זיך אַ סך אינגלעך אַרויסלאָזן אין וואַלד און דערקוויקן דאָס האַרץ מיט די זאַפטיגע יאַגעדעס וואָס האָבן זיי שפּעטער פאַרראַטן פאַר׳ן רבי׳ן, מיט אַ שוואַרצער צונג.

אגב, אין דער ערשטער מלחמה האָבן די דייטשן פאַרלייגט רעלסן פון וואַלד צו דער באַן ניט ווייט פון אסטראווע, און האָבן אַוועקגעפירט כמעט אַ העלפט פון די בוימער קיין דיטשלאַנד, פאַר געהילץ.

די שטיפערס פון חדר האָבן אָבער ניט געדאַרפט גיין זוכן אַ נאַש אַזש הינטער׳ן שטאָט. ניט ווייט פון חדר, טאַקע ניט מער ווי עטליכע הייזער, איז געווען אַ גאָרטן וואָס האָט באַלאַנגט צו אַן׳עלטערע פרוי, און צוזאַמען מיט אַ כאָפּטע אינגלעך פלעג איך זיך אַריינרייסן אין גאָרטן און אויסרייסן אַ פּאָר פרישע אוגערקעס וואָס האָבן געהאַט אַלע טעמים אין דער וועלט.

,,שקצים אַרויס״!... פלעגט די באַלעבאָסטע שרייען, ווי נאָר זי האָט דערהערט אונזערע אינגעלשע טריט, און מיר פלעגן אַרויסלויפן פון גאָרטן ווי אונטערגעשאָסענע, אָבער אויף מאָרגן פלעגן מיר ווידער זיין אין גאָרטן און אַרויסרייסן נאָך עטליכע אוגערקעס איבער וועלכע מיר פלעגן מאַכן אַ סעודה׳לע מיט אַ בורא פרי האדמה.

אין שפּעטערע יאָרן האָט מיר שטאַרק באַנג געטאָן וואָס איך האָב גורם געווען דער פרוי אַזויפיל צער און פאַרדרוס, און איך האָב צייטנווייז געטראַכט אַז ווען דער גאָרטן אין אסטראווע וואָלט געווען אַ גאַנצער, וואָלט איך זיך ניט געפוילט און אַרונטערגעקומען גוטצומאַכן דעם שאָדן וואָס איך האָב דאַן פאַראורזאַכט.

אָבער אַז ס׳איז באַשערט איינעם צוריקצוגיין אויף די שפּוו׳ן פון זיין קינדהייט, קען עס אפילו אַ וועלט־חורבן ניט פאַרמיידן.

בעת מיינע אָפטע באַזוכן אין ישראל, כמעט צוויי מאָל אַ יאָר פאַר די פאַרגאַנגענע פופצן יאָר, טרעף איך זיך אַלעמאָל מיט לאַנדסלייט פון אסטראווע און מיר טוישן זיך אויס מיט זכרונות פון דער פאַרשוואונדענער וועלט. אויף איינעם אַזאַ צוזאַמענטרעף מיט עטליכע יאָר צוריק, רעד איך זיך אויף מיט אַן׳אסטראוווער פרוי, פריידע, און זי דערציילט מיר אַז איר מאַמע האָט געהאַט אַ גאָרטן לעבן שוהל וואוהין



**פריידא מיט איר מאן, די טאכטער און איידים פון דער פרוי מיט׳ן גארטן אין אסטראווע** (די דריטע און צווייטע אויף דער אויבערשטע רייע) צוזאמען מיט זייערע קינדער; פאטאגראפירט מיט מר. האפמאן׳ס טאכטער, גלעדיס סילווער, (צענטער, זיצנדיג) און איר זון לארי (ערשטער רעכטס, זיצנדיג).

די חדר־אינגלעך פלעגן זיך ארײַנ׳גנב׳ענען און צו׳לקח׳ענען פרישינקע אוגערקעס. זי האָט עס דערציילט ווי סתם אַ דערמאָנונג פון אַמאָל, ווי די מאַמע האָט זיך אויסגעגעסן דאָס האַרץ יעדעס מאָל נאָך אונזער׳ס אַנ׳אַטאַקע אויפ׳ן גאָרטן און ווי די אינגלעך זיינען ניט מיד געוואָרן אין זייער קוואפעניש נאָך די ערשטע רייף־געוואָרענע אוגערקעלעך.

זי האָט גערעדט מיט בענקשאַפט נאָכ׳ן אַמאָל, נאָך דער מאַמען און נאָכ׳ן גאָרטן און נאָך די חדר־אינגלעך, און מיר האָט אָנגעפאַנגען צו רויטלען זיך דאָס פּנים. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און זי האָט מיר אַ פרעג געטאָן צי בין איך ניט יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק וועלכער האָט דאַן אָנגעפירט מיט דער כאָפּטע אינגעלעך וואָס האָבן ניט אָפּגעלאָזן איר מאַמע׳ס גאָרטן.

פאַרשטייט זיך אַז איך האָב זיך גלייך מודה געווען און זיך דערקלערט שולדיג אין דעם „פאַרברעכן״... און פון דאַן אָן איז אַנטשטאַנען אַנ׳אויסערגעוויינליכן־נאָהנטע פריינדשאַפט צווישן אונזערעביידע משפחות, ווי מיר וואָלטן געווען לייבליכע קרובים. יעדעס מאָל וואָס איך בין אין ישראל באַזוך איך זיי, און ניט נאָר איך, נאָר אויך מיינע קינדער זיינען געוואָרן זייער נאָהנט מיט פריידע׳ס קינדער, און מיינע אייניקלעך מיט אירע אייניקלעך.

פריידע׳ס אַ טאָכטער און איידים, מירא און איר מאַן אהרן, זיינען דורך דער צייט געוואָרן אַזוי נאָהנט מיט מיינע קינדער, אַז מען שרייבט זיך אָפּט אַדורך און מען קומט איינע צו די אַנדערע אויף באַזוכן, און אַזוי אויך זייערע קינדער.

דער איידים פריידא׳ס, אַ הויכער אָפיציר אין ישראל׳דיגן ים־פלאָט, האָט מיר דעם פאַרגאַנגענעם ה׳ אייר מיטגענומען אויף אַ רייה יום העצמאות פייערונגען, און מיר אויך געוויזן „עפעס״ פון ישראל׳ס פאַרטיידיקונגס־כחות וואָס האָבן אָנגעפילט מיין האַרץ און מיין געמיט מיט שטאָלץ.

איך בין אויך געווען מיט אים אויף כּכר דיזענגאָף און דערנאָך אויף כּכר מלכי ישראל וואו מען האָט געטאַנצט און געזונגען ביז אין גרויען טאָג אַריין, אָבער די גאַנצע צייט וואָס איך בין געווען אין זיין געזעלשאַפט האָט זיך מיר געדוכט ווי איך הער ווי זיין פרוי׳ס באָבע שרייט אויף מיר „שקצים אַרויס״... זאָל זי האָבן אַ ליכטיגן גן עדן, און

דאָרט ווייסט זי דאָך שוין אַוודאי אַז אונזערע משפּחות האָבן זיך איבערגעבעטן און זיינען היינט די בעסטע פריינד.

אָבער צוריק צום חדר אין אסטראווע. קיין סך האָבן די מלמדים פון מיר ניט געליטן, ווייל איך בין אַוועק פון חדר קורץ נאָך מיין בר מצוה און האָב אָנגעפאַנגען מסחר׳ן מיט די רוסישע סאָלדאַטן וואָס זיינען געשטאַנען אין קאמאראווע. דער טאַטע האָט אַפּנים איינגעזען אַז ער׳ט פון מיר קיין רב ניט אויסקנעטן, האָט ער מיר געלאָזט גיין מיין וועג אויף וועלכן איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט, צוזאָגנדיג זיך אַליין אַז וואו איך זאָל ניט מגולגל ווערן וועל איך טראָגן שטאָלץ, דעם טיטול וואָס מען האָט מיר געגעבן אין שטעטל, יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק.

וואָס פאַראַ בר מצוה, ווילט איר אַוודאי וויסן, האָבן טאַטע־מאַמע געמאַכט פאַר זייער בן זקונים?... מען האָט מיר אויפגערופן צו דער תורה אין דער אַלטער שוהל און איך האָב געמאַכט די ברכות און געזאָגט דעם מפטיר ווי אַ זקן ורגיל, אָבער קיין באַנקעט האָט מען פאַר מיר ניט געפּראַוועט. איך געדענק אפילו ניט צי דער טאַטע האָט געבראַכט אין שוהל לעקעך און בראָנפן. ס׳האָט שוין געשמעקט מיט פולווער און די ערשטע וועלט־מלחמה האָט שוין אָט־אָט געקלאַפּט אין טיר.

דערפאַר אָבער האָט מיר דער רבונו של עולם באַלוינט און מיר מזכה געווען צו פּראַוועו פאַר מיינס אַנ׳אייניקל דריי מאָל בר מצוה אין זומער פון 1972, ווען איך און מיין ג־טזעליגע פרוי ע״ה זיינען געווען מיט דער משפּחה אין ישראל צו פּראַוועון די בר מצוה פון אונזער טאָכטער׳ס בכור, ארי יצחק (לאַרי) סילבער.

איין שמחה האָבן מיר געפּראַוועט אין ברוקלין דזשואיש סענטער אויף איסטערן פּאַרקוויי וואו איך בין אַנ׳אַלטער מעמבער.

נאָך אַ שמחה האָבן מיר געפּראַוועט ביים כותל מערבי, אַ שמחה וואָס היינט מיט פיר יאָר שפּעטער שטייט זי מיר פאַר די אויגן ווי דער בר מצוה בחור זאָגט די ברכות האַרט ביי די שטיינער פון כותל, און די שטיינער האָבן אַוודאי אָפּגעגעבן אַ גרוס אין הימל צו מיין טאַטע־מאַמע פון זייערס אַנ׳אור־אייניקל וואָס איז געקומען אָנטאָן תפילין אין ירושלים.

און אַ דריטע שמחה האָבן מיר געפּראַוועט פאַר קרובים, לאַנדסלייט און פריינד, שבת ביים דאַוונען אין דער שוהל „זכרון קדושים" וואָס איך

און מיין פרוי האָבן אויפגעשטעלט אין „מעוז אביב״, אַ פאָרשטאָט פון תל־אביב וואו עס וואוינען אויסגעדינטע צה״ל־אָפיצירן. די בר מצוה איז געפראַוועט געוואָרן שבת נחמו, דעם 22־טן יולי, צוויי טעג נאָך איכה און קינותביים כותל מערבי אין ירושלים.

איך האָב אַ נאָמען געגעבן די שוהל „זכרון קדושים״, אין אָנדענק פון די אומגעקומענע אסטראָווער אידן הי״ד, און איך האָב יענעם שבת ביים קידושא רבה דערציילט די געסט, וועגן מיין היים־שטעטל אסטראָווע, וועגן טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער, און ווי שטיל באַשיידן מיין אייגענע בר מצוה איז אַדורך.



דער בר מצוה בחור קריגט אַני עליה ביים כותל מערבי. לינקס שטייט דער פאטער, דוד סילבער.



דער בר מצוה בחור לייגט אריין א צעטעלע צווישן די שטיינער פון כותל מערבי.

**און מער ווי אַלץ האָב איך זיי אָפּגעגעבן אַ גרוס פון מיינע אַמאָליגע חדרים און מלמדים וועלכע האָבן איינגעוואָרצלט אין זייערע תלמידים אַזאַ אומגעהויערע ליבע צו אידישקייט, צו אידן און צו ציון.**

**צי די סאַבראַס האָבן מיר פאַרשטאַנען יענעם שבת בין איך נאָך עד היום ניט זיכער. איך האָב אָבער דאַן מתפלל געווען אין ירושלים און בין מתפלל אויך היינט צום רבונו של עולם אַז מיינע קינדער און אייניקלעך זאָלן אויף שטענדיג געדענקען אַז זיי טראָגן אין זיך אַ שטיק ירושה פון מיינע חדרים און מיינע מלמדים אין אָרסטראָווע.**

●

הזמנה

הנכם מוזמנים להשתתף בשמחת
חגיגת הבר-מצוה
של נכדנו ארי' יצחק
בן גיטל ודוד סילבר
ביום שבת קודש, י"א מנחם-אב, תשל"ב
(שבת, דעם 22-טן יולי, 1972)
בשעה 8 בבוקר
בבית הכנסת זכרון קדושים
ע"ש בילה ויעקב הופמן
מעוז אביב - תל אביב
נשמח לראותכם בין המשתתפים בשמחתנו.

בכבוד רב וב'ב ציון,
משפחות הופמן - סילבר

הכתובת לטלגרמות:
יעקב הופמן
מלון דן, תל אביב, ישראל

INVITATION

You are most cordially invited to attend the BAR-MITZVAH CELEBRATION of
our Grandson LARRY SILBER
son of Gitl and David Silber

Saturday, July 22nd, 1972
8:00 A. M.

In the Zichron Kedoshim Synagogue
(Sponsored by Bella and Jacob Hoffman)
Maoz Aviv - Tel Aviv

We will be most happy to have you join us at our simcha.

With Zion's Greetings,
The Hoffman- Silber Families

Address: Jacob Hoffman
Dan Hotel
Tel Aviv, Israel

די איינלאַדונג צו דער בר־מצוה פון ארי׳ יצחק (לארי) סילבער, אייניקל פון מחבר פון די מעמוארן, יעקב האפמאן, וואס איז געפראוועט געווארן אין ארץ ישראל, פריער ביים כותל מערבי און שבת אין דער „זכרון קדושים״ שוהל אין מעוז אביב וואס מר. און מרס. האפמאן האבן געגרינדעט.



טאטע און זון, דוד און ארי׳ יצחק, איידים און אייניקל פון יעקב האפמאן, זיינען מתפלל ביים כותל מערבי.

# קאפיטל 4
## מיינע ערשטע אייגן־פארדינטע געלט

צו־פרי און צו יונג האָב איך זיך אַליין פאַרטריבן פון טאַטע־מאַמע׳ס טיש און בין אַוועק ווערן אַ פאַרדינער פאַר־זיך.

דער טאַטע וואָלט אַוודאי געוועזן מער צופרידן ווען איך גיי ווייטער אין חדר און ווער אפשר מיט דער צייט אַ ישיבה־בחור, אָבער ער האָט איינגעזען אַז זיין מיזיניק האָט ניט קיין געדולט צו די מלמדים און עס ציט אים אין דער גרויסער וועלט אַריין. נו, וואָס פאַראַ מלאכה לערנט מען אַ יונגן אינגל וואָס איז ערשט בר־מצוה געוואָרן ?.. מען מאַכט אים פאַר אַ רימאַזש, אָדער אַ רימער, דאָס הייסט אַ בעל מלאכה וואָס קען אויסאַרבעטן אַ געשפאַן פאַר אַ פערד און וואָגן, אַ כאָמעט, לייצעס, אַ רימענעם צודעק, אַ זאָטל, און פאַרשידענע אַנדערע רימענע „תכשיטים" וואָס זיינען נויטיג פאַר אַ פערד־און־וואָגן.

אין יענע צייטן איז ניט געווען קיין אַנדער טראַנספּאָרטאַציע־מיטל אויסער׳ן פערד־און־וואָגן, און די רימענע מכשירים פאַר פויערים און בעלי עגלות זיינען געווען אַזוי נויטיג ווי היינט, לאָמיר זאָגן אַ רעדל צו קירעווען דעם אויטאָמאָביל אָדער גאָר „ברעיקס" אויף אָפּצושטעלן אים. אָן דעם צי מיט די לייצעס וועט דער פערד ניט וויסן ווען צו גיין און ווען אָפּצושטעלן זיך.

איין ברודער מיינער, לייזער בער, איז שוין געווען אַ רימאזש אין זעמבראווע, איז זאָל זיין נאָך אַ רימאזש אין דער משפחה. דערצו נאָך איז רימעריי־אַרבעט געווען אין גאָר נאָהנטער מחותנ׳שאַפט מיט קצבות, מיין טאַטנ׳ס מלאכה, ווייל דער קצב פלעגט פאַרקויפן די פעל פון די געשאָכטענע בהמות צו פעל־הענדלער און שפּעטער פלעגן זיי־דורך די גאַרבארניעס אין זאַבלודאָווקע — אָנקומען צום רימאַזש.

מיין ערשטער „רבי" ביי וועמען איך בין געוואָרן אַ „געזעל" אין זיין רימאַזש־וואַרשטאַט, איז געווען מיינער אַ צווייטער קאָזין אין

אסטראווע גופא. זיין נאָמען האָב איך שוין ליידער פאַרגעסן נאָך אַ קיימא־לן פון עטליכע און זעכציג יאָר, אָבער איך געדענק אַז ער איז געווען אַ הויכער און אַ געזונטער מאַן. אויסער דעם זיינען מיר אויך געווען שטיקלעך מחותנים, ווייל זיין אינגסטע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט מיין עלטסטער שוועסטער׳ס אינגסטן זון פון זעמבראווע.

ער איז געווען אַ מייסטער אין זיין פאַך, און האָט מיר, אַזוי צו זאָגן, געוויזן דעם שניט פון דער מלאכה. ער פלעגט מיר אַלעמאָל זאָגן אַז אַ גוט שטיקל אַרבעט איז אַ פאַרגעניגן פאַר׳ן בעל מלאכה, אויסער׳ן פאַרדינען פון דעם אויף דער חיונה. ער פלעגט זיך שפּיגלען אין זיינע רימענע „קונסט־ווערק״ וואָס זיינען געווען אַ שם דבר אויף די יאַרידן אין די אַרומיגע שטעטלעך.

צווישן די גרויזאַמע גרוסן וואָס איך האָב אָפּגענומען פון געראַטעוועטע לאַנדסלייט נאָך דער מלחמה, האָב איך אויך אָפּגענומען אַ זייער טראַגישן גרוס פון מיין ערשטן באַלעבאָס. אין היטלער׳ס חורבן איז ער אַנטלאָפן טיף אין רוסלאַנד מיט זיין אינגסטער טאָכטער און איידים און צוויי אייניקלעך. אַזוי ווי דער הונגער איז געווען גרויס, איז ער איין מאָל ביינאַכט אַרויס אין פעלד אָנקלייבן אַ פּאָר קאַרטאָפל פאַר די אייניקלעך, און אַ גוי האָט אים געכאַפּט ביי דער „גניבה״ און אים דער׳הרג׳עט אויפ׳ן אָרט. די טאָכטער מיט די אייניקלעך זיינען שפּעטער אויסגעגאַנגען פון הונגער.

סך הכל בין איך דאַן געווען דרייצן יאָר אַלט, אָבער מיין וואַנדער־וועג יענעם יאָר פון שטעטל צו שטעטל איז געווען אַ „ויסעו־ויחנו״ וואָס האָט זיך געצויגן איבער בראָק, טשיזשעווע, פולטוסק, מלאַווע, לאמזשע און סטוטשין, וואו איך האָב אין טאָג פון תשעה באב 1914 בייגעוואוינט די יללות פון אידן אויפ׳ן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מיין אומגעדולט האָט מיר ניט געלאָזט איינזיצן צו־לאַנג ביים רימאַזש אין אסטראווע. כ׳האָב געמיינט מי־יודע, ווער ווייסט וואָס פאַראַ וואונדערליכע וועלט ס׳איז אביסל ווייטער פון אסטראווע. בין איך אַוועק קיין בראָק, אַ 10 וויארסט פון דער היים, און האָב גלייך אויסגעפונען אַז ביי לייטן זיינען נאָך פאַראַן גרעסערע בלאָטעס ווי אין אסטראווע.



**יעקב האפמאן** (צענטער) צו 18 יאהר, אויף א בילד וואס איז גענומען געווארן אין לאמזשע צוזאמען מיט צוויי חברים. דער חבר לינקס איז מאיר איסטמאן וועלכער האט עמיגרירט קיין אמעריקע אין דער זעלבער צייט וואס האפמאן, אין די ערשטע צוואנציגער יארן, און זיך באזעצט אין סט. לואיס, מיזורי.

טשיזשעווע איז מיר אויך ניט געפעלן געוואָרן און כ'בין אַוועק קיין פולטוסק וואו מיין נייער באַלעבאָס האָט מיר גענומען אויף אַ יאָריד קיין מלאַווע און איך בין שוין דאָרט פאַרבליבן אַביסל צייט ביי אַן'אַנדער באַלעבאָס.

איך געדענק ווי איך בין פון מלאַווע געקומען אויף פסח אַהיים צו טאַטע־מאַמע און געפרעגט ביים טאַטע'ן די פיר קשיות. דער מאַמע'ס פנים האָט געלויכטן פון פרייד וואָס איר מיזיניק איז ווידער אין דער היים, אָבער דער טאַטע, געדענק איך, איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַראומערטער. ער האָט פסח געדאַוונט ביים עמוד אין דער אַלטער שול און איך בין געשטאַנען ביי זיין זייט אין אים צוגעהאָלפן, אָבער זיין געזיכט איז געווען פאַרזאָרגט, און די אויגן פול מיט שטוינענדע בליקן. שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען וואָס עס האָט אים דאַן געמאַטערט. ער האָט געהאַלטן אַז אין אַזאַ אומרוהיגער צייט דאַרף אַזאַ יונג אינגל ווי איך זיין אין דער היים, אַנשטאָט אַרומוואַנדערן ווי אַ וואַגאַבונד.

חול המועד פסח איז געווען דער סעזאָן ווען באַלעבאַטים פלעגן קומען דינגען „הענט" פאַר אַ יאָר אָדער פאַר אַ „זמן", דאָס הייסט ביז ראש השנה, און איך האָב זיך פאַרדונגען קיין סטוטשין, ניט אַזוי צוליב די געלט, ווי צוליב דער געזעלשאַפט וואָס איך האָב דאָרט געהאָפט צו געפינען. ס'איז דאָרט פאַראַן, האָב איך געהערט, אַ פיינע אידישע יוגנט וואָס איז פאַראינטערעסירט אין ביכער, פאַרלעזונגען, און זיי האָבן אפילו אויך אַ קליין טעאַטער אין וועלכן זיי אַליין שפּילן אמאטאריש.

דעם אמת געזאָגט בין איך אויפ'ן וועג קיין סטוטשין אַריינגעפאָרן אין לאמזשע און געקראָגן חשק צו בלייבן דאָרט. כ'האָב מיר שוין באַלד געהאַט פאַרדונגען צו אַ דאָרטיגן רימאַזש, אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט דער באַלעבאָס חרטה געהאַט. שפּעטער האָב איך אויסגעפונען אַז ער'ט מורא געקראָגן אַז איך זאָל ניט ווערן זיינער אַ קאָנקורענט און אַוועקנעמען זיינע קונים.

סטוטשין איז טאַקע געווען די שיינע שטאָט און מיט דער פיינער אידישער יוגנט וואָס איך האָב געהאָפט צו געפינען. דערצו איז עס אויך געווען אַ שטאָט וואו עס זיינען געשטאַנען קאַזאַצקע אָפיצירן אין שיינע קאַזאַרמעס, און זיי האָבן פאַרברויכט אָן אַ שיעור רימענע אַרטיקלען פאַר זייערע סוסים, אַזוי אַז ס'איז ביי מיר געווען אַ געדאַנק צו עפענען דאָרט מיט דער צייט אַן'אייגענעם וואַרשטאַט.

די יוגנט אין סטוטשין האָט מיר זייער פיין און חבר׳יש אויפגענומען. זיי האָבן מיר געוואָלט אַריינגעמען אין זייער טעאַטער וואו איך האָב געזאָלט זינגען „סאָלאָס״, אָבער מיטאַמאָל איז אַדורך אַ בהלה אין שטאָט – די מלחמה האָט אויסגעבראָכן!... אין רעגירונגס־מאָנאָפּאָל האָט מען צובראָכן אַלע פלעשלעך מיט שנאַפּס, צו פאַרהיטן אַז די קאַזאַצקע אָפיצירן זאָלן זיך ניט אָנשיכור׳ן און פאַרגעסן צו גיין צום פראָנט, און אידן זיינען געלאָפן פון הויז צו הויז מיט דער ביטערער בשורה אויף זייערע ליפּן און מיט שרעק אין האַרצן.

איך האָב גלייך איבערגעלאָזט דעם באַלעבאָס אין סטוטשין, צו־זאַמען מיט די ערשט דערוואָרבענע יונגע חברים און חבר׳טעס, און בין אַוועקגעלאָפן צוריק אַהיים קיין אסטראָווע. עס האָט זיך מיר אין אַזאַ צייט געוואָלט זיין מיט דער אייגענער משפחה, און צו דער זעלבער צייט האָב איך ניט געוואָלט אַז טאַטע־מאַמע זאָלן אַרומגיין און זאָרגן וואו זייער מיזיניק געפינט זיך.

אין אסטראָווע האָב איך געפונען אַ חושך.

דעם טאַטענ׳ס יאַטקע האָב איך געפונען אַ צוגעמאַכטע, אויס מורא פאַר די רוסישע סאָלדאַטן פון דער דערבייאיקער קאָמאַראָווע וועלכע זיינען אַריין אין שטאָט מיט זייערע פערד־און־וועגענער און מיט ביקסן אויף די פּלייצעס.

אַז אַ איד אין אסטראָווע האָט דערזען אַ ביקס איז ער געוואָרן אַ דערציטערטער. די מורא איז געווען ניט נאָר פאַר דעם אומגליק וואָס מלחמה ברענגט־מיט פאַר אַלעמען, נאָר אויך אַז די רוסן זאָלן זיך ניט נעמען צו די אידן באַצייטנס, אויס נקמה פאַר זייער פאַרדאַכט אַז ס׳זיינען דאָ אידן וואָס האָבן געהאָפט אויף אַ מפּלה פון די רוסן און געוואַרט אויפ׳ן אַריינקומען פון די דייטשן. ווען די דייטשן זיינען טאַקע שפּעטער אַריין אין אונזער געגנט, איז זייער באַציאונג צו די אידן געווען אַ בעסערע ווי אונטער די רוסן. זיי האָבן זיך באַצויגן פריינדליך צו דער אידישער באַפעלקערונג און ניט געשלאָגן און ניט געריסן קיין בערד, ווי פריער די רוסן און שפּעטער די פּאָלאַקן.

עס קען גרייליך זיין אַז די זכרונות פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער מלחמה, האָבן געבראַכט דערצו אַז אידן זאָלן אַריינ־געכאַפּט ווערן אין דער בלוטיגער נאַצישער פּאַסקע אין דער צווייטער

וועלט־מלחמה. אידן האָבן געדענקט אָדער געוואוסט אַז די דייטשן האָבן זיך באַצויגן מענשליך צו אידן בעת זייער אַריינקומען אין די אידישע שטעטלעך אין דער ערשטער מלחמה. ווען האָט עס געקענט קומען אויפ׳ן געדאַנק אַז אין צווישן די מלחמות איז דער דייטש געוואָרן אַזוי „ציוויליזירט״ אַז ער׳ט מיט זיין רציחה און בלוט־דורשטיקייט איבער־שטייגן די רוסן מיט די פּאָלאַקן צוזאַמען?...

דערווייל זיינען נאָך אָבער די רוסישע פּאָלאַקן געשטאַנען אין קאַמאַראָווע פונוואַנען זיי האָבן זיך אויסגעשפּרייט אין אַלע אַרומיגע שטעט און שטעטלעך, גרייט צו באַגעגענען דעם דייטש. ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוואוינט צו די צרות און אידן האָבן ווידער אָנגעפאַנגען אַרבעטן און האַנדלען, און טאַקע אויך פאַרדינט ביים צושטעלן פּראָוויאַנט צו די קאַזאַרמעס.

און דאַן, אונטער יענע טראַגישע אומשטענדן, האָב איך געמאַכט מיין „דעביו״ אַלס אומהאָפּהענגיגער געשעפטסמאַן, ווי מען רופט עס היינט. איך בין געווען אינגאַנצן 14 און אַ האַלב יאָר אַלט, אָבער איך האָב דערזען אַ גאָלדענע געלעגנהייט וואָס טאָר ניט אַדורכגעלאָזט ווערן.

די רוסישע סאָלדאַטן הינטער׳ן שטאָט האָבן געשלאַכטעט בהמות פאַר דער אכילה און איבערגעלאָזט די פעל אויף הפקר אויפ׳ן פעלד. ווי יונג איך בין געווען, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און בין אַרויס הינטער׳ן שטאָט און געמאַכט מיט די סאָלדאַטן אַ געשעפט. אַ רובל אַ פעל. די סאָלדאַטן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין מיין אָנבאָט ווי אין אַ ווילדער מציאה, און עס האָט ניט גענומען לאַנג און איך בין געוואָרן פון די גרעסטע פעל־הענדלער אין אסטראָווע. דער טאַטע וועלכער האָט אַלס קצב געהאַט צו טאָן מיט די פעל־סוחרים, האָט מיר אויסגעלערנט ווי צו האַנדלען מיט פעל. מען דאַרף די פעל אָפּוועגן און בעטן אַ פּרייז לויט דער וואָג. פאַר אַ פעל וואָס האָט מיר געקאָסט אַ רובל, פלעג איך נעמען ביז אַרום 10 רובל, אַ שיינער ריוח אין אַלע צייטן, באַזונדערס דאַן ווען אידן האָבן געקליבן אַ רובל צו אַ רובל און געוואָרפן בליקן אויף ווייטע לענדער, דער עיקר אויף אַמעריקע.

ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיך אָפּגערוקט פון אסטראָווע און אַוועק קיין זעמבראָווע, בין איך איר נאָכגעגאַנגען מיט מיינע מסחרים און געעפנט דאָרט מיינעם אַנ׳אייגענעם וואַרשטאַט אַלס רימאַזש.

איך האָב יענע פאַר יאָר גאַנץ פיין פאַרדינט און געטרוימט פון דעם טאָג ווען איך וועל אָנקומען אין דער אַמעריקע פונוואַנען מיין טאַטע איז אַנטלאָפן. איך האָב געהאַנדלט מיט די סאָלדאַטן ביים אויפקלייבן די פעל און שפּעטער געהאַנדלט מיט די פעל־סוחרים און מיט די גארבארניעס לעבן ביאַליסטאָק צו וועלכע איך בין שוין צוגעקומען אַליין, אָן דער פאַרמיטלונג פון די פעל־סוחרים.

פאַרדינט האָב איך, אָבער צופרידן בין איך ניט געוועזן. עס האָט זיך מיר געבענקט נאָר אַ גייסטיגער אויסלעבונג, נאָך עפּעס מער און העכערס ווי בלויז געלט. נאָך אַלעמען האָב איך דאָך געלערנט אין חדר אַז אויף ברויט אַליין קען אַ מענש ניט לעבן. איך האָב אויך געבענקט נאָך חברים מיט וועמען צו טיילן זיך מיט די אנגסטן פון דער צייט, מיט דער שרעק פאַר׳ן מאָרגן, און אויך מיט דער בענקשאַפט נאָך ציון וואָס האָט דאַן פאַרכאַפּט גרויסע טיילן פון דער אידישער יוגנט.

פון איין זייט האָט געלאקט דאָס גאָלד פון אַמעריקע, די גליקן וואָס מענשן האָבן געשריבן פון ניו יאָרק און פון שיקאַגאָ.

אָבער פון דער אַנדער זייט האָט זיך אין מיר שוין דאַן אויפגעוועקט אַ וואַרים געפיל פאַר ארץ ישראל, פאַר דער אייגענער אידישער לאַנד פון וועלכער בחורים און מיידלעך האָבן געזונגען אַזעלכע פאַרבענקטע לידער.

מיט אָט די געמישטע געפילן בין איך אָנגעקומען צו מיין לעצטער סטאַנציע צווישן די היימישע שטעטלעך, אַ אידיש שטעטל מיט׳ן נאָמען רוטקע, אַ 15 וויארסט פון זעמבראַווע.

אין רוטקע האָב איך געזען ווי טראצקי איז אַריינגעפאָרן אין שטאָט אויף אַ ווייסן פערד.

אין רוטקע האָב איך געקראָגן אויסגעזידלט פון רב פון שטאָט פאַר אָרגאַניזירן צוזאַמענקונפטן פון יוגנט אויף וועלכע מען פלעגט דעקלאַמירן העברעאישע לידער און דיסקוטירן אידישע פּאָליטיק.

און דורך דער צייט פון מיין וואוינען אין רוטקע האָב איך געהאַט אַ באַגעגעניש וואָס האָט געשפּילט די גרעסטע ראָליע אין מיין גאַנצן לעבן, און האָט מיר באַגלייט אויף אַלע מיינע שפּעטערע דערפאַרונגען און איבערלעבענישן.



**א געראטעוועטע טאכטער און איידים פון יעקב האפמאנ׳ס אומגעבראכטן „רבי״ אין רימאזש-פאך, מיט זייערע קינדערלעך.**
דער אינגעלע לינקס, זאב, איז היינט א הויכער אפיציר וואס טראנירט סאלדאטן אין דער ישראל-ארמײ.

# קאפיטל 5

## מיט אידישער יוגענד אין א קליין שטעדטל

ווען איך האָב אויף מיין יוגענטליכן וואַנדער־וועג אָנגעשפּאַרט קיין רוטקע, אַ קליין שטעדטל, עטליכע און פערציג וויאָרסט פון אסטראַווע, בין איך שוין געווען אַ בחור פון אַ יאהר 15 און אויך אַ גאַנצער פאַרדינער פון מיינע געשעפטן, פריער מיט די רוסישע סאָלדאַטן און אַזוי אויך שפּעטער אונטער די דייטשן אַלס אַ רימאַזש.

זינט אלול־צייט 1915 האָבן די דייטשן אָקופּירט דעם גאַנצן געגענד, נאָכדעם ווי די רוסן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס גאַנץ קנאַפּע העלדן אויפ׳ן שלאַכטפעלד און זיינען פאַריאָגט געוואָרן אַזש פון מזרח־פּרייסן וואו זיי האָבן אָנגעשפּאַרט די ערשטע צייט פון דער מלחמה. די רוסן האָבן דאַן באַשולדיגט אינערליכע שפּיאָנען אין דער מפּלה פון זייערע אַרמייען, און צווישן די וואָס זיי האָבן געהאנגען אלס אַ שפּיאָן איז אויך געווען זייער וואַרשעווער גובערנאַטאָר וועלכער איז געהאַט געווען פריער גובערנאַטאָר אין לאָמזשע, די גרויסע שטאָדט אַמנאָהנטסטן צו אסטראַווע.

רוטקע איז געווען אַ סך קלענער פון אסטראַווע, אָבער זי האָט געהאַט גרעסערע מערק צו וועלכע עס פלעגן קומען מאַסן גויים און סוחרים. אין רוטקע האָב איך שוין ניט „געאַרבייט ביי יענעם" נאָר געוואָרן אַ באַלעבאָס פאַר־זיך מיט אַנ׳אייגענעם רימאַזש־וואַרשטאַט און מיט אַ געדונגענעם אַרבייטער דערצו. איך האָב געדונגען אַ דירה איבער דער אייזן־קראָם און איינגעאָרדענט דאָרט אַ וואַרשטאַט וואָס האָט גאַנץ גיך געקראָגן אַ שם ביי אלע פּריצים פון אַרום. זיי פלעגן מיר אָפט אויך לאַדן צו זיך אין זייערע „הויפן" צו פאַרריכטן זייערע רימענע פערד־און וואָגן מכשירים, און גאַנץ אָפט פלעגן זיי מיר באַצאָלן מיט תבואה אַנשטאָדט מזומן, אַזוי אַז איך בין שוין אויך געוואָרן אַ תבואה־סוחר, אין צוגאָב צו די רימעריי.

אָבער וואָס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון פון יענער צייט איז ניט די פאַרדינסטן פון געלט, נאָר דאָס געזעלשאַפטליכע לעבן, די חבר׳שאַפטן וואָס איך האָב דאָרט פאַרקניפּט און די קולטורעלע אויסלעבונג וואָס איך האָב דאָרט געפונען אין די ראַמען פון די „צעירי ציון״, די יוגענד־אָפּטיילונג פון די פּועלי ציון. אין יענע צייטן איז אין אונזערע קליינע שטעדטלעך ניט געווען קיין אַנדער קרייז אָדער ריכטונג פאַר ציוניסטיש׳ער אַרבייט אויסער די סאָציאַליסטיש־געריכטעטע פּועלי ציון וועלכע זיינען געווען די פאָרגייער פון דער היינטיגער מפא״י מיט אַלע אירע אָפּגעשפּאָלטענע שפּליטערלעך. איך בין אויך דאַן אין די „צעירי ציון״ פאַרבליבן אַ געטרייער אָפּהיטער פון אידישקייט, ווי מיין טאַטע האָט מיר געלערנט אין אסטראווע, אָבער פאַר מיין ציוניסטישער שטרעבונג און מיין ליבע פאַר ארץ ישראל האָב איך געפונען די „צעירי ציון״ די איינציגע אין שטעדטל.

מיר האָבן געדונגען אַ גרויסן זאַל אויף צונויפקומען זיך צו אַ פאָרלעזונג, צו אַ דיסקוסיע, און גאַנץ אָפט פלעגן מיר אויך לאַדן אַ גאַסט פון אַן׳אַנדער שטאָדט, פון וואַרשע אָדער פון לאָמזשע. איך געדענק ווי צווישן די געסט איז איין מאָל געווען דער פאַרשטאָרבענער בורשטיין ע״ה, שפּעטער סעקרעטאַר פון „פאַרבאַנד״ אין אַמעריקע.

כאָטש איך בין געווען אַ רימאזש, אַ געוויינליכער בעל מלאכה, האָט זיך די אינטעליגענץ פון רוטקע זעהר גערן גע׳חבר׳ט מיט מיר און געזוכט מיין געזעלשאַפט. איך שרייב עס צו ניט צו מיין חכמה וואָס איך האָב ליידער דאַן געהאַט זעהר ווייניג, און האָב אויך היינט ווייט פון צו־פיל, נאָר גיכער צום חוש פון נגינה וואָס איך האָב איבערגענומען פון מיין טאַטע׳ן, יצחק חזן דער קצב. איך האָב ליב געהאַט צו זינגען אַליין און האָב געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ כאָר מיט׳ן נאָמען „הזמיר״ וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ היבשן רעפּערטואר פון העברעאישע און חלוצ׳ישע לידער.

דער אָרגאַניסט פון דעם רוטקער קלויסטער האָט מיר פאַרקויפט אַן׳אַלטע פּיאַנא, און אויף איינער פון מיינע רייזעס אין וואַרשע האב איך זיך איינגעשאַפט אַ פידל, אַזוי אַז איך האָב שוין באַלד געהאַט אַ גאַנצן אָרקעסטער. שפּילן פּיאַנא און פידל האָב איך זיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין, און אויף די אָווענטן וואָס די יוגענד האָט איינגעאָרדענט



**די טרופע וואס האט געשפילט גאלדפאדענס „חאשע די יתומה״.**
פון רעכטס צו לינקס: די 2 שוועסטער און ברודער איסטמאן, עני, יעקב האפמאן און ביילע.

בין איך געווען צווישן די הויפּט־מחותנים און „ענטערטעינערס״.

איין מאָל אַ שבת פּאַרנאַכט איז זיך די יוגענד צוזאַמענגעקומען אין דעם אייגענעם זאַל צו גרייטן דעם טיש פאַר אַ שבת צו־נאַכט׳יגער פייערונג. אויפ׳ן טיש איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אַ שיינער כיבוד און צובייס, קיכלעך, הערינג, זעלצער, סיעמעטשקעס און ענליכעס. מיטאמאָל איז אריינגעקומען דער רב פון רוטקע, הרב ר׳ יצחק אריה הירשפעלד, מיט זיין שיינער בלאָנדער באָרד, און האט אויף אונז אָנגעשריען „שקצים וואָס איר זייט״. אין טומעל וואס איז אַנטשטאַנען איז די טישטוך מיט די הערינג און אלע אנדערע גוטע זאַכן ארונטער־געשלעפּט געווארן אויפ׳ן דיל.

געהייסן האט עס אַז ער איז געווען ברוגז צוליב אונזער חילול שבת, כאָטש איין ג־ט אין הימל ווייסט אז מיר האבן ניט מחלל שבת געווען, אַלענפאַלס פיל ווייניגער ווי די היינטיגע שטרענג־כשר׳ע אדער גלאַטע קעיטערערס וואס פאַנגען אָן שבת בייטאָג צוצוגרייטן זייערע שבת־נאַכט׳יגע חתונות. אין דער אמת׳ן איז דער ברוגז געווען ניט אזוי צוליב חילול שבת ווי צוליב אונזער ציוניזם, צוליב אונזער קאָכן זיך מיט ארץ ישראל און אונזערע פלענער צו פאָרן אַליין אַהין און העלפן בויען דאָס אידישע היימלאַנד.

קוקנדיג היינט אין רעטראספּעקט אויף יענעם אינצידענט מיט 60 יאהר צוריק, פארשטיי איך זייער גוט די האַנדלונג פון דעם באַליבטן רוטקער רב וועלכער האט געטיילט דעם זעלבן שטאַנדפּונקט וואס פילע אנדערע גרויסע רבנים פון יענער צייט און האט זיך באַצויגן מיט גרויס פאַרדאַכט צום ציוניזם און צו די וואס זיינען „פאַרכאַפּט״ געווארן פון דער ציוניסטישער אידעע.

(הרב הירשפעלד, דער רוטקער רב זצ״ל איז יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט פון דער „ציכאָטקע״־קראַנקייט. עס זיינען פון אים געבליבן פינף קינדער פון וועלכע פיר זיינען אין אמעריקע און איין טאכטער איז אין ארץ ישראל. פון די וואס געפינען זיך אין אמעריקע איז איין זון א שוחט אין מאנטרעאל, א צווייטער איז א רב אין שיקאגא, און דער דריטער וואוינט אין ניו־יארק, א געוועזענער תלמיד פון לאמזשער ראש ישיבה הרב ר׳ יחיאל מרדכי גארדאן זצ״ל און פון הרב הגאון ר׳ שמעון שקאפ זצ״ל פון גראדנע. פאר זיין ריטייערן איז

ער געווען א גמרא־לעהרער אין דער ישיבה אָף פלעטבוש. די טאכטער וואס וואוינט אין אמעריקע, מרס. בתיה ביאלי, איז א פיינע מלומדת און א זייער אינטעליגענטע פרוי).

יעדעס מאָל ווען איך קום קיין ישראל און טרעף דאָרט רוטקער לאַנדסלייט, דערמאָנען מיר זיך פון יענעם „שקצים וואס איר זייט" און אַז די שקצים וואָס זיינען אַוועק דאַן באַצייטענס קיין ישראל אַלס חלוצים זיינען געבליבן לעבן און טראָגן דעם אָנדענק פון זייער היים־שטאָדט אין האַרצן מיט ליבע און פורכט.

פון מיינע אָפטע רייזעס אין מסחר קיין וואַרשע פלעג איך שטענדיג ברענגען אַ טעאַטער־שטיק וואָס מען האָט דאָרט געשפילט, און חברה יוגענט פלעגט זיך נעמען רעפעטירן און גרייטן צו געבן אַ פאָרשטעלונג. מיר האָבן געשפילט די ביבלישע „עקדת יצחק" און „יוסף מיט די ברידער", אָבער מיר האָבן אויך ניט פאַרזען אַזעלכע טעאַטער־שטיק ווי „חאַשע די יתומה" און „חנ׳טשע אין אמעריקע" פון וועלכע די אידן פון רוטקע און די אַרומיגע שטעדטלעך האָבן אָנגעקוואָלן.

עד היום געדענקט זיך מיר ווי איך האָב אין דער ראָליע פון וולאַדימיר דעם לעבע־יונג און פוסט־און־פּאַסטניק, געפונען חאַשע׳ן ליגן אויף דער ערד נאָך איר איינגעמען סם, צוליב איר פאַרצווייפלונג און פאַרביטערט האַרץ אויף איר מאַן דעם ליידיג־געהער. איך בין צוגעפאַלן צו איר מיט אַ געוויין און חרטה אויף אַלע „שיינע מעשים" און צוגעזאָגט צו זיין גוט און פרום, אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט.

עד היום געדענקט זיך מיר די סצענע ווי חאַשע די יתומה שטעהט מיט אַ הייסן פּרעס־אייזן און זינגט זיך אונטער אַ פאַראורטערטע און אַנ׳אַנטוישטע אַ רוסיש לידעלע „מאַמאַ, מאַמאַ, ניע ווידאַי מניע זאַ מוזש". זי האָט חתונה געהאַט מיט וולאַדימיר׳ן געגן דעם וואונש פון דער מומע׳ן ביי וועמען זי האָט זיך געהאָדעוועט נאָך דער מאַמע׳ס פרי־צייטיגן טויט, און איצט גיסט זי אויס איר ביטער האַרץ פאַר ניט פאָלגן דער מומע׳ן.

אידן פון די ארומיגע שטעדטלעך פלעגן קומען קויפן בילעטן צו אונזערע פאָרשטעלונגען און צו די קאָנצערטן פון „הזמיר", און דאָס געלט פלעגט געהן פאַר ארץ ישראל, פאַר׳ן קרן קיימת וואָס איז ביי אונז דאַן געווען אַ הייליגטום און די בריק איבער וועלכער מיר וועלן מיט דער צייט אַליין אָנקומען אין אידישן היימלאַנד.

צווישן די וואָס האָבן דאַן באַלאַנגט צו אונזער „אַקטיאָרן יוניאָן" אין רוטקע זיינען געווען אַ ברודער און שוועסטער פון דעם היינט־באַקאַנטן חזן און באַאַמטער פון היגן חזנים־פאַרבאַנד, חזן זאב גאָלדבערג, מיט וועמען איך האָב לעצטענס מיטגעאַרבייט ביים איינאָרדענען אַ קאָנצערט פון חזנים־פאַרבאַנד אין ברוקלין דזשואיש סענטער, צום אָנדענק פון מיין ג־טזעליגער פרוי ע"ה.

די בילד־שיינע מיידל וואָס האָט דאַן געשפּילט חאשע די יתומה וועלכע האָט זיך פאַרליבט אין וולאַדימיר'ן, איז היינט אַ באָבע אין אמעריקע, און איך און מיין פרוי פלעגן זיך מיט איר גאַנץ אָפט טרעפן און דערמאַנען אין יענע גליקליכע יונגע יאָרן.

איינע פון אונזערע הויפּט־אַקטיוויטעטן איז געווען אַ בלימעל־טאָג פאַר'ן קרן קיימת, ווען די יוגענד האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין אַ מאַרק־טאָג צווישן די שטעדטל'שע קרעמער און פרעמדע סוחרים און קלאַפּן מיט דער פּושקע פאַר'ן קרן קיימת.

העלפן אויסלייזן דעם באָדן פון ארץ ישראל פון פרעמדע הענט און פאָרן אַהין אַלס חלוצים — דאָס איז געווען אונזער חלום און טרוים אין שטעדטל, אַזוי אונטער די רוסן און דייטשן, און נאָך מער ווען די פּאָלאַקן זיינען אין 1918 אויפגעשטאַנען תחיית המתים און די שטעדטלעך אַרום לאָמזשע, און רוטקע בתוכם, זיינען געוואָרן אַ טייל פון דער נייער פּוילן.

מיר האָבן נאָך דאַמאָלסט ניט געהאַט קיין „הכשרה" אין געגענד, אָבער מיר פלעגן שיקן חברים אויף עטליכע טעג אויפ'ן דאָרף צו אַרבייטן ביי אַ פּויער און זעהן פון דער נאָהנט ווי אַזוי מען באַאַרבייט די ערד און ווי מען גיט זיך אָפּ מיט אַ שטאַל מיט בהמות און מיט עופות־צוכט.

אונטער די פּאָלאַקן האבן די „צעירי ציון" אַגיטירט פאַר דער ציוניסטישער ליסטע צום סיים, און איך געדענק ווי דער גלח פון קאָשציאָל פלעגט שטעהן ביים שטים־קאַסטן און צאָרענען אויף דעם יונגען רימאַזש וואָס האָט געהאַלטן אין איין ברענגען אידן וואָס וועלן אויף זיכער שטימען פאַר די „פּאַלעסטינטשיקעס". אַזוי בין איך אַ גאַנץ יאָהר געווען גוטע פריינד מיט'ן גלח און ער פלעגט מיר גאַנץ אָפט געבן אַרבייט און זיך ניט דינגען איבער'ן פרייז, אָבער אין וואַל־טאָג האָט ער אויף מיר געקוקט ווי איך וואָלט געווען זיין ערגסטער שונא.

מיין נאָהנטע פאַרוואַנדשאַפט מיט די „צעירי ציון״ אין מיין פריער יוגענד אַמאָל אין רוטקע, האָט זיך פון מיר אויך ניט אָפּגעטאָן אויף דער עלטער, און איך בין אַ שטיצער פון דער הסתדרות אין ישראל און אירע קאמפּיינס אין אמעריקע. מער ניט, ווי אַ רעליגיעזער איד קאָנצענטריר איך מיין הילף אויף רעליגיעזע צוועקן, ווי צום ביישפּיל דאָס אויפבויען פון צוויי שוהלן אין שיכונים פון דער הסתדרות, שוהלן וואו אידן קומען דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג, און אויך איך האָב דאָרט שוין געהאַט די געלעגענהייט צו דאַווענען בעת מיינע באַזוכן אין ישראל.

אין 1965 האָב איך אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט מיט דער ניו יאָרקער „ליגע פאַר׳ן אַרבייטענדען אין ישראל״ וואס איז דאַן אָנגעפירט געוואָרן פון ישראל סטאלארסקי, פאַר׳ן אויפבוי פון אַ שוהל אין „מעוז אביב״, אַ שיכון וואו עס וואוינען אויסגעדינטע וועטעראַנען פון צה״ל, פילע פון זיי שוהל־אידן. די שוהל האָב איך אַ נאָמען געגעבן „זכרון קדושים״, צום אנדענק פון די קדושים פון מיינע צוויי אומפאַרגעסליכע היים־שטעדטלעך, אסטראווע און רוטקע. ווי איך האָב שוין דערציילט אין אַ פריער׳דיגען קאַפּיטל, האָב איך אין דער שוהל פון „מעוז אביב״ געפראַוועט די בר מצוה פון מיינס אַנ׳אייניקל, לארי סילבער, שבת נחמו תשל״ב (1972).

אויסער דער אָריגינעלער ביישטייערונג פון אַ באַדייטענדער סומע פאַר׳ן אויפבוי פון דער שוהל, האָב איך און מיין פרוי בייגעשטייערט נאָך 10 טויזנט דאלאר, ספּעציעל פאַר אַנ׳ארון קודש און אַ בימה.

אין יאָהר 1970 האָב איך אונטערגעשריבן אַ צווייטן קאָנטראַקט מיט דער הסתדרות פאַר׳ן אויפבוי פון אַ שוהל אין קרית סיגעל, אַ שיכון אויפ׳ן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון „פאַרבאַנד״ אין ניו־יארק, לואיס סיגעל ע״ה. יהושע לוי איז דאַן געווען טרעזשורער פון דער הסתדרות און ער האָט אויך אָנטייל־גענומען אין דעם חנוכת הבית ווען די שוהל איז פאַרטיג געוואָרן אין 1972.

ווען די היגע פירער פון הסתדרות־קאַמפּיין לאַדן מיר צו זייערס אַ דינער באַשטעה איך דווקא צו האָבן דעם כבוד צו עפענען די פּראָגראַם פון אָוונט מיט מאכן „המוציא״ הויך אויפ׳ן קול. פאַרשטעהט זיך אַז איך בין ניט אויסן דעם כבוד און עס פעלן מיר ניט ברוך השם קיין דינערס מיט כיבודים, נאָר מיין כוונה איז אַז די אידן פון דער הסתדרות,



**ביים חנוכת הבית פון דער שוהל אין קרית סיגעל.** ישראל סטאלארסקי (אויף דער בימה) באגריסט דעם גאסט פון אמעריקע, יעקב האפמאן (צווייטער פון לינקס), פאר זיין און מרס. האפמאנ׳ס דערמעגליכן דאס אויפבויען א שוהל אינעם שיכון וואס טראגט דעם נאמען פון פארשטארבענעם גענעראל-סעקרעטאר פון „פארבאנד״ אין אמעריקע, לואיס סיגעל ע״ה. רעכטס פון מר. האפמאן זיצט יהושע לוי, דאן טעזשורער פון דער הסתדרות.

**ביים דעדיקירן דער בית כנסת אין קרית־סיגאל, ישראל**

פון לינקס צו רעכטס: זאב וויינער, דירעקטאר פון משען; יעקב האפמאן; יהושע לוי, טרעזשורער פון הסתדרות; ישראל סטאלארסקי, אסאש. דירעקטאר, נאציאנאלער קאמיטעט פון ארבעטנדן ישראל; עזריאל ליוויי, פארזיצער, נ. סירקין קלוב; ישראל און מלכה פארטוגאלי, דירעקטארן פראיעקטן דעפארטמענט ביי דער הסתדרות.

די אידן וואָס בויען ארץ ישראל, זאָלן הערן אַז דער רבונו של עולם איז דער וואָס מאַכט אַז די ערד זאָל אַרויסגעבן ברויט און ער איז דער באַלעבאָס פון דער וועלט.

מיין ליבע צו ארץ ישראל וואָס איז אין מיר פאַרבליבן פון מיינע חדר־יאָרן אין אסטראאווע און פון מיין יוגענד אין רוטקע דיקטירט מיר צו העלפן יעדן איינעם וואָס טוט גוטע אַרבייט אין בויען און שטאַרקן דעם ישוב אין ארץ ישראל.

איין מאָל שטעהענדיג אין דער לאָבי פון מיין האָטעל אין ירושלים האָב איך זיך געלאָזט „כאפן" פון אַ פאָרשטעהער פון אַ ישיבה פון ישוב הישן. ער האָט אַודאי געמיינט אַז ער האט דאַ געפונען אַ איד'ן פון אמעריקע אַ שאינו יודע לשאול און ער'ט אים פירן ווייזן ווי אַזוי די בחורים זיצן און לערנען אין בית מדרש פון דער ישיבה און ווי די יונגעלייט פון כולל זיצן יומם ולילה על התורה ועל העבודה.

די ישיבה וועגן וועלכער דאָ רעדט זיך איז די ישיבה בית יוסף צבי, אויפ'ן נאָמען פון רב הכולל ר' יוסף צבי דושינסקי זצ"ל, אַ ישיבה וואָס איז אַ פעסטונג פון די נטורי קרתא און געפינט זיך אויף רחוב שמואל הנביא, ניט ווייט פון אַמאָליגן מאנדעלבוים־טויער.

איך האָב אָבער מיין „כאַפּער" געזאָגט אַז אַלץ וואָס איך וויל זעהן, איז דאס פּלאַץ וואו די תלמידים עסן, די קיך, דעם דיינינג־רום. אַז די תלמידים לערנען דאָרט תורה האָב איך זיך געקענט פאַרלאָזן אויף די ראשי ישיבות.

און מיין פאָרגעפיל האָט מיר ניט אָפּגענאַרט. די קיך איז געווען אַנ'אַלטמאָדישע, דער דיינינג־רום אַנ'אָפּגעלאָזענער, און איך האָב גלייך אויפ'ן אָרט מנדב געווען אַ קיך און אַ דיינינג רום פאַר דער נטורי קרתא ישיבה, און גענומען אַ בילד מיט די טייערע ירושלים'ער קינדערלעך בעת'ן אויפקלאַפּן — ביי אַ שפּעטערן באַזוך — אַ טאַבלעט אויפ'ן וואַנט פון דעם ניי־אויפגעריכטעטן „אולם אוכל".

די הסתדרות, האָב איך פאַרשטאַנען וועט האָבן אַ פיינע קיך און דיינינג־רום אָן מיר אויך, אָבער אויף אַ שיינער שוהל ווייס איך שוין ניט אויף זיכער צי זיי וועלן אויסגעבן די נויטיגע צענדליגער טויזענטער דאלער. האָב איך זיי געהאָלפן אויסבויען צוויי פּראַכטפולע בתי מקדש מעט.

די ישיבה פון די נטורי קרתא, פון דער אַנדער זייט, האָט אודאי אַ פיינעם בית מדרש אָן מיר אויך, ווייל לערנען תורה איז ביי זיי דער עיקר, כי הם חיינו ואורך ימינו. דאָס גשמיות אָבער איז ביי זיי אַ טפל, צווייט־ראנגיג, האָב איך זיי געהאָלפן אויפריכטן אַ מאָדערנע קיך מיט אַ שיינעם דיינינג־רום און זאָלן די קינדערלעך עסן געזונטערהייט און לערנען תורה אויף לאַנגע יאָר.



**מיט קינדערלעך פון ישוב הישן אין ירושלים**
יעקב האפמאן אין צענטער פון א גרופע תלמידים פון דער ישיבה בית יוסף צבי אין ירושלים וואו ער און מרס. האפמאן האבן איינגעריכטעט א נייע קיך און דיינינג־רום. די שריפט אויף דער טאבעלע וואס הענגט אויפ׳ן וואנט לייענט זיך ווי פאלגט: ישיבה בית יוסף צבי, זכרון עולם, אולם אוכל זה נשלם מנדבת הנדיב הדגול מר יעקב ב״ר יצחק הופמן נ״י ורעיתו הח׳ מרתביילא ב״ר צבי דוב תחי׳, צדקתם תעמוד לעד.

די דאָזיגע ליבע מיינע צו ארץ ישראל איז אַ סאָרט קאָמבינאַציע פון דעם אַלטמאָדישן חדר און פון טאַטע־מאַמע׳ס שטוב אין אסטראווע, צוזאַמען מיט מיינע פועלי־ציוניסטישע יאָרן אין רוטקע.

ביידענ׳ס זכרונות זיינען מיר ליב און טייער און איך זוך און געפין זיי ביידען אַלעמאָל אין אונזער אַלט־נייער היימלאַנד.






**די „זכרון קדושים״ שוהל**

די טאבעלע וואס הענגט אויף דער „זכרון קדושים״ שוהל וואס מר. און מרס. האפמאן האבן אויפגעבויט אין מעוז אביב, לעבן תל אביב.

# קאפיטל 6

# אין חנה באשע׳ס קרעטשמע אינמיטן א זאוויערוכע

מיענזשענין איז געווען אַ דאָרף אויפ׳ן וועג פון אסטראוועו קיין ביאַליסטאָק און האָט געדינט ווי אַ צענטער־פונקט פאַר די רוסישע סאָלדאַטן וואָס האָבן זיך דאַן, אין אָנפאַנג 1915, געצויגן צו די דייטשע פראָנט־ליניעס, און אַזוי אויך שפּעטער, אין האַרבסט פון זעלבן יאָהר, אויף צוריק, באַזיגטע, צובלוטיגטע און דערשלאָגענע.

איך בין דאַן ערשט געהאַט געקומען קיין רוטקע, אַ קליין שטעדטל אַ וויאָרסט און אַ האַלב פון מיענזשענין, און האָב אָפט געדונגען בעלי עגלות אויף צו פירן די פעלן וואָס איך פלעג איינקויפן אין זעמבראוועו פאַר מיין רימאַזש־וואָרשטאט וואָס איך האָב געעפענט אין רוטקע און געצויגן פון אים מער ווי געווען. אין וויפיל האָב איך זיך דען געניטיגט דאַן אינגאַנצן ווי אַ 15־יאָריגער בחור?. . .

מלחמה־צייט מאַכט אַ מענש׳ן מער רייף און דערוואַקסן, און די געשעפטן וואָס איך האָב דאַן געפירט רופן ביי מיר היינט אַרויס אַ היבשע איבערראַשונג. עס האָט זיך געניטיגט אַ סך טאַקט, אָדער „דיפּלאָמאַטיע" אויף דער היינטיגער שפּראַך, דורכצוקומען מיט די רוסישע סאָלדאַטן וואָס זיינען געשטאַנען אויף יעדן קרייץ־וועג, שוין ניט ריידענדיג פון די „מתנות" וואָס מען האָט זיי געדאַרפט געבן, און אויב מ׳האָט ניט געגעבן איז געווען ביטער. . . אין דער דאָזיגער הינזיכט איז, אגב, ניט אַריינגעטראָטן קיין ענדערונג אויך שפּעטער ביי די דייטשן און נאָך שפּעטער ביי די פּאָלאַקן ווען די אַרומיגע שטעדטלעך זיינען געווען אונטער זייער קאָנטראָל.

יצחק דער בעל עגלה האָט זיך מיט מיר באַדונגען צו ברענגען מיר אין אַ דאָנערשטאָג פאַרנאַכט צוזאַמען מיט מיין טראַנספּאָרט

אויסגעטריקענטע פעלן פון זעמבראווע קיין מיענזשענין, אַ נסיעה פון אַ 15 וויאָרסט, און פון מיענזשענין פלעגן סוחרים דינגען אַ פויער׳שע פור ביז צו די אַרומיגע שטעדטלעך, ווייל די בעלי עגלות פלעגן פאָרן ווייטער צו די גרעסערע שטעדט, קיין ביאַליסטאָק, לאָמזשע אָדער גאָר וואַרשע.

ס׳איז געווען אין יאַנואַר, אַ פראָסטיגער טאָג, אָבער ווער האָט זיך דאַן געקימערט וועגן קעלט? . . . די וואַרימע וואָליקעס אַריינגערוקט אין די דיקע שטיוול האָבן ניט צוגעלאָזט די קעלט צו די פיס, און אויפ׳ן האַרצן איז געווען וואַרים פון די פאַרדינסטן וואָס יעדע נסיעה האָט געבראַכט און פון די יוגענטליכע חבר׳שאַפטן וואָס איך האָב שוין באַוויזן צו שליסן אין רוטקע.

ס׳איז געווען דאַן אַ צייט אויף וועלכער עס גילט דער ווערטל „אַנ׳אָקס פאַר אַ גראָשן, אָבער דער גראָשען איז ניטאָ״. צוליב דער מלחמה האָט זיך דער מסחר, דאָס הייסט דער לעגאַלער וועג פון מסחר, כמעט ווי אָפּגעשטעלט, און וואו צוויי אידן זיינען געשטאַנען האָט מען גע׳חשבונ׳ט און ספּעקולירט ווער עס וועט געווינען די מלחמה, די רוסן אָדער די דייטשן. יאַנקל דער שמיד און זיין איידים בנימין האָבן זיך געהאַלטן פאַר גרויסע סטראַטעגן און זיך אַלעמאָל געשפּאַרט מיט מיר. אין אַ היציגען מאָמענט פלעגט יאַנקעל אַרויסנעמען אַ שטיקל פּאַפּיר און אויסמאָלן אַ מאַפּע פון אלע פראָנטן. אין שוהל נאָכ׳ן דאַוונען פלעגן זיך אידן אַמפּערן ווער פון די צוויי קעמפּענדע לאַגערן איז שטאַרקער. איינער האָט געזאָגט אַז די רוסן האָבן 14 מיליאָן זעלנער, גענוג לעבענס צו פאַרלירן און דאַן געווינען די מלחמה. אַ צווייטער האָט אָבער אָנגעוויזן אַז דער רוסישער רעזשים איז צופוילט פון אינווייניג און פאָניע וועט דעריבער ניט אויסהאַלטן צו לאַנג.

יצחק דער בעל עגלה איז געזעסן לעבן מיר און אויף דער דלאָניע פון זיין צומאַזאָליעטער האַנט האָט ער אויסגעלייגט פאַר מיר די מאַפּע פון דער גאנצער וועלט, אַריינגערעכנט די דאַרדאַנעלן איבער וועמענ׳ס ראָליע די חכמי ליזשאַנקע האָבן זיך ליב געהאַט צו אַמפּערן. יצחק דער בעל עגלה פלעגט אַ ציי טאָן מיט די לייצעס און אַ געשריי טאָן אויף זיין פערד׳ל, און ווען דער פערד׳ל פלעגט אָנפאַנגען לויפן, פלעגט יצחק אַ ברום טאָן „אָט אזוי וועלן די רוסן לויפן באַלד צוריק״ . . .

אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט און מיר האָבן בײדע ניט באַמערקט וואָס עס געשעהט אַרום אונדז אויפֿ׳ן אָפֿענעם וועג. אַ ווינט האָט אָנגעפֿאַנגען וואָיען און אַ שנײ געמישט מיט האָגל האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אונדזערע קעפּ מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער פֿערד האָט זיך ווי איבער־געשראָקן און ס׳האָט ניט געהאָלפֿן יצחק׳ס נאָכאַנאַנדיגן שמײסן אים מיט דער בײטש און דאָס שרײען אויף אים מיט׳ן גאַנצן באַלעגאַל׳סקען אַרסענאַל. יצחק האָט אַפֿילו פּרובירט אַרונטערגעהן פֿון וואָגן און גלעטן דעם פֿערד און פֿירן אים מיט דער האַנט, אָבער די שנײען, גאַנצע בערג, וואָס זײַנען געלעגן פֿון פֿריער, צוזאַמען מיט די נײַ־געפֿאַלענע ווײַסע קוילן, האָבן פֿאַר אונדז פֿאַרצאַמט דעם וועג און ניט געלאָזט רירן זיך פֿון אָרט.

די נסיעה האָט אונדז גענומען דרײַ מאָל אַזוי לאַנג, און צופֿראָרענע און צונעצטע האָבן מיר זיך דערשלעפּט קײַן מיענזשענין אַרום אײנס אַזײגער בײנאַכט.

— מיר וועלן אָנקלאַפּן בײַ חנה באַשע׳ן. . . אין אירע פֿענסטער זעהט זיך נאָך פֿײַער — האָט מיר יצחק דער בעל עגלה געטרײסט און מיר געהאָלפֿן אַרונטערקריכן פֿון וואָגן. חנה באַשע האָט אין מיענזשענין געהאַט אַ מין קרעטשמע וואו דורכפֿאָרער פֿלעגן זיך דערכאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ הײסע גלאָז טײ, אַ פֿרישינקע אײגען־געבאַקטע בולקעלע, אַ לעבל סאָלדאַטסקע ברויט, און אויב אײנער האָט זוכה געווען האָט ער אויך שטילערהײט געקענט טועם זײַן אַ קעלישעק לחיים און אַ גלעזעלע ביר.

— חנה באַשע, חנה באַשע, דאָס בין איך, יצחק פֿון זעמבראַווע — האָט מײַן בעל עגלה געקלאַפּט אין טיר, אָבער פֿון דער אַנדער זײַט קומט ניט קײַן ענטפֿער.

די זאַווערוכע אין דרויסן האָט זיך צושפּילט נאָכמער. מיר איז שוין געוואָרן אַ צער בעלי חיים אויפֿ׳ן פֿערד׳ל וועלכער איז נאָך געשטאַנען אײַנגעשפּאַנט צום וואָגן און פֿון זײַנע נאָזלעכער האָט געשפּאַרט אַ פּאַרע, ווי ער וואָלט געאָטעמט מיט גרויס אָנשטרענגונג. יצחק האָט אים שוין צוגעדעקט מיט אַ קאָלדרע, צו באַשיצן אים אַביסל פֿון דעם פֿראָסט און שנײ אינ׳ם אָפֿענעם דאָרף, אָבער ער האָט אַלץ שווער געאָטעמט און שטילערהײט אויך געגעבן אַ הירזשע, ווי ער וואָלט געצאָרנט אויף



חנה באשע קופער פון מיענזשעניין, יעקב האפמאנ׳ס שוויגער, מיט איר
אינגסטער טאכטער זעלדע וועלכע איז געקומען קיין אמעריקע אין 1936,
נאך דער מאמע׳ס טויט. זעלדע הייסט היינט מרס. דייווידסאן און זי
וואוינט מיט איר משפחה אויף אושען פארקוויי אין ברוקלין.

זיין באַלעבאָס פאַר צווינגען אים צו שלעפּן זיין וואָגן אין אַזעלכע וועטערן.

אינמיטן דעם אַלעמען, ווען עס האָט ביי מיר געקלאַפּט אַ צאָן צו אַ צאָן פון קעלט און פראָסט, גיט מיר דער בעל עגלה אַ זאָג אַז „איין ג־ט אין הימל ווייסט צי מיר וועלן איבערלעבן די נאַכט . . . האָסט געהערט אַז די ערשטע באָמבע וואָס איז אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן פון די דייטשן אין אסטראווע האָט געטראָפן אויפ׳ן פערד־מאַרק און דריי בעלי עגלות זיינען אויפ׳ן אָרט גע׳הרג׳עט געוואָרן. . . האָסט געהערט? . . . עפּעס אַלע צרות פון דער תוכחה לאָזן זיך אויס אויף אונז בעלי עגלות״ . . .

—חנה באַשע, חנה באַשע... האָב רחמנות... ס׳איז אַ געפערליכער פראָסט און גליטש... האָב רחמנות — האָט דער בעל עגלה ווידער גענומען שרייען און קלאַפּן אין טיר.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ פרויען־שטימע פון אינווייניג —

— אַז דאָרט איז פינסטער, קומט איר אַהער . . .

חנה באַשע האָט אַ פּנים געטראָגן אַ האַרץ אויף מיין בעל עגלה פאַרוואָס ער איז אַ שטענדיגער אַריינפאָרער אין דער צווייטער קרעטשמע אויף דער אַנדער זייט פון בלאָטיגן וועג, נאָר איצט אינמיטן נאַכט ווען „דאָרט״ איז פינסטער, קלאַפּט ער ביי איר אין טיר. די צווייטע קרעטשמע האָט אויך באַלאַנגט צו אַ אידן, איסטמאַן האָט ער געהייסן, און איך בין געוואָרן שפּעטער נאָהנטע חברים מיט זיין זון, מאיר, וועלכער איז אויך געקומען קיין אמעריקע אין זעלבן יאָהר וואָס איך, אין 1921.

אָבער ווי לאַנג קען דאָס האַרץ פון אַזאַ גזלנ׳טע ווי חנה באַשע בלייבן גלייכגילטיג צו צוויי צופראָרענע אידישע וואַנדערער אינמיטן אַ זאַווירוכע? ... האָט זי ענדליך געעפנט די טיר און אונז אַוועקגעזעצט ניט ווייט פון אויווען וואו עס האָט זיך גערויטעלט אַ געבעק ברויט און חלה פאַר די קונים וואָס וועלן קומען מאָרגן, איבערהויפּט פאַר די רוסישע סאָלדאַטן וואָס געהען דאָ אַדורך אויפ׳ן וועג צום פראָנט און די וואָס פאָרן דאָ אַדורך אויף אורלויב אָדער פאַרוואונדעטע אויפ׳ן וועג פון פראָנט אַהיים, און אַלע קוויקן זיך מיט חנה באַשע׳ס ברויט, חלה און בולקעלעך.

ווי נאָר איך האָב איבערגעטראָטן דעם שוועל האָב איך דערפילט אַ וואַרימקייט וואָס איז מיר אַדורך אַלע גלידער. דער קעראָסין־לאָמפּ אויפ׳ן טיש האָט קוים, קוים באַלויכטן חנה באַשע׳ס הויז, אָבער ס׳איז געוואָרן ליכטיג אין די אויגן און וואַרים אויפ׳ן האַרצן, דערזעענדיג אַזאַ טייערע און האַרציגע אידישע מאַמע, אַ פאַרפּילעטע אין מעל און אָנגעטאָן אין אַ הויכן פאַרטוך, ווי זי שטעהט אינמיטן נאַכט און פאַרקנעט אַ טייג נאָך אַ טייג, און ווי איר יונג טעכטער׳ל, אַ יפת תואר מיט לאַנגע לאָקן, העלפט איר אַרויס ביים קנעטן און פלעכטן די חלות און לויפט צו יעדע פּאָר מינוט צום אויוועץ צו זעהן וואו עס האַלט מיט׳ן געבעק וואָס דאַרף שוין באַלד אַרויסגענומען ווערן.

איך האָב אַזאַ וואַרימקייט ניט געפילט זינט די מאַמע מיינע פלעגט מיר האַלטן אויף איר שויס און זינגען אירע שיינע לידעלעך.

איך האָב אַזאַ גוט געפיל ניט געשפּירט זינט דער טאַטע פלעגט מיט מיר ערב די ימים נוראים איינזינגען דעם ,,וכל מאמינים״ און אַנדערע שטיקלעך און דערנאָך געבן מיר אַ פאָטערליכן גלעט אויף מיין רעכטער באַק און זאָגן ,,יאַנקעלע, אַ געזונט זאָל אַריין אין דיר״.

— ביילע, שטעל אַוועק צוויי הייסע גלאָז טיי אויפ׳ן טיש... און דערנאָך שטעל אַוועק עפּעס צו עסן — האָט חנה באַשע אַ זאָג געטאָן צו דער טעכטער׳ל וועלכע האָט אפילו ניט קיין פּינטל געטאָן מיט אַנ׳אויג און אויסגעפאָלגט אַלץ וואָס די מאַמע האָט איר געזאָגט.

איך בין ערשט געוועזן צוויי יאָהר פון חדר און ס׳איז מיר געוועזן פריש די געשיכטע ווי אַזוי רבקה האָט אויסגענומען ביי אליעזר עבד אברהם מיט איר גוט האַרץ און מיט איר אָנבאָטן אָנצוטרינקען ניט נאָר אליעזר׳ן מיט זיינע מענשען, נאָר אויך זיינע קעמלען אינדרויסן. פאַר־שטעהט זיך אַז איך בין נאָך דאַן געוועזן צו יונג צו טראַכטן ערנסט וועגען אַ שידוך, וועגן חתונה, אָבער איך האָב געטראַכט אַז ווען עס וואָלט איצט ניט געוועזן קיין זאַוויערוכע אין דרויסן וואָלט די מיידעלע מיט די שיינע לאָקן אויף זיכער אויך אַרויס אינדרויסן און געגעבן דעם פערד׳ל צו עסן און צו טרינקען.

ווען עס האָט אָנגעפאַנגען טאָגן און ס׳איז געקומען די צייט צו געזע־גענען זיך האָט מיר שטאַרק באַנג געטאָן וואָס די נאַכט איז שוין פאַרשוואונדן. די פרוי וועלכע איז מיט זעקס יאָהר שפּעטער געוואָרן



דער באלעבאס און זיינע געזעלן אין רימאזש־ווארשטאט.

יעקב האפמאן (צענטער) צו 18 יאהר אין זיין רימאזש־ווארשטאט אין רוטקע, צוזאמען מיט צוויי געזעלן, חיים קופער (רעכטס), א אינגערער ברודער פון דער שפעטער׳דיגער מרס. ביילע האפמאן, און אלטער קורפ. די צוויי מיידלעך מיט די ווייסע פארטוכער זיינען ביילע (רעכטס) פון מיענזשעניין און איר חבר׳טע ענע וועלכע זיינען ביידע געווען סארוועררינס אין רוטקער רעסטאראן. ענע איז היינט מרס. ווייסמאן פון קליוולאנד, אהייא, און צווישן איר משפחה מיט די האפמאנס האלט אן די אלטע פריינדשאפט וואס ציט זיך פון די אמאליגע יארן אין רוטקע.

(די פאטאגראפיע איז א רעפראדוקציע פון א קליין בילדעלע וואס איז גענומען געווארן מיט באלד 60 יאהר צוריק).



**די האפמאן משפחה אויף א פאמיליען-שמחה.**
אויפן בילד ווערן געזען יעקב האפמאנ'ס ברידער, אהרן און לייזער
בער און זייערע קינדער.

מיין שוויגער האָט מיר געוואונשן איך זאָל מצליח זיין און מיר אָנגע־זאָגט צו זיין זעהר, זעהר פאָרזיכטיג, און די 12־יאָריגע ביילע מיט די לאַנגע, שיינע לאָקן, האָט מיר אַ האַלב שעמעוו׳דיגע געזאָגט „פאָרט געזונט״.

אָבער פריער זיצענדיג ביים טיש אין מיענזשענין, אין אַ שטורעמ׳־דיגער נאַכט און אין אַ נאָכמער שטורעמ׳דיגער מלחמה־צייט, האָב איך זיך פאַנאַנדערגערעדט מיט חנה באַשע׳ן און אויסגעהערט איר טראַגישע לעבענס־געשיכטע און פאַרוואָס זי האָט אונז ניט געעפענט די טיר אַזוי שנעל אין אַזאַ פראָסטיגער נאַכט.

•

# קאפיטל 7

# א גורל׳פולע נאכט אין מיענזשענין

ווי פריש און לעבעדיק יענע גורל׳פולע נאַכט אין מיענזשענין שטעהט מיר פאַר די אויגן, היינט מיט 61 יאָהר שפּעטער.

אין דרויסן בושעוועט אַ שניי־שטורם וואָס מאַכט אונמעגליך אַרויסצושטעקן דעם נאָז אויף דער אַנדער זייט טיר. ס׳איז אַ נאַכט ווען ס׳איז אַנ׳עבירה אַרויסצולאָזן אפילו אַ הונט אינדרויסן. יצחק דער בעל עגלה האָט אַריינגעפירט דעם פערד־און־וואָגן אין אַ „פּאַוויעטקע" וואָס האָט אַ דעכל פון אויבן און אַ שטיקל טיר וואָס פאַרשטעלט אַביסל פון׳ם בייסיגן ווינט און כליאַפּענדען שניי. ער האָט אויך אַרויסגעטראָגן וואַסער פאַר׳ן סוס און אויך אַריינגעשאָטן אַ היבשע פּאָרציע האָבער אין דער קאָרעטע וואָס ער האָט אַלעמאָל מיטגעפירט.

יצחק דער בעל עגלה האָט געוואוסט אַז נאָך אַזאַ נאַכט ווי די וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט, קומט פריער צו געבן דעם פערד זיין אכילה, און ערשט דערנאָך קומט ער, דער מענש. ער איז ניט געווען קיין למדן, אָבער אין די דינים וואָס אַ בעל עגלה דאַרף וויסן, איז ער געווען אַ בקי.

די 12־יאָריגע טעכטער׳ל חנה באַשע׳ס, ביילע, האָט שוין דערווייל אַרויפגעשטעלט אויפ׳ן טיש פון כל טוב. אויסער די פּאָר הייסע גלעזער טיי אויף אָנצואוואַרימען זיך פון דעם פראָסט, איז דער טיש געווען באַדעקט מיט פריש ברויט, פּוטער און סמעטענע, און פאַרשטעהט זיך אויך אַ גוט שטיקעלע הערינג מיט אַ ציבעלע ביים זייט, און וואָס נאָך קען זיך אַ איד ווינשן נאָך אַרויסגעהן אַ לעבעדיגער פון אַ שטורם אין מלחמה־צייט?...

— ביילינקע, קום מיין קינד... מ׳דאַרף פאַרקנעטן נאָך אַ טייג — האָט חנה באַשע אַ רוף געטאָן דער טאָכטער, נאָכדעם ווי זי האָט פאַרענדיגט גרייטן דעם טיש פאַר די צוויי אומגעריכטע געסט וואָס

זיינען אַריינגעפאַלן אין אַזאַ נאַכט. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין האַנט־זייגער און געזעהן אַז ס׳איז שוין האַלב נאָך צוויי ביינאַכט, און איך האָב זיך ניט געקענט אָנוואונדערן פון דער אַרבייטסזאַמקייט פון דער מאַמע־און־טאָכטער, און צו דער זעלבער צייט איז מיין האַרץ אָנגעפילט געוואָרן מיט באַדויער אויף אַזעלכע צוויי טייערע מענשן וואָס דאַרפן זיך וואַלגערן אין אַ דאָרף מיט גויים און אַרבייטן אַזוי שווער אויף דורכצושטופן זיך מיט דער חיונה.

חנה באַשע פון איר זייט האָט זיך געפילט שלעכט פון דעם וואָס זי האָט אונז ניט געעפענט די טיר גלייך נאָך אונזער ערשטן קלאַפּ. עס האָט איר פאַרדראָסן וואָס זי, אַ גוטע און פרומע אידישע פרוי, זאָל אויף זיך האָבן אַ חשד אַז זי האָט ניט געוואָלט אַריינלאָזן צוויי צופראָרענע אידן וועלכע וואָלטן אַודאי אויסגעגאַנגען פון קעלט. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף דער הילצערנער באַנק וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם ברענענדן אויוועז וואו דאָס לעצטע געבעק האָט געהאַלטן ביי ווערן פאַרטיג, און רייניגענדיג די הענט פון די שטיקלעך צוגעקלעפּטע טייג, האָט זיך פון איר מויל אַרויסגעציקלט אַ מאָנאָלאָג וואָס האָט אָפּגעשפּיגעלט די טראַגעדיע פון אַ סך אידישע היימען אין יענע יאָרן.

... האָט קיין פאַראיבל ניט טייערע מענשן פאַרוואָס איך האָב אייך ניט געוואָלט עפענען די טיר... ס׳איז שפּעט אין דער נאַכט... סאָלדאַטן פאָרן הין און צוריק און איך בין אַליין, אַן׳אלמנה מיט דריי קינדער... מיין מאַן איז געשטאָרבן אין אמעריקע און כ׳האָב אַ זון און אַ טאָכטער אין פילאדעלפיע...

-- אייער מאַן איז געשטאָרבן אין אמעריקע? — האָב איך איר איבערגעפרעגט מיט אַ טאָן פון גרויס מיטגעפיל אין מיין שטימע, ניט קיין געמאַכטן, נאר אַן׳אמת מיטגעפיל וואָס האָט זיך דערוועקט ביי מיר אין האַרצן אויף דער מאַמע׳ן און דער טאָכטער.

חנה באַשע האָט אַפּנים ניט געוואָלט אויסלאָדן איר ביטער האַרץ אין דער אָנוועזנהייט פון ביילע׳ן וועלכע האָט ערשט פאַרענדיגט אַרויסנעמען דאָס לעצטע געבעק פון אויוועז. פאַרוואָס זאָל זי צו צוועלף יאָהר זעהן ווי ביטער ס׳איז דער מאַמע׳ן אויפ׳ן האַרצן?... ביילינקע, האָט איר די מאַמע געזאָגט, ביסט דאָך אַזוי אויסגעמאַטערט, געה שלאָפן מיין קינד... אַ גוטע נאַכט טייערינקע.

ביילע האָט אַ קוק געטאָן אויף די צוויי געסט, ווי זי וואָלט זיך ביי זיי געבעטן צו פועל'ן ביי דער מאַמע'ן זי זאָל איר דערלויבן צו קענען בלייבן און הערן דעם ווייטערן געשפּרעך. מיר האָט זיך געדוכט ווי זי ריכטעט איר בעטענדען קוק צו מיר... אָבער אַמאָליגע יאָרן איז געווען אַנ'אַנדער וועלט און אַ 15־יאָריג בחור האָט ניט געהאַט די חוצפּה וואָס היינטיגע בחורים פון זעלבן עלטער. איך בין געבליבן זיצן אַ פאַר־רויטעלטער אָן אַ צונג, און ביילע האָט אַ מורמעל געטאָן „פאָרט געזונט", געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז אַוועק שלאָפן.

חנה באַשע האָט איר באַגלייט ביז צום הויכן אַלמער וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם שלאָף־צימער פון איבעריגן טייל פון הויז. אויך איך האָב איר באַגלייט מיט מיינע בליקן, און שטיל אין האַרצן האָב איך מתפּלל געווען אַז דאָס זאל ניט זיין דאָס לעצטע מאָל וואָס איך זעה איר.

— נאָך אַ גלאָז טיי? — האָט זיך חנה באַשע דערנענטערט צוריק צו דער הילצערנער באַנק אַנטקעגנאיבער דעם אויוון, און מיט אַ האַלב־געצוואונגען שמייכל אויף איר צוקנייטשט און מיד פּנים האָט זי אַ פרעג געטאָן: „איז וואו האַלטן מיר עס אין אונזער געשיכטע?"..

„...די הויז וואו מיר וואוינען איז, ווי איר זעהט, אַ גאַנץ גרויסע, מיט אַ הויף וואו עס וואַקסן פרוכט־בוימער און מיר האָבן דאָ פאַרדינט אויף פּרנסה ברוך השם, האָבן מיר באַשלאָסן צו קויפן די הויז ביים פויער פון וועמען מיר האָבן זי געדונגען... נו, איז מיין מאַן הערש בער אַוועקגעפאָרן קיין אמעריקע מיט דער האָפנונג צו פאַרדינען גענוג אויף אויסצאָלן די הויז און קומען צוריק, אָבער ג־ט האָט מיר געשטראָפט און ער איז נעבעך אַוועק פון דער וועלט יונגערהייט אין דער ווייטער אמעריקע".

„דערצו נאָך האָב איך מיט מיין מאַן געזאָרגט אַז צוויי מיידלעך וואַקסן אונטער און מ'וועט זיי דאַרפן חתונה מאַכן... ביילינקע'ן האָט איר דאָך אַליין געזעהן וואָס פאַראַ טייער קינד דאָס איז... זי טרעט ניט אָפּ פון מיין זייט... איר מיינט אַז איך רייד ניט ווען זי איז אַרום מיר, פאַרשטעהט זי ניט?... אוי פאַרשטעהט זי... זי פאַרשטעהט שוין צו גוט!... די עלטערע טאָכטער, רבקה, און דער עלטערער זון שלמה זיינען אין פילאַדעלפיע, און איך בין דאָ געבליבן מיט דריי קינדער, מיט ביילקע'ן און מיט חיים'ען און מיט זעלדע'ן... חיים איז אַכט יאָהר אַלט



**באשע מיט אירע יתומים.** דאס בילד האט חנה באשע גענומען נאך איר מאנ׳ס עקפארן קיין אמעריקע אין 1912 און עס אפגעשיקט צו אים קיין פילאדעלפיע. די ער זיינען פון רעכטס צו לינקס; חיים, זעלדע און ביילע, די שפעטער׳דיגע מרס. האפמאן וועלכע איז אויפ׳ן בילד געווען 12 יאהר אלט.

און זעלדע איז אינגאַנצן זעקס יאָהר... טייערינקע קינדערלעך, אָבער יתומים׳לעך אויף ג־ט׳ס גרויסער וועלט״...

„...איך האָף אַז איר וועט באַגרייפן וואָס איך האָב אייך דערציילט... ווי קען אַ פרוי אַן׳אלמנה מיט דריי קינדער, אין אַ דאָרף מיט גויים, אַריינלאָזן מענשן אינמיטן נאַכט?״...

— און איר האָט ניט מורא צו וואוינען דאָ אין דאָרף אַליין מיט די קינדער? — האָב איך איר אַ פרעג געטאָן.

חנה באַשע האָט דערציילט אַז די גויים אין דאָרף קומען אַריין איינקויפן און פילן־מיט אין איר אומגליק וואָס זי איז געוואָרן אַן׳אלמנה. „מיר וואוינען שוין דאָ אין דאָרף אַ סך יאָרן, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר אידישע פאַמיליעס, און אַ דאַנק ג־ט הלואי ווייטער״...

חנה באַשע׳ן איז שפּעטער געווען באַשערט דורכצומאַכן נאָך אַ טראַגעדיע. איר עלטסטע קינד, די טאָכטער רבקה, איז אַוועק פון דער וועלט פון אַ פלו עפּידעמיע אין פילאדעלפיא אין יאָהר 1918, אין בליענדען עלטער, איבערלאָזענדיג צוויי קליינע קינדערלעך, אַ אינגעלע און אַ מיידעלע. די מיידעלע הייסט היינט לעאָנא, איז אַליין אַ באָבע און איז אַ מיליאָנערשע אין מיאַמי ביעטש וואו זי איז אַקטיוו אין טעמפּעל עמנוא־ל.

ס׳איז אָבער ניט געווען באַשערט חנה באַשע׳ן מיט די קינדער צו בלייבן צו־לאַנג אין מיענזשעניִן.

די לאַגע אויפ׳ן פראָנט האָט זיך אַ קער געטאָן צוגונסטן די דייטשן און די רוסן האָבן גענומען שטעלן פּיס אויף צוריק, און אין זייער צוריק־טריט האָבן זיי אומעטום איבערגעלאָזט אַ חורבן, ברענגענדיג צרות און יסורים אויף אידן אין די אידישע שטעדטלעך וועמען זיי האָבן חושד געווען אין סימפּאַטיע מיט׳ן דייטש. וואָס נענטער דער פראָנט איז געוואָרן צו אונזערע שטעדטלעך, אַלץ מסוכנ׳דיגער איז געוואָרן די אידישע לאַגע. יעדן טאָג איז געקומען אַ נייע גזירה אַז אידן מוזן אָפּליידיגן די און די געגענד. אסטראַווע און ביאַליסטאָק זיינען דאַן געוואָרן אָפּשטעל־פּונקטן פאַר די אַרויסגעטריבענע אידן פון די שטעדטלעך און דערפער.

אין יענער צייט האָט אַ סך געלייסטעט אַ געוועזענער אסטראַוווער רב ר׳ יהודה לייב גאָרדאָן, וועלכער איז געזעסן אויף דער כסא הרבנות



ביילע האפמאן מיט אירע צוויי ברידער, שלמה (רעכטס) און חיים קופער, ניט לאנג נאך איר חתונה מיט יעקב האפמאן אין אמעריקע. ביידע ברידער זיינען געשטארבן אין א פריען עלטער. ביילע איז געשטארבן מיט א קארגן יאהר צוריק, כ״ו שבט תשל״ו, יאנואַר דעם 28־טען, 1976.

פון אסטראווע צווישן 1897 און 1904 ווען ער איז אַוועק קיין סמארגאן און שפּעטער — אין 1913 — קיין לאָמזשע. הרב גארדאן איז געווען אַליין אַ מתנגד און אַ מקורב צום „חפץ חיים״, אָבער ער איז אויך געווען אַ גרויסער ידען אין חסידות און האָט אָנגעשריבן אַ ווערק אויף רוסיש מיט'ן נאָמען „שטא טאַקאָיע חסידות״ (וואָס אַזוינס איז חסידות), אויף צוריקשליידערן די מסירות פון די משכילים אין זיין צייט געגן די חסיד'ישע רביים. ער איז געווען אַ גרויסער מעורב עם הבריות, און ניט קיין אַנדערע ווי דער שאַרפער גערער חסיד ר' בן ציון אסטראווער און ר' בעריש שאפּירא, דער זון פון סלאָנימער גאון ר' אייזל, זיינען געפאָרן קיין אגוסטאוו וואו ער איז געווען רב, צו ברענגען אים קיין אסטראווע. (מער וועגן ר' יהודה לייב גארדאן איז צו געפינען אין דער מאָנאָגראַפיע פון אסטראווער לאַנדסמאַן הרב משה מאיר ישר אין „ספר הזכרון לקהילת אוסטרוב־מזוביצק״).

הרב גארדאן איז געווען אַ קענער פון רוסיש און פון דער רוסישער ליטעראַטור און האָט זיך אויך דורכגעשריבן מיט לעוו טאָלסטאָי וועגן תלמוד און וועגן אידישקייט בכלל, נאָך זיין אַרויסגעבן אויף רוסיש אַ ווערק „שטאָ טאַקאָיע תלמוד״ (וואָס אַזוינס איז תלמוד). זיינע ביכער זיינען שטאַרק באַנוצט געוואָרן פון אַדוואָקאַט גרוזענבערג אין דעם טרויעריג־באַרימטן בייליס פּראָצעס אין קיעוו, אין 1913.

אַ דאַנק דער השתדלות פון הרב גארדאן איז דאַן פאַרמידן געוואָרן אַ גירוש פון אַ סך אידישע שטעדטלעך און דערפער.

מיענזשענין איז אָבער געווען פון די ווייניגער מזל'דיגע ישובים, און ביים צוריקציען זיך פון די רוסן זיינען די פּאָר אידישע הייזער פון דאָרף אונטערגעצונדן געוואָרן, צווישן זיי אויך חנה באַשע'ס קרעטשמע.

חנה באַשע — מיט אירע דריי יתומים — האָט גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און אַוועק פון דאָרף מיט אירע בעבעכעס, אַוואו די אויגן האָבן איר געטראָגן. די פון מיינע־אמעריקאַנער געבוירענע לעזער וואָס האָבן געזעהן אין „פידלער אף דהי רוף״ ווי טעוויע פאַרלאָזט אנאטעווקע, מיט אַ וואָגן איבערפילט מיט קישענס און פּערענעס, קענען זיך פאָרשטעלן אין זייער געדאַנק ווי חנה באַשע און טויזענטער אַנדערע אידישע פאַמיליעס זיינען דאַן אויסגע־

וואָרצעלט געוואָרן פון זייערע היימען און אַוועק זוכן אַ רוהיג ווינקל וואו אַנידערצולייגן די קאָפּ.

ווען איך האָב געהערט די טרויעריגע בשורה וועגן דעם חורבן פון מיענזשענין האָט מיר אַרומגעכאַפּט אַ ווייטאָג פון באַדויער אין האַרצן אויף דעם ביטערן גורל פון דער אַזוי שווער געפּרואווטער חנה באַשע. וואוהין איז זי אַוועק מיט די קינדער?... וועל איך נאָך אַמאָל אויסגעפינען זייער מקום מנוחה?... און וועל איך נאָך ווען עס איז ווידער באַגעגענען די שיינע ביילע מיט די לאַנגע לאָקן און צניעות׳דיג־בא׳חנ׳טן אידישן פּנים?...

●



בעלא מיט איר ברודער שלמה און זייער טאנטע



ביילע פון מיענזשענין, די שפעטער-געווארענע מרס. האפמאן, צוזאמען מיט איר ברודער שלמה קופער, קורץ נאך איר אנקומען קיין אמעריקע אין 1921, ביים קבר פון זייער יונג-פארשטארבענער שוועסטער רבקה וועלכע איז אוועק פון דער וועלט פון א פלו-עפידעמיע אין פילאדעלפיא. די דאטע אויף דער מצבה איז ח׳ חשון, תרע״ט, דאס הייסט, מיט פונקט 58 יאהר צוריק דעם חודש.

# קאפיטל 8

## די רוסן גייען, די דייטשן קומען

די ידיעות פון פראָנט זיינען שוין אַ גאַנצן זומער פון 1915 ניט געווען קיין פריילעכע פאַר די רוסן. די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין צוקלאַפּן איין רוסישע אַרמיי נאָך דער צווייטער, און יעדע פּאָר טעג פלעגן דורך רוטקע און די אַנדערע אַרומיקע שטעדטלעך און דערפער זיך ציען קאַראַוואַנען מיט פאַרוואונדעטע רוסישע סאָלדאַטן, וואָס אַנדערע פון זיי, ווי פאַרוואונדעט זיי זיינען ניט געווען, האָבן זיי געשפיגן מיט גאַליגער האַס צו אידן, פונקט ווי די אידן וואָלטן געווען שולדיג אין זייערע מפּלות.

אין אַ גאָר גרויסער מאָס זיינען די רוסן אונטערגעהעצט געוואָרן פון אונזערע אַלטע גוטע פריינד, די פּאָליאַקן, וועמען ס׳איז געווען באַשערט צו קומען צו דער מאַכט ערשט אין 1918 ווען פוילן איז געוואָרן אַ מלוכה פאַר זיך. איצט האָבן זיך די פּאָליאַקן באַנוגענט דערווייל מיט העצן געגען אידן און אונטערטראָגן מסירות צו די רוסישע גענעראַלן אויף די „אידישע שפּיאָנען״.

מיטאַמאָל איז אַרויס אַ פריקאַז פון די רוסן אַז אַלע זאָלן פאַרלאָזן די שטאָדט, ווייל די דייטשן דערנענטערן זיך צו רוטקע. מיר האָבן ניט געוואוסט צי די רוסן זיינען אַזוי גוט צו אונז און זיי ווילן אונז באַשיצן פון די אָנקומענדע דייטשע אַרמייען, אָדער זיי קלייבן זיך חרוב צו מאַכן די שטעדטל און איבערלאָזן פאַר די דייטשן אַ קופּע אַש, ווי זיי האָבן עס שוין טאַקע געטאָן אין אַ סך אַנדערע פאַלן. אַ באַפעל איז אַ באַפעל, באַזונדערס אין מלחמה־צייט, און ס׳איז געוואָרן אַ פּאַניק און אַ יאָגעניש איינצופּאַקן זיך וואָס גיכער און לויפן.

פון קינדווייז געדענקט זיך מיר ווי אַלע פלעגן אַרויסלויפן אינמיטן נאַכט פון די הייזער ווען ס׳פלעגט אויסברעכן אַ שריפה אין שטעדטל. דער פּאַזשאַר האָט געמעגט זיין אין אַ הייזקע אין עק שטעדטל, אָבער

דאָס גאַנצע שטעדטל פלעגט פאַרפּאַקן די בעבעכעס און אַרויסלויפן פון די הייזער און שטעהן אינדרויסן מיט אויפגעהויבענע אויגן צום הימל־שפּאַרענדען רויך. איצט איז ניט געווען קיין רויך וואָס זאָל שטיקן דעם אָטעם, אָבער די שריפה פון דער וועלט־מלחמה האָט ענדליך געגרייכט רוטקע און אידן האָבן זיך געשלעפּט אויפ׳ן וועג וואָס האָט געפירט קיין ביאַליסטאָק, ווער מיט אַ פערד־און־וואָגן, ווער מיט אַ וועגעלע וואָס מ׳האָט אַליין געדאַרפט שלעפּן און שטופּן, און ווער מיט אַ וואַנדער־זאַק אויפ׳ן פּלייצע און אַ טשעמאַדאַן אין האַנט.

רוסישע סאלדאַטן האָבן זיך געצויגן איבער׳ן שאָסיי צופוס, אָפיצירן האָבן גערייטן אויף פערד, אָבער אַלע זיינען זיי געווען דערשלאָגן און געהאַלטן אין איין פרעגן ,,גדזיע דאָראָגא מיענזשענין״ (וואו איז די וועג קיין מיענזשענין), ווייל פון מיענזשענין האָבן זיך אויסגעטיילט די וועגן קיין לאָמזשע, ביאַליסטאָק און וואַרשע. זיי האָבן געהאַלטן מאַפּעס אין די הענט, אָבער די וועג האָבן זיי ניט געוואוסט. אַנדערע סאָלדאַטן האָבן געזוכט זייער פּאָלק, און אַנדערע האָבן געזוכט צו אַנטלויפן פון זייער פּאָלק. דער אַלגעמיינער איינדרוק פון די רוסישע סאָלדאַטן איז געווען ווי פון שאָף אָן אַ פּאַסטוך. זיי זיינען געלאָפן קיין ביאַליסטאָק און שפּעטער קיין ברעסט־ליטאווסק (בריסק) וואו זייער מפּלה איז פאַרזיגעלט געוואָרן.

יענע נאַכט, אַ וואָך־צוויי פאַר ראש חודש אלול, זיינען רוטקער אידן געשלאָפן אין פעלד אונטער׳ן פרייען הימל. עס רעדט זיך נאָר אזוי ,,געשלאָפן״, ווייל ווער האָט דען געקענט צומאַכן אַנ׳אויג אין אַזאַ הרת־עולם׳דיגער נאַכט ? . . . מען האָט אויסגעשפּרייט די בעבעכעס און אַוועקגעלייגט די קינדער, און אַליין איז מען געזעסן און געזאָגט תהלים אַז מען זאָל איבערלעבן די נאַכט, אָדער מ׳איז געזעסן צונויפגעדרענגט און אויסגע׳חשבונ׳ט וואָס ס׳וועט זיין ווען די דייטשן וועלן אַריינקומען. די מערסטע אידן אין פעלד האָבן זיך ניט געשראָקן פאַר די דייטשן. איין איד האָט געזאָגט ,,זיי וועלן פאַרשטעהן אונזער דייטש און מיר וועלן פאַרשטעהן זייער אידיש״, און אַ צווייטער האָט געזאָגט אַז ,,ערגער ווי פאָניע גנב קענען זיי דאָך ניט זיין״ . . . את חטאי אני מזכיר, איך בין זיך מודה אַז מיר האָט געעגבערט אַ געדאַנק צי מען וועט קענען ,,האַנדלען״ מיט די דייטשן אַזוי ווי מיט די רוסן, צי זיי וועלן ,,לאָזן לעבן

און לעבן אַליין״ אָדער זיי וועלן זיך האַלטן שטרענג ביי׳ם געזעץ און ניט אַדורכלאָזן די מינדעסטע אומרעגעלמעסיקייט.

די נייעס אַז ,,אַ דייטשע ראַזוויעדקע איז שוין אין רוטקע״ איז דורכגעפלויגן גאַנץ פרי אין פעלד, און די שלאָפענדע קינדער זיינען אויפגעוועקט געוואָרן מיט פרייד און מיט אַ דערוואַרטונג צו קענען זיך צוריקקערן אַהיים און באַנייען דעם לעבן אונטער דעם נייעם רעזשים. געווען אַ סך וואָס זיינען געגאַנגען ווייטער, צו ביאַליסטאָק צו, אָבער איך בין געווען צווישן די וואָס האָבן באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך קיין רוטקע. די דייטשן וועלן דאָך אָנקומען אויך קיין ביאַליסטאָק, האָב איך געטראַכט, איז וואָס איז די פעולה פון לויפן ווייטער ? . . . ווידער, איך האָב שוין געהאַט אין רוטקע אַ וואַרשטאַט און אויך געפירט מסחרים וואָס איך האָב ניט געוואָלט לאָזן אויף הפקר.

עס קען אויך זיין אַז אויב איך וואָלט דאַמאָלסט פסיכאָ־אַנאַליזירט געוואָרן, וואָלט דער דאָקטאָר מסתמא אַנטדעקט אין מיין אונטערבאַוואוסטזיין אַ ווילן צו בלייבן נאָהנט לעבן מיענזשעניִן וואו עס האָבן געהאַט געוואוינט חנה באַשע מיט אירע קינדער, און גאָר באַזונדערס איר טאָכטערביילע. כאָטש חנה באַשע׳ס קרעטשמע איז שוין אַוועק מיט׳ן רויך און זי מיט די קינדער זיינען אַוועק פון דאָרף, וואָלט דער פסיכאָ־אַנאַליטיקער מסתמא געפונען ביי מיר אַ טליענדע האָפנונג אַז אפשר, אפשר וועלן זיי פאָרט צוריקקומען אין דאָרף און פּרובירן אָנפאַנגען פונדאָסניי.

קומענדיג צוריק אין רוטקע האָבן מיר געטראָפן צענדליגער וועגענער מיט פאַרוואונדעטע דייטשע סאָלדאַטן. זייערע געשרייען פון די ווייטאָגן האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אונז אַלעמען, און די דייטשע קאָמאַנדע האָט אונז יונגוואַרג מאָביליזירט אַריינצוטראָגן די פאַרוואונדעטע אין שוהל און — להבדיל — אין קאשציאָל. עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָט מען אין שטעדטל געהערט די געוואַלדן וואָס זיינען געקומען פון די פאַרוואונדעטע. שפּעטער האָט מען די לעבן־געבליבענע אַוועקגעפירט אין שפּיטאָלן, און אַ פּאָר צענדליגע טויטע האָט מען אונז באַפוילן צו באַערדיגן אין אַ מאַסן־גרוב. עס כאַפּט מיר נאָך היינט אָן אַ שוידער פון יענער סצענע, ווען די דייטשן האָבן אונז באַפוילן אַריינצוואַרפן זייערע מתים ווי זיי וואָלטן געווען נבלות.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט זיך דאָס לעבן אונטער די דייטשן איינגעשטעלט. אַ סך פון די וואָס זיינען צוליב מורא אַוועק קיין ביאַליסטאָק, זיינען צוריקגעקומען און געעפנט זייערע געוועלבלעך. די דייטשן האָבן ניט געשטערט דעם האַנדעל, אויסער אין געוויסע סחורות אויף וועלכע ס׳איז געווען אַ מאַנגעל, און פאַרשטעהט זיך אַז דווקא דער האַנדעל מיט די דאָזיגע סחורות האָט געבראַכט די בעסטע פּראָפיטן. זייענדיג גוט באַקאַנט מיט די וועגן און שטעגן פון דער גאַנצער געגענד, האָב איך איינגעשטעלט אַ „פריינדליכע באַציאונג״ מיט׳ן קאָמענדאַנט פון דעם דייטשן פּאַטרול אין מיענזשענין וועלכע איז אויך אונטער די דייטשן געווען אַ קרייץ־פּונקט פונוואַנען עס האבן זיך אויסגעשיילט וועגן צו פילע גרעסערע און קלענערע שטעדט און שטעדטלעך. די דייטשע פּאַטרול האָט מיט מיר מיטגעאַרבייט און קיין פרנסה האָט ברוך השם ניט געפעלט.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט די דייטשע פּאַטרולן איז אויך געווען פון גרויס נוצן פאַר אַלע אַנדערע אידן אין רוטקע. ווען עס איז געווען אַ אידישע שמחה אין שטעדטל, פלעג איך איינלאַדן די דייטשע „גוטע פריינד״ צו קומען מאַכן אַ לחיים. ויסענדיג אַז איך בין ניט קיין אָרימער אינגעל פלעגן מיר די דייטשן און זייערע פּוילישע פריינד איינלאַדן אָפּט צו שפּילן מיט זיי אין קאָרטן, און איך האָב זיך באַמיט זעהר אָפּט צו „פאַרלירן״, כאָטש עס זיינען געווען אָוועגטן וואָס איך האָב זיי אַלעמען געקאָנט אויסבייטלען ביז׳ן לעצטן גראָשן.

איין אָוונט, טאַקע נאָך אַזאַ קאָרטן־שפּיל וואו איך האָב געשפּילט טעאַטער און פאַרלוירן אַ היבשע סומע. האָב איך דורכ׳ן פענסטער, ביי דער דאַמען־שניידערין, חיה שרה דעם שמיד׳ס טאָכטער, באַמערקט אַ באַקאַנט פּנים וואָס האָט מיר ניט געלאָזט געהן ווייטער. „דאָס איז דאָך די מיידעלע וואָס איך האָב געטראָפן אין דער זאַוויערוכע־נאַכט אין מיענזשענין״, האָט מיר אויפגעבליצט אין געדאַנק, געהענדיג היין און צוריק פאַרביי דער שניידערינ׳ס הויז און ריידענדיג צו זיך אליין ניט צו פאַרלירן איר מער.

כ׳האָב עטליכע מאָל ארייגעקוקט דורכ׳ן פענסטער, און יאָ, ס׳איז ביילע פון מיענזשענין וועלכע האָט געהאָלפן איר מאַמע׳ן חנה באַשע



יעקב האפמאן און ביילע קופער, די שפעטער׳דיגע מרס. האפמאן, אויף א בילד וואס איז גענומען געווארן אין רוטקע אין יאהר 1919, ווען ער איז געווען 19 יאהר אלט און זי — 16.

קנעטן און באַקן ברויט און חלה שפעט אין דער נאַכט. ס׳איז שוין זינט יענער נאַכט אַדורך באַלד אַ יאָהר און זי איז געוואָרן מיט אַ יאָהר עלטער און שענער, האָב איך זיך צוגעהערט, צו מיינע אייגענע געדאַנקען וואָס האָבן מיר ווי אינגאַנצן איבערוועלטיגט.

יענעם אָווענט האָב איך אויסגעפונען אז חנה באַשע מיט די קינדער איז צוריקגעקומען פון ביאַליסטאָק און זיך אַריינגעצויגן אין רוטקע וואו זי האָט זיך דערנערט פון געהן מיט נאָך אַ פרוי איינקויפן אין די דערפער אייער און פוטער און אַנדערע פראָדוקטן און עס דערנאָך פאַרקויפן מיט אַ פאַרדינסט. חנה באַשע איז געווען אַ שטאָלצע פרוי און האָט ניט געוואָלט אָנקומען צו קצבה צוליב איר אַלמנה׳שאַפט מיט דריי יתומים. זי האָט געהאוועט און געשמאַיעט, געגאַנגען איבער די דערפער און שפּעטער צו די הייזער פון די באַלעבאָסטעס, און געשפּייזט איר משפּחה מיט דאָס בעסטע וואָס זי האָט געקענט באַווייזן און מיט דער ליבע וואָס נאָר אַזאַ אידישע מאַמע ווי חנה באַשע האָט פאַרמאָגט.

איך האָב געדאַרפט אָנקומען צו פאַרשיידענע אומוועגן ווי אַזוי אַריינצוברענגען צו חנה באַשע׳ן אין הויז אַביסל מער שפּייז און אויך קליידער. אַ סך מאָל האָט חנה באַשע ניט געטאָרט וויסן אַז די זאַכן קומען פון מיר, כאָטש כ׳האָב געהאַט באַמערקט אַז זי האָט שוין אַנ׳אויג אויף מיר ווי אויף אַ צוקונפטיגן איידים. זי פלעגט ביי מיר אָפּט אַ פרעג טאָן ווי אַזוי עס געהט מיר אין וואַרשטאַט און אין האַנדעל, און דערביי פלעגט זי מיר געבן אַ מוטערליכע וואָרנונג צו זיין פאָרזיכטיג. „געדענק יאַנקל... ס׳איז איצט אַ געפערליכע צייט און מען קען קיינעם ניט טרויען״... האָט זי מיר ניט זעלטן געגעבן אַנ׳עצה וואָס איז געווען זעהר ריכטיג און זעהר פּראַקטיש.

כדי אַרויסצוהעלפן חנה באַשע׳ן אויף אַנ׳אומדירעקטן וועג, האָב איך אַריינגענומען פאַר אַ געזעל אין מיין וואַרשטאַט איר אינגסטן זון, חיים, וועלכער איז געווען אַ יאָהר עלף, און אים באַלוינט דורך דער צייט וואָס ער האָט זיך געלערנט דאָס פאַך פון א רימאַזש.

ביילע אַליין האָט געאַרבייט ווי אַ סאַרווערין (וועיטערין) אין אַ רעסטאָראַן און אַרויסגעהאָלפן מיט דער פרנסה אין הויז.

„חנה באַשע, איר געדענקט יענע נאַכט ווען איר׳ט מיר און מיין בעל עגלה ניט אַריינגעלאָזט אין אייער קרעטשמע?״, האָב איך איר איין מאָל אַ פרעג געטאָן גוטמוטיגערהייט נאָך וועטשערע ביים טיש, צוזאַמען מיט ביילע׳ן און די אַנדערע קינדער.

ביילע האָט אויף איר צניעות׳דיגען שטייגער האַלב־שעמעוודיג אַרונטערגעלאָזט די קאָפּ מיט אַ שמייכל אויף אירע ליפּן.

און חנה באַשע, אַרונטערנעמענדיג די טעלער פון טיש, האָט מיר געשענקט אַ מוטערליכן בליק, און קוקענדיג אויף מיר ווי אויף אַנ׳אייגענעם, האָט זי מיר געענטפערט:

— דערפאַר ביסטו ביי מיר איצט אַ זעהר אָנגעלייגטער גאַסט....

●

# קאפיטל 9
# שידוכים און שדכנים אונטער די דייטשן

די אידישע לאגע אין שטעדטל אונטער דער דייטשער אקופאציע אין פארלויף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ווייט ניט געווען די ערגסטע וואס דאס שטעדטל האט דורכגעמאכט, ביז, פארשטעהט זיך, ביז צו דער לעצטער מלחמה וואס האט חרוב געמאכט און אומגעבראכט אלץ און אלעמען. די זעלבע דייטשן וואס האבן אין דער לעצטער מלחמה געברענט אידן אין די גאַז־אויווענס און אומגעבראכט אָנדערהאלבן מיליאן אידישע קינדערלעך, גמולי חלב שלא פשעו און תינוקות של בית רבן שלא חטאו, די זעלבע דייטשן האבן זיך אין דער ערשטער מלחמה אויפגעפירט גאנץ מענשליך און מ׳האט מיט זיי געקענט דורכקומען.

דער דאזיגער געדאנק וואַרפט אויף מיר אפט אָן א שרעקליך געשפענסט פון מורא פאר אונזער צוקונפט אין די אזוי גערופענע פרייע און דעמאקראטישע לענדער. אל תפתח פה לשטן, אבער מיט וואס זיינען עס אונזערע היינטיגע גוטע גויים בעסער פאר די דייטשן פון פאר דער היטלער פעריאדע?.... עס נעמט נאר איין מאניאַק אויפצוהעצן א גאנץ פאלק און אנרייצן זיי מיט א העצע אז דער איד איז שולדיג אין אלע צרות פון דער וועלט, אז דער איד האט פארכאפט וואָל סטריט און האָט צופיל איינפלוס אויף די קאמוניקאציע־מיטלען, און נאך אזעלכע ענליכע העצעס וואס זיינען אזוי אלט ווי דאס אידישע פאלק.

אז איך טראכט וועגן די דייטשן מיט וועמען איך האב געהאַנדעלט אין יענע יארן, קען איך מיר גארניט פארשטעלן אז זיי אדער זייערע זין און טעכטער זיינען מיט צוואנציג יאהר שפעטער געווען פעהיג אומצוברענגען 6 מיליאן אידן בלויז ווייל זיי זיינען אידן.

געווען אויך דאמאלסט דייטשן מיט רוצח׳ישע אפעטיטן. מיין לאַנדסמאן חזן יעקב גאלדבערג דערמאנט מיר אין א סצענע וואס ער אליין האט בייגעוואוינט אין רוטקע, ווען א דייטשער אפיציר האט מיר

געוואלט הרג׳ענען אויפ׳ן ארט, צוליב דעם וואס איך האב גענומען אָן א דערלויבעניש זיין ראָוער און זיך דורכגעפארן אויף אים איבער׳ן מארק. ער האט זיך אויף מיר ארויפגעווארפן מיט כל חמתו, מיט דער גאנצער דייטשער יוכע, און ווען איך וואלט ניט געהאנדעלט אזוי פלינק און אים אויסגעצויגן אויף דער ערד און אוועקגענומען זיין ביקס, וואלט איך דאן פארבליבן נאך אנ׳אומבאקאנט סטאטיסטיק צווישן די קרבנות פון דער מלחמה.

געווען נאך א דייטש וואס האט באַלעבאטעוועט אין שטעדטל און פלעגט אוועקנעמען פון די פויערים די פראָדוקטן וואס זיי האבן געבראכט צו פארקויפן. די מערק אין רוטקע זיינען אלעמאל געווען ריזיגע, און אויך בעת דער דייטשער אקופאציע פלעגט דער רוטקער מארק זיין אנ׳אמת׳ער יאריד. אידן סוחרים, און איך בתוכם, פלעגן וואַרטן א גאנצע וואך אויפ׳ן מארק־טאג ווען מען האט אונטער־געהאנדעלט מיט אומלעגאלע סחורה וואס די דייטשן האבן ניט געטאָרט וויסן דערפון, און די פון זיי וואס האבן געוואוסט זיינען פיין באלוינט געווארן זיי זאלן קוקן אין דער אנדער זייט. די גארבארניקעס פון גראדנע און זאבלודאווקע פלעגן אין רוטקע אויפקויפן פעל, אנ׳ארטיקל וועלכן די דייטשן האבן רעקוויזירט פאר זייער אייגעגעם געברויך. איך האב דאן געטאן מסחר מיט די דאזיגע פעל־הענדלער, ווי אויך מיט די ביאַליסטאקער קצבים וועלכע פלעגן קומען איינהאנדלען אַ פּאָר מאל בהמות פאר דער כשר׳ער שחיטה. איך פלעג אויך אויפקויפן יונגע „יאַלישקעס” און זיי אוועקגעבן אויף צוויי יאהר אויפצוהאדעווען זיך ביי א פויער אויפ׳ן דארף פאר א גאנץ קליינעם אָפּצאָל אין צוגאב צו די מיסט וואס איז ביים פויער געווען א גרויס געווינס, און נאכדעם ווי די בהמה האט זיך געקעלבט, פלעג איך די אויסגעפאשעטע בהמות מיט די קעלבער פארקויפן צו די קצבים אויפ׳ן מאַרק.

דער היינריך ווילהעלם, ווי מען האט גערופען דעם ווילדן דייטש, האט מיט זיין איבערשרעקן די פויערים אויפ׳ן מאַרק, געשטעלט אין געפאר דעם גאנצן אידישן מסחר. די גויים פלעגן מורא האבן צו קומען אויפ׳ן מארק. ויהי היום, און איך האב דעם דאזיגן היינריך א נעם געטאן פון הינטערוויילעכטס און האב אים מכבד געווען מיט זיין אייגענעם גראבן שטעקן וואס ער האט שטענדיג געהאַט מיט זיך, מעשה פריץ. די

פויערים האבן געזעהן אז היינריך איז ניט אזא גרויסער העלד ווי ער מיינט, און זיי האבן זיך אויפגעהערט שרעקן פאר אים.

יענעם אווענט, געדענק איך, האט היינריך גענומען נקמה אין די צוויי אידישע רעסטאראנדלעך וואס זיינען געווען אין רוטקע. ער איז אריין צו שיע זיסקינד׳ס, משה אהרנ׳ס זון, און אין הינדע׳ס רעסטאראן, און צובראכן אלץ וואס איז אים געקומען אונטער די הענט. די אידישע יונגוואַרג אין שטעדטל, באזונדערס די חברה וואס האבן געשפילט מיט מיר טעאטער און געזונגען אין דעם הזמיר־כאר זיינען אבער געקומען אויף מארגן און איינגעשטעלט ארדענונג אין די צווי רעסטאראנען וואו יוגענד פלעגט זיך אפט צוזאמענקומען און וואו סוחרים פלעגן זיך דערכאַפּן דאס הארץ אין א מארק־טאג.

איך בין געווען ניט מער ווי אכצען יאהר ווען די דייטשן זיינען אוועק און איבערגעלאזט די מלוכה פאר פוילן , אבער אזוי ווי איך האב אויסגעזעהן מיט א פינף יאהר עלטער האט מען מיר שוין צו 16 און 17 יאהר גענומען ריידן שידוכים. טאטעס האבן אונטערגעשיקט שדכנים אדער סתם גוטע פריינד און באַקאַנטע, זיי זאלן מיט מיר ריידן וועגן באקענען זיך מיט זייער טאכטער.

עס געדענקט זיך מיר ווי איין מאל האט מען מיר פארגעשלאגן „א רייכע מיידל פון לאמזשע וואס שפילט פיאנא״. ערשטענס א רייכע, דאס הייסט אז ס׳וועט זיין א שיינער נדן, און צווייטענס א פיאנא־שפילערין, וואס איז געווען יענע יארן עפעס א פרינצליכע מעלה. דאס העכסטע מיט וואס א מיידל האט זיך יענע יארן געקענט גרויסן איז געווען אז זי קען שפילן פיאנא. „דאַרפסט מיט איר ניט געהן גלייך צו דער חופה, אבער נעם איר נאר איין מאל פאר א שפאציר״, האט מיר דער שדכן איינגערוימט אין אויער, ווי ער וואלט וועלן אויסבאהאלטן די מציאה פון דער גאנצער וועלט.

אזוי ווי איך בין אליין ניט געווען ק״ין ארימער בחור, און פיאנא האב איך אויך געשפילט, האט מיר דער שידוך ניט באצויבערט. אין מיין געדאנק איז שוין געווען ערגעץ־וואו פארקארבט די יונגינקע ביילע קופער פון מיענזשענין וועלכע איז צוריקגעקומען מיט דער מאמע׳ן פון ביאליסטאק און האט געארבייט צוויי טעג א וואך ווי א סאַרווערין אין שיע זיסקינד׳ס רעסטאראן אין רוטקע, ניט ווייט פון מיין רימאזש־



**הערש בער קופער און זיין פרוי חנה באשע,**

דאס בילד פון הערש בער׳ן איז גענומען געווארן נאך זיין אנקומען אין אמעריקע אין 1912, אינמיטן זיין קראנקהייט פון וועלכער ער איז געשטארבן צו עטליכע און פערציג יאהר אין פילאדעלפיע, 21 טעג אין אלול, 1913, איבערלאזענדיג אין מיענזשעניין אנ׳אלמנה מיט דריי קינדער. דאס בילד פון חנה באשע׳ן איז גענומען געווארן אין 1918 פאר א



**די שווער און שוויגער פון יעקב האפמאן.**

פאספארט, בעת זי האט זיך געקליבן צו פארן קיין אמעריקע וואו זי האט געהאט א טאכטער און א זון. זי האט אבער חרטה געהאט און ניט געפארן. די טאכטער, רבקה, איז געשטארבן יונגערהייט. חנה באשע איז געשטארבן אין רוטקע, 28 טעג אין חשון, 1932.

ווארשטאט. איך האב שוין ביילע׳ן ווי עס איז אריינגענומען אין אונזער טעאטער־גרופּע, און ווי שעמעוודיג און צוריקגעצויגן זי איז ניט געווען, האט זי שוין איין מאל צוגעשטימט אנטיילצונעמען אין אַ סצענע וואו א גרופּע האט געשפּילט קאַרטן אויף דער בינע.

ביילע איז געווען אַנ׳ארים מיידל, אבער זינט יענער זאוויערוכע־נאכט אין איר מאמע׳ס קרעטשמע אין מיענזשענין וואו זי האט אינמיטן נאכט ארויסגעהאלפן דער מאמע׳ן אין קנעטן און באקן ברויט און חלה פאַר די מארגענ׳דיגע קויפער, האט זי מיר בעאיינדרוקט ניט נאר מיט איר שיינקייט, נאר מער ווי אלץ מיט איר איידעלקייט, גוטסקייט און ארבייטסזאמקייט. איך פלעג אפט אריינקומען אין שיע זיסקינד׳ס רעסטאראן וואו זי האט געארבייט און אויך געווארן א שטיקל בן בית ביי איר מאַמע׳ן חנה באשע אין הויז. ווען איך האב איין מאל געזאגט חנה באשע׳ן אז איך וואלט זיך ווען באפריינדן מיט איר טאכטער, האט זי מיר געזאגט אז איר טאכטער איז נאך צו־יונג, זי קען נאך ווארטן. „איך בין אויך יונג און קען נאך ווארטן״, האט פון מיר ארויסגערעדט א חוצפּה׳דיגע שטימע, ווי איך וואלט זיך געגענגעשטעלט חנה באשע׳ן וועלכע האט געהאפט צו קענען פארן קיין פילאדעלפיע וואו זי האט שוין געהאט א פארהייראטע טאכטער רבקה, און דעם עלטסטן זון שלמה.

איך בין אבער ניט געזעסן שטענדיג אין רוטקע, מיינע מסחרים האבן מיר גענומען אין א סך ארומיגע שטעדטלעך, צווישן זיי אויך די דערבייאיגע זעמבראווע וואו איך פלעג איינשטעהן אין אנ׳אכסניא ביי א פיינער פאמיליע מיט׳ן נאמען זאַראָלימסקי. ווען ס׳איז ניט געווען קיין ארט אין זאַראָלימסקי׳ס אכסניא פלעג איך פארפארן אין דער אכסניא פון ר׳ ברוך קאַהאַן וועלכער האט פארמאגט א מויער מיט א סך צימערן. ר׳ ברוך האט געהאַט פיר שיינע טעכטער פון וועלכע די מיטעלע איז פאַרהייראַט־אויף לאנגע יאר־צו מיין אויבענדערמאנטן לאַנדסמאַן, חזן זאב גאלדבערג.

מערסטענס פלעג איך אבער פארפארן אין דער מער אפיציעלער אכסניא פון די זאַראָלימסקי׳ס וועלכע האבן אויך געהאט א פיינעם רעסטאראן און וואו עס האבן זיך געטראפן אידן סוחרים פון גאנצן געגענד.

אגב, שוין נאכדעם ווי פוילן איז געווארן א מלוכה איז ביי זאראלימסקי׳ן אין האטעל׳כעל געוועזן צו־גאַסט ניט קיין אנדערער ווי הענרי מארגענטוי, סיניאר, דער דאמאלסט׳דיגער אמעריקאנער אמבאסאדאר אין טערקיי, וועלכער איז געשיקט געווארן פון פרעזידענט ווילסאן אויסצופארשן די אידישע לאגע אין פרייען פוילן. די פאלאקן האבן געפייערט זייער באנייטע מלוכה׳שאפט מיט פאגראמען אויף אידן. אין פינסק זיינען דאן אומגעקומען 13 אידן. אויך אין א צאל גאליצישע שטעדט האבן זיך די פאלאקן צעיושעט אויף זייער שטייגער. האט די אידישע באַארד אָף דעפיוטיס אין לאנדאן געמאכט א סקאנדאל און פראטעסטירט צו פרעזידענט ווילסאן. אויך די ציוניסטישע פירער אין פוילן דאַן, דר. טהאָן, יצחק גרינבוים און נח פרילוצקי, האבן אויפגעהויבן א ויצעקו געגן דעם פוילישן אנטיסעמיטיזם.

האט פרעזידענט ווילסאן דעלעגירט דעם אמעריקאנער אמבאסא־דאר אין טערקיי, דעם איד הענרי מארגענטוי (דער פאטער פון שפעטער׳דיגען סעקרעטערי אף דהי טרעזשורי אין פרעזידענט פרענקלין רוזוועלט׳ס קאבינעט, און דער זיידע פון היינטיגן דיסטריקט אטוירני ראבערט מארגענטוי), ער זאל באזוכן פוילן און זיך באקענען מיט דער לאגע אויפ׳ן ארט.

אט ווי היינט געדענק איך ווי די גאס אין זעמבראווע איז געוועזן פול מיט מענשן און אלע האבן געוואלט אנקוקן דעם אמעריקאנער אמבאסאדאר מיט זיינע מיט־מענשן וועלכע האבן זיך אפגעשטעלט אין זעמבראווע אויפ׳ן וועג קיין ביאליסטאק. וואס מארגענטוי האט אויפגעטאן מיט זיין נסיעה אין פוילן האבן מיר דאך אלע געזעהן אין די נאכפאלגענדע יארן, באזונדערס אין דער נאהנטער מיטארבייט פון די פאלאקן מיט היטלער׳ס משחיתים ביים מאכן א סוף צו טויזנט יאר אידן אין פוילן, אבער זאראלימסקי דער באלעבאס פון דער זעמבראווער אכסניא האט דאן געהאט וואס צו דערציילן גאנצע חדשים.

אט דער זאַראָלימסקי האט געהאט א שיינע טאכטער פון א יאהר 17־18, א פארקאכטע ציוניסטקע, א מיטגלידערין פון א מזרחי׳שער יוגענד־ארגאניזאציע. זי האט זיך זעהר שעהן געקליידט און איז געוועזן אויפ׳ן ערשטן פלאַץ אין יעדן־בלימל־טאג פאר׳ן קרן קיימת.

יעדעס מאל ווען איך פלעג פאַרפאָרן אין זאראלימסקי׳ס אכסניא פלעגט די מיידל אויסמערקירן צו זיין־אויף שפעט אין אווענט ווען איך פלעג צוריקקומען און פאַרציען מיט מיר א שמועס ביז שפעט אין גרויען טאג אריין. דער טאטע אירער איז געווען א פרומער איד, די אינגלעך אין הויז זיינען געווען פרום־אפגעהיטן, און איך האב ביי זיך דאן געטראכט אז אפנים אז דער טאטע דערמוטיגט איר צו זיין פריינדלין׳ צום רוטקער בחור, ווי ער פלעגט מיר רופן. זי איז געווען א שעהן און אינטערעסאנט מיידל און ווייזט אויס אז איך בין איר געפעלן געווארן, אבער מיר האט געצויגן צו חנה באשע׳ס טאכטער וועלכע האט שוין אויך פון איר זייט אנגעפאנגען ארויסצואווייזן מיר אביסל פריינדשאפט.

אַיי זי איז צו־יונג און קען נאך ווארטן, ווי חנה באשע האט מיר געזאגט, נו.... בין איך אויך נאך ווייט פון א זקן און וועל ווארטן.....

דאס געיעג צו פאר׳שדכ׳ענען מיר האט מיר איין מאל געשטעלט אין א גרויסער פארלעגענהייט ווען א פעטער פון ביילע׳ס בעסטע חבר׳טע אין רוטקע, ענע, האט מיר אנגעפאנגען יאַדען אז ער האט פאר מיר א שידוך מיט ניט קיין אנדערער ווי מיט ענע׳ן. איר פאטער איז געווען א פאַכטער און האט געמאכט פארשיידענע קעזן. ער האט אויך געהאט אנ׳ארענדע ביי א פריץ און פלעגט ברענגען קיין רוטקע פארשיידענע פרוכטן און קעזן צו פארקויפן.

איך האב מיר פארגעשטעלט אז דער פעטער האט מיר ניט אנגעטראגן דעם שידוך פון זיך אליין, נאר אין שליחות פון ענע׳ס טאטע׳ן וועלכער האט אודאי געהאַלטן אז אין זוכן אַ שידוך פאַר אַ טאָכטער, מעג מען אפילו געהן איבער׳ן קאפ פון דער טאכטער׳ס בעסטע פריינדין.

ענע איז שפעטער געקומען צו א ברודער אין קליוולאַנד און האט געהייראט זעהר גליקלעך, אויפהאדעוועניג אויך פיר זין וועלכע זיינען גרויס אין דער מעבל־אינדוסטריע. זי איז געקומען צו אלע אונזערע שמחות און זיך דורכגעשריבן מיט מיין פרוי ביילע ביז צו איר לעצטער מינוט.

ווען איר פעטער איז צו מיר איין מאל צוגעשטאנען וועגן דעם

שידוך מיט איר, האב איך אים געפרעגט מיט א שמייכל צי ענע׳ס חבר׳טע,ביילע, ווייסט פון זיין פלאן. ער האט פארשטאנען וואס איך מיין און מער האב איך פון אים ניט געהערט.

און ווען ענע און ביילע האבן זיך שפעטער דערוואוסט פון דעם שידוך, האבן זייביידע אזוי הויך געלאַכט אז אלע קונדן אין שיע זיסקינד׳ס רעסטאראן האבן זיך ניט געקענט איינהאלטן און האבן אויך מיטגעלאַכט.

●



**ביילע (לינקס) און איר חבר׳טע עני, וועמען מ׳האט פרובירט שדכ׳ענען פאר האפמאנ׳ען.**
עני לעבט איצט אין פלארידע.

# קאפיטל 10
# „ס׳איז ניט קיין דייטש...ס׳איז יאנקל דער רימער״

די שרעק און די סכנות וואס אידן סוחרים האבן דורכגעמאַכט אונטער דער דזשיטשער אקופאציע ביים אריבערפירן אביסל סחורה פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער, זיינען אומבאַשרייבליך. אזעלכע ווי איך וואס האבן געשלאָסן באקאנטשאפט מיט דייטשע פּאַטרולן און זיי פאַרשטאָפּט די מיילער, זיינען נאך ווי עס איז דורכגעקומען, אבער די מערסטע אידישע הענדלער האבן זיך אָנגעליטן פון די דייטשן צרות צרורות. זייערע סחורות זיינען קאנפיסקירט געווארן און זיי אליין זיינען באשטראפט געווארן מיט קלעפּ און מיט טורמע.

איך געדענק ווי איך האב אמאל ניט־ווילענדיג איבערגעשראָקן די אידן אין טיקטין ווען איך בין אריינגעפארן צום ערשטן מאל אין שטאדט אויף מיין ראָווער, פאָרענדיג מיט א היבשן פעקל פּאַפּיראָסן וואס איך האב געפירט פון ביאַליסטאק. אזוי ווי איך בין געווען אנגעטאן אין א קאָסטיום מיט „גיליפע״־הויזן, און דערצו נאך געפארן אויף א ראָווער, אַ זאַך וואס איז געווען א זעלטענהייט פאר אַ איד׳ן אין מלחמה־צייט, איז צווישן די אידישע קרעמער אויפ׳ן מאַרק אדורך אנ׳אלארם אז „א דייטש קומט״, און דער עולם האט אנגעפאנגען צו פארמאכן די קראָמען אינמיטן טאָג, מורא האבענדיג אז מ׳וועט ביי זיי אנטדעקן אומלעגאלע סחורה.

איך האב מיר ניט געקענט פארשטעלן וואס דא קומט פאָר, ביז איינער פון די סוחרים וועמען איך האב געדארפט צושטעלן די פאפּיראסן, האט מיר מיט א שמייכל פארטרויט דעם סוד אז איך האב איבערגעשראָקן די גאנצע שטעדטל..„יאַנקל, אז דו קומסט צו אונז, זיי ניט אנגעטאן ווי אַ דייטש און פאָר ניט מיט „גיליפע״ אויף קיין

ראָוועה״, האט ער מיר געבעטן א טובה, און איך האב אים, פארשטעהט זיך, געפאָלגט אויף אלע מיינע שפעטערע באזוכן אין טיקטין.

אנ׳ענליכע דערפאַרונג האב איך געהאַט אין דער זעלבער צייט, פאָרענדיג אויף מיין ראָוועה פון רוטקע צו גרודסקי דעם פריץ, צו פאַרריכטן אַ צאָל געשפאַנען אויף זיין ״פולוועריק״. איך בין זיך אזוי געפאָרן געמיטליך פאַרבייא דעם וואַלד און געטראכט פון א נייער טעאטער־דראַמע וואס איך האב ערשט געהאט געבראכט פון ווארשע וואו איך בין געווען אפט צו־גאסט ביי מיין ברודער משה אהרן וועלכער האט געוואוינט אויף דער מארשאלקאווסקע גאס און איז אויך געווען אנ׳ארייינגעהער אין טלאָמאַצקע 13, דער ווארשעווער ליטעראטן־פאַריין. ערשט איך זעה פונדערוויטענס ווי דריי פיגורן באַוועגן זיך אויף שנעל און לויפן ארונטער פון וועג אין וואַלד אריין.

ווער ווייסט ווער זיי זיינען, אפשר דייטשן, אדער אפשר גאר פוילישע באנדיטן?.... איז מיר אדורך א געדאנק אין קאפ. זאל איך פאָרן ווייטער אדער מאַכן א השיבנו נאזאד?....

מיטאמאל גרייכט מיר א באקאנטע שטימע אויף אידיש: —חנה באַשע, חנה באַשע, ס׳איז ניט קיין דייטש... ס׳איז יאַנקל דער רימער...

די דריי פיגורן וואס זיינען שוין איצט געשטאַנען לעבן מיר זיינען געווען ניט קיין דייטשן און ניט קיין פאלאקן, נאר חנה באשע פון מיענזשעניו צו וועמענ׳ס שיינער טאכטער, ביילע, איך האב זיך גע׳שדכנ׳ט; איר שותפ׳טע מאַטל די מילכיגע וועלכע איז געווען אין רוטקע א סארט א ווייבערשע אויפלאגע פון באַרימטן טעוויע דער מילכיגער און האט אריינגענומען חנה באַשע׳ן פאַר א שותפ׳טע אין ארומגעהן איבער די דערפער איינקויפן אייער און מילכיגס, און צוזאמען מיט זיי איז אויך מיטגעגאנגען איבער די דערפער די קליינינקע זעלדע, חנה באַשע׳ס אינגסטע טאכטער, וועלכע איז שפעטער געווארן מיין שוועגערין און איז היינט מרס. דייווידסאן פון ברוקלין, די איינציג געבליבענע פון חנה באַשע׳ס קינדער ביז הונדערט און צוואנציג יאהר. זיי פלעגן מיטנעמען זעלדע׳ן אויף זייערע וואַנדערונגען איבער די דערפער, ווייל טאמער וועלן זיי אנטרעפן אויף א דייטשן פאטרול, איז פאַראַן אנ׳אויסזיכט אז זיי וועלן האבן איינזעעניש מיט א קינד און לאָזן ווי עס איז אדורכגעהן.

(מאַטיל די מילכיגע האט א טאַכטער אין לאָס אנדזשעלעס, מרס. ראזענצווייג, מיט וועמען מיין משפחה האלט אָן די אלטע פריינדשאפט פון אמאל. זי האט א זון א באקאנטן לאיער, און ווען ער קומט געשעפטליך קיין ניו יארק טרעפט ער זיך מיט מיין זון הערש בער (הערבערט), א נאמען נאך חנה באַשע׳ס מאן וועלכער איז געשטארבן יונגערהייט אין אמעריקע און איר איבערגעלאזט אנ׳אלמנה מיט דריי קינדער אין מיענזשענין).

פון דער ווייטענס האָבן זיי געמיינט אז דאס פארט א דייטש אויפ׳ן ראָווער און זיי האבן זיך געלאזט לויפן באַהאַלטן אין וואלד. צום סוף האבן זיי געדאנקט ג־ט וואס דער מאן אויפ׳ן ראָווער איז ניט געווען קיין אנדערער ווי אני הגבר, און אויך איך האב געדאנקט ג־ט וואס די „דריי פיגורן" זיינען אזעלכע טייערע און נאהנטע פריינד. איך האב זיי צוגעפירט ביז מיענזשענין און דאָרט האב איך געדונגען א פור וואס האט זיי אלע דריי אפגעפירט אהיים קיין רוטקע.

פאר דער טובה וואס איך האב יענעם טאג געטאָן צו חנה באַשע׳ן, אונטער די דייטשן, האט זי מיר אפגעדינט מיט א קורצער צייט שפעטער, שוין אונטער די פּאָלאַקן, ווען די האַלערטשיקעס האבן זיך צעווילדעוועט, געשלאָגן אידן און געשניטן בערד. די דאזיגע אנטיסעמיטיש־דורכגעפרעסענע פּוילישע פאטריאטן האָבן אויסגעריסן א האלבע בארד ביי מיין טאטע׳ן אין אסטראווע אין 1921, נאך איידער איך בין אפגעפארן קיין אמעריקע, דעם זעלבן יאהר. אין 1930 האבן זיי אים ווידער געכאפּט און אזוי שטארק צושלאגן אז ער איז געווארן קראנק און אוועק פון דער וועלט.

איך בין אבער געווען א יונגער נאַר און געוואָלט זיין אַ העלד, טראכטענדיג אז מיט מיר וועלן זיי זיך ניט אנפאנגען. חנה באַשע האט מיר געווארנט יענעם טאג ניט ארויסצוגעהן אין גאַס. „די פּאָלאַקן בונטעווען זיך... פאָלג מיר יאַנקל, בלייב אין שטוב", האט זי מיר מוטערליך געווארנט. „ניין, מיר וועלן זיי ניט טשעפּען", האב איך איר געענטפערט, און בין ארויס אין גאס, אויפ׳ן וועג צו מיין ווארשטאט וואו עס האט אויף מיר געווארט א סך ארבייט.

ווי פון דער העלער הויט זיינען אויסגעוואַקסן לעבן מיר צוויי

פּאָלאַקן אויף פערד און מיר גענומען טרייבן אין דער ריכטונג פון רוטקער וואַלד. וויפיל איך האב זיך ניט געווערט געגן זיי, בין איך אלץ געבליבן א געפאנגענער אין זייערע הענט. פון זייערע מיילער האט זיך געשאָטן א מבול מיט די ערגסטע אנטיסעמיטישע זידלערייען, צוזאמען מיט ווארנונגען אז אין דער נייער פרייער פוילן וועלן די זשידעס ווערן באהאנדעלט ווי מיסט.

איך האב ניט געהאַט קיין ברירה און בין געגאנגען אוואו זיי האבן געהייסן, זאָגענדיג שטילערהייט וויפיל קאַפּיטלעך תהלים איך האב נאר געדענקט אויסענווייניג. מענשן וועלן אפילו ניט וויסן וואו מיין געביין איז אהינגעקומען, האט מיר געקלעמט בייםהאַרצן, און פאַר מיינע אויגן איז פארבייגעלאפן א קיילאדאסקאָפּ מיט בילדער פון טאטע־מאמע, ברידער און שוועסטער, און מיינע ניי־געפונענע פריינד אין רוטקע, חנה באשע׳ס משפחה.. און איר טאכטער ביילע.

מיין טייסטער איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט געלט. פארוואס זאל איך זיי נאך באצאלן פאר הרג׳ענען מיר?... פונקט דאַן האב איך געזעהן אז מיר געהען פארביי דעם גרויסן הויף מיט בוימער וואו עס האט געוואוינט דער „וואויט״, דער מעיאר פון רוטקע מיט וועמען איך בין געווען באפריינדעט. ער האט געהייסן גרודזשינסקי און איז אויך געווען א שטיקל „מחותן״, ווייל זיין פרוי איז געווען א מיענזשענינער שיקסע, קאַראָל דעם פריצ׳עס א טאכטער, און ווען דער פּריץ האט שטארק געקעמפט געגן דעם שידוך פלעגט זיך דער שפעטער׳דיגער „וואויט״ אריינכאַפּן זיך צו חנה באַשע׳ן אין איר קרעטשמע אין מיענזשענין און זיך דארט טרעפן שטילערהייט מיט זיין געליבטער.

אין אַנ׳אויגענבליק האב איך ארויסגענומען דעם טייסטער פון קעשענע און איר א שליידער געטאן אין דער ריכטונג פון וואויט׳ס הויף. גליקליכערווייז האבן עס די האַלערטשיקעס ניט באמערקט פון זייערע זאָטלען אויף די פערד וואו זיי זיינען געזעסן און געשאטן מיט טויטע קללות אויף מיר און אויף אלע אידן.

אז איך קען דערציילן די מעשה היינט אין פריידן, איז א סימן אז זיי האבן מיר ניט גע׳הרג׳עט, ווי איך האב מורא געהאט, אבער ס׳איז א נס אז איך בין ארויס א לעבעדיגער פון זייערע הענט. ווען זיי האבן ניט



**צוויי העלדישע קוזינען פון דער האפמאן משפחה**

חיים האפמאן (רעכטס) און יוסף האפמאן פון אסטראווע, ערשטע קוזינען פון יעקב האפמאן און נאהנטע יוגענד־חברים.ביידע זיינען באטראכט געווארן ווי די שענסטע בחורים אין שטאדט און זיינען געווען דער שטאלץ פון דער משפחה. חיים איז געקומען נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה קיין אמעריקע. יוסף איז אוועק קיין פראנקרייך.

געפונען ביי מיר קיין געלט, האבן זיי ביי מיר אוועקגענומען דעם זייגער און א באגילדעטן רינגל, מיט שטיקער פלייש פון מיין פינגער. זייער רציחה און זייערע קלעפּ ליגן מיר נאך היינט אין די ביינער, נאך אזויפיל יארן אין אמעריקע. נאכדעם ווי זיי האבן מיר צע׳מזיק׳ט אויף שטיקלעך, האבן זיי מיר אויסגעטאן די בגדים, דעם רעקל, די הויזן, די העמד, און מיר איבערגעלאזט אין וואלד א האלב־נאקעטן און א צובלוטיגטן און צעקיילטן.

געהן צוריק אין שטאדט א האלב־נאקעטער האב איך זיך געשעמט, האב איך ווי עס איז צוגעפּויזעט צום שאָסיי און געוואַרט ביז אימיצער וועט פארביי געהן.

און ג־ט האט געהאלפן. א איד איז פארבייגעגאנגען און איך האב אים געבעטן ער זאל גלייך געהן צו חנה באַשע׳ן פון מיענזשעניין אדער צו מיין ווארשטאט און זיי לאזן וויסן וואס מיט מיר איז געשעהן.

עס האט ניט גענומען מער ווי א דריי פערטל שעה אוןביילע מיט איר אינגערן ברודער חיים און די אינגסטע שוועסטער זעלדע זיינען געקומען און מיר געבראַכט וואס אנצוטאן, און אלע צוזאמען זיינען מיר געגאנגען צוריק צו חנה באשע׳ן אין הויז וואו איך בין געקומען צו זיך פון די קלעפּ.

אויפ׳ן וועג האב איך זיך אפּגעשטעלט ביים „וואויט״ אויפ׳ן הויף און געפונען מיין טייסטער מיט די געלט, ניט אנגערירט. מיין פריינד דער פוילישער „וואויט״ האט ניט געוואוסט וואס פארא אוצר ס׳איז געלעגן ביי אים אונטער׳ן נאָז.

די יונגינקע זעלדע האט מיר אנגענומען ביים האנט און מיט איר קינדער׳שער אויפריכטיקייט מיר דערמאנט ווי ניט לאנג צוריק האב איך ארויסגעהאלפן איר מאמע׳ן מיט מאַטיל דער מילכיגער און אויך איר אליין, אויף דער זעלבער וועג, פארביי דעם זעלבן וואַלד, ווען די דייטשן זיינען דא געווען. „יעצט העלפן מיר דיר, יאַנקל, אונטער די פאלאקן״, האט זי צו מיר ארויפגעקוקט ווי א דערפארענער מענש וואס ווייסט וואס פארא איבערקערענישן דאָ קומען פאָר פאר אונזערע אויגן.

חנה באַשע אליין האט אונטער די פאלאקן געקראגן

אנ׳אומגעריכטע האפנונג, נאך דעם גרויסן אומגליק וואס האט איר געטראפן מיט׳ן פרי־צייטיגן טויט פון איר עלטערער טאכטער רבקה וועלכע איז געשטארבן פון א פלו־עפידעמיע אין פילאדאלפיע, אין יאהר 1918, איבערלאזענדיג א מאן און צוויי עופה׳לעך. דער איידים דער אלמן, הערי סלוצקי איז געווען זיין נאמען, האט געשריבן פון פילאדעלפיע אז ער שיקט־מיט מיט א דעלעגאט וואס פארט קיין אייראפע, די סומע פון 800 דאלאר, אויף שיפס־קארטן פאר דער גאנצער משפחה, פאר חנה באשע׳ן מיט די דריי קינדער, צו קומען קיין אמעריקע.

חנה באַשע האט געהאפט אויסגעלייזט צו ווערן פון דעם שווערן לעבן אין רוטקע, און דערצו נאך וועט זי קומענדיג קיין אמעריקע פאראייניגן די גאנצע משפחה, און אויך קענען פארגיסן א טרער אויפ׳ן קבר פון איר יונג־פארשניטענעם מאן, הערש בער וואס איז אוועק פון דער וועלט אין פילאדעלפיע אין יאהר 1913, און אויפ׳ן קבר פון דער יונגער טאכטער, רבקה. זי האט אויך געגאַרט צו זעהן די צוויי אייניקלעך וואס רבקה האט פאר׳יתומ׳ט, און שטילינקעווהייט האט זי זיך—ווי איך האב שפעטער אויסגעפונען—ארומגעטראגן מיט א פלאן וואס וואלט צושטערט מיין גאנצע האפנונג און מיין פלאַן פאר מיר מיט ביילע׳ן.

דער דעלעגאט פון אמעריקע איז טאקע געקומען, אבער אנשטאדט אוועקגעבן חנה באשע׳ן די גאנצע 800 דאלאר וואס דער איידי׳ם האט געשיקט האט ער איר אוועקגעגעבן נאר 300 און איז נעלם געווארן. איך געדענק נאך דעם נאמען פון יענעם „דעלעגאט״, אבער אזוי ווי ער איז שוין לאנג א שוכן עפר, וויל איך אים ניט שטערן זיין רוה.

חנה באשע איז ווייטער געשטעלט געווארן אין א שווערער לאגע און האט געמוזט בלייבן אין רוטקע, און אויך איך האב דערווייל ניט געהאלטן ביי פארן מעבר לים. איך האב אבער געמוזט זיין אויף דער וואך און האלטן א וואכזאם אויג אויף די ווייטערע אנטוויקלונגען אין דער נייער פוילן, ווי אויך אויף חנה באשע׳ס ווייטערע פלענער פאר איר עלטערער טאכטער וועלכע איז געווען ווייט פון גלייכגילטיג צו מיר ווי א פריינד, אבער מיר זיינען נאך ביידע געווען צו־יונג צו טראכטן ערנסט וועגן דער צוקונפט.

# קאפיטל 11
# ווידער די רוסן,
# אבער דאס מאל געפארבט אויף רויט

ווי זאגט דארט רש״י ביים אנפאנג פון דער געשיכטע פון מכירת יוסף, וואס מיר האבן געלערנט אמאל אין חדר? ... ביקש יעקב לישב בשלוה, קפץ עליו רוגזו של יוסף. יעקב האט געוואָלט געניסן פון אביסל מנוחה אויף דער עלטער, איז ארויפגעשפרונגען אויף אים א נייע צרה.

די אידן אין רוטקע האבן נאך ווייניג דורכגעמאכט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, פריער אונטער די רוסן און דערנאך אונטער די דייטשן, ביז די לאגע האט זיך גענומען אביסל איינשטעלן אונטער די פאלאקן, אויב מען קען בכלל זאגן אז די אידישע לאגע האט זיך ווען עס איז איינגעשטעלט אונטער די פאלאקן, און א נייע צרה איז מיטאמאל אויפגעקומען.

א מלחמה צווישן די רוסן וועלכע זיינען שוין דאן געווען באהערשט פון לענין און טראצקי, און די ניי־אויפגעוואכטע פאלאקן וועלכע האבן זיך פארמאסטן געגן דעם רויטן בער און געוואלט פארנעמען שטיקער פון ליטע און דעם קרעסן־געגענד ביז ארום ברעסט ליטאוויסק וואס האט דאן באלאנגט —אזוי ווי מיר זעהען עס היינט ווידער— צו די רוסן.

ווי אזוי די פאָלאַקן האבן געוואַגט ארויסצוגעהן אין קאמף געגן די רוסן איז ניט שווער געווען צו באַגרייפן. ערשטענס זיינען די רוסן אפגעגאנגען מיט בלוט אין דער ערשטער־פארענדיגטער מלחמה מיט דייטשלאנד און זיינען ערשט געווען פריש נאך דער רעוואלוציע, און צווייטענס האבן די פאלאקן געקראגן אַ סך מער ווי בלויז דערמוטיקונג פון אמעריקע און פראנקרייך, ווי עס איז טאקע שפעטער באשטעטיגט געווארן.

ויהי... און ווידער א צרה אויף אידישע קעפּ. די באלשעוויקעס זיינען ארויס אין קאמף געגן די פּאלאקן און זיך געלאזט געהן אויף ווארשע, און אזוי ווי רוטקע איז געווען אַ וואָסערע 145 וויאָרסט פון ווארשע זיינען מיר ווידער פארכאפּט געווארן צווישן צוויי פייערן און ווידער זיינען אידן אריינגעפאלן אין א פּאניק. די מורא איז דאס מאל געווען נאך פיל ערגער, ווייל ווי ביטער עס איז געווען דאָס לעבן אונטער דעם צאַר׳ס רוסן, האָט זיך קיינער ניט גענאַרט וואס עס דערוואַרט אידן פון א באָלשעוויסטישן רעזשים.

צו אונזער אומגליק האָבן די רוסן דערלאַנגט די פּאָלאַקן אַזעלכע מורא׳דיגע קלעפּ אַז ס׳האָט זיך אונז געדוכט אַז פּוילן איז שוין אינגאַנצן פאַרפאַלן, און צי מיר ווילן יאָ צי מיר ווילן ניט, איז שוין אונזער גורל אַ פארזיגעלטער.

די רוסן האָבן געטריבן די פּאָלאַקן, און אין איין פינסטערער נאַכט האָט מען אונז אַלעמען אויפגעוועקט מיט אַ טריוואָגע — די רויטע זיינען דאָ!.... מיר האבן געמוזט אָפּליידיגן די הייזער און אָפּטרעטן פאר די רויטע אַרמייען וועלכע האָבן געהאלטן אין איין פראקלאמירן אז „לענין און טראצקי זיינען אונזער גאט".

דאס ערשטע וואס די רוסן האבן געטאן אריינקומענדיג אין רוטקע איז געווען דאס שאפן א ספּעציעלע קאמיסיע פון דריי פון צווישן די איינוואוינער אויף צו העלפן האלטן ארדענונג אין שטאדט. זיי האבן געוואלט וויסן ווער עס זיינען דא די פירער פון די יוגענד. מורא האבענדיג אז זיי וועלן אויסגעפינען אז איך בין אַ „קאפּיטאליסט" האב איך זיך גלייך צוגעשטעלט און געמאָלדן אז איך בין שוין פון לאנג א סימפּאטיקער מיט די באלשעוויקעס, און איך בין געווארן א מיטגליד פון דער קאמיסיע וואס האט געדארפט מיטארבייטן מיט דער סאוועטישער קאמאנדע. אזא חשק זאלן אלע שונאי ישראל האבן צום לעבן, מיט וואס פארא חשק איך בין געווארן א מיטגליד פון דער קאמיסיע וואס האט צווישן אנדערעס געדארפט מאכן א סוף צו אלע פּריוואטע געשעפטן, אריינגערעכנט אויך מיין ווארשטאט וועלכער האט זיך געדארפט אויפלייזן און אוועקגעבן די סחורה צום „פאלק". די רוסן האבן כלומר׳שט באצאלט פאר די סחורות, אבער זייער וואליוטע איז דאן ניט געווען ווערט מער ווי די פּאפּיר פון זייערע רובלען. ווי א לאיאלער

בירגער פון דער קאמוניסטישער רוטקע האב איך געדארפט רעקוויזירן זיך אליין און אוועקגעבן מיין שווער־פארהארעוועטן ווארשטאט מיט אזויפיל געשפּאַנען.

איך געדענק ווי דער גלח פון רוטקע איז געשטאנען אויף די קני פאר די רויטע געסט און זיך געבעטן און געוויינט זיי זאלן אים שענקען דעם לעבן. צום סוף האבן זיי אים פרייגעלאזט, מיט׳ן באדינג ער זאל האלטן די פויערים אין צאַם און ניט דערלאזן זיי זאלן זיך צובונטעווען.

אבער דער גרעסטער „כבוד״ וואס איך האב געגאסן זייענדיק איינער פון די דריי לאקאלע קאמיסיע־לייט, איז געווען ווען ניט קיין אנדערער ווי לעוו טראצקי אליין, בכבודו ובעצמו, איז געקומען קיין רוטקע אויף א ווייסן פערד אויפ׳ן וועג צום פראנט וואס האט זיך געהאַלטן אין איין דערנענטערן צו דער ווייסל. אלס א קאמיסיע־מיטגליד בין איך געשטאנען אין דער פאָדערשטער רייה ביים ארייִנפאר קיין רוטקע און אויסגעטאן די היטל פאר דעם געוועזענעם לייבל בראנשטיין וועלכער האט אלס לעוו טראצקי ארגאניזירט די רויטע ארמיי און געווען צוזאמען מיט לענינ׳ען אין שפּיץ פון דער רעוואָלוציע.

ער האט זיך דאַן ניט פאָרגעשטעלט אין זיין ווילדסטן חלום אז דער בארבארישער גרוזינער מיט די צוציגענע וואָנצעס וועט אים ארויסשטופּן פון דער פירערשאפט און וועט אים מיט צוואנציג יאהר שפּעטער סוף כל סוף אומברענגען אין דער ווייטער מעקסיקא. טראצקי איז דאן ארויסגערעדט געווארן אין איין אטעם מיט לענינ׳ען, בעת סטאלין האט נאך ווייט ניט עקזיסטירט ווי א וועלט־פיגור אין קאמוניזם. אין ליכט פון די שפּעטערע אנטיסעמיטישע אנטוויקלונגען אין סאוועטן־לאנד, איז ווייט ניט אויסגעשלאסן די מעגליכקייט אז טראצקי זאל האבן געווען דער ערשטער אידישער קרבן אויף וועמען סטאלין האט אויסגעלאזט זיין אנטיסעמיטישן צאָרן, פאַרדעכטיגענדיג שפּעטער די לאיאליטעט פון די לאיאלסטע אידישע שקלאַפן זיינע.

יענעם פארטאג אין רוטקע איז טראצקי „געווען אויפ׳ן פערד״ און ער האט ארויסגעדונרט זיין לויב צו די העלדישע רויט־ארמייער און זיי דערמוטיגט צו מארשירן פון נצחון צו נצחון ביז זיי וועלן אריבערגעהן די ווייסל. די רויט־ארמייער האבן אים סאלוטירט און ער איז אפּגעפארן

ווייטער, אין דער ריכטונג פון ווארשע, ארומגערינגעלט פון הויך־ראַנגיגע סאוועטישע אפיצירן.

עס האט אבער גענומען ניט לאנג, ניט מער ווי עטליכע וואכן, און דאָס רעדעלע האט זיך א דרעה געטאן. דער „נס ביי דער ווייסל״ (טשוד נאַד ווּיסלאַ) האט אנגעגורט די פּאָלאַקן מיט העלדישקייט, און די רויט־ארמייער האבן גענומען שטעלן פיס אויף צוריק, ווערענדיג געטריבן פון פוילישע סאלדאטן וואס זיינען געווארן אייסגעשטאַטעט און באוואָפענט מיט דער הילף פון אמעריקע און פראנקרייך. עס האט זיך ווידערהאָלט די זעלבע געשיכטע ווי אין דער מלחמה מיט די דייטשן. פון גרויסן זיג האבן זיך די רוסן ארונטערגעקייקעלט צו א מיאוס׳ער מפלה.

די רוסישע ארמיי איז געווען הונגעריק און אויסגעמאטערט און די מערסטע פון זיי האבן אפילו ניט געוואוסט פאר וועמען זיי שלאגן זיך.

הינטער רוטקע זיינען געווען גרויסע וועלדער מיט א באַן וואס איז געלאפן קיין ווארשע. א גאנצן טאג מיט א האלבע נאכט איז דארט אנגעגאנגען א ביטערע שלאכט צווישן די רויט־ארמייער מיט די פאלאקן, און צום סוף האבן די רוסן געמוזט אפטרעטן. איך בין דאן ארויס מיט נאך צוויי בחורים אין וואַלד און מיר זיינען שיער ניט געטראפן געווארן פון פליענדע קוילן פון אלע זייטן. רוסישע זעלנער האבן זיך געשלעפט אָן שיך און מיט געשוואלענע פיס. א סך פון די פארוואונדעטע האבן מיר געהאלפן, און אַ פּאָר טויטע האבן מיר באגראבן.

און ווידער א טריוואָגע אין שטעדטל —

די רוסן האבן געקראגן א טויט־קלאפּ פון דער פוילישער ארמיי!....

און קורץ נאכדעם האבן זיך אנגעפאנגען מיינע צרות מיט די האלערטשיקעס און מיט דער פוילישער מאכט אין לאמזשע ווען ס׳איז געגאנגען אין לעבן אז יעקב האפמאן זאל אנטאן א מונדיר פון א פוילישן סאלדאט.

די פאלאקן האבן זיך ארויסגעלאזט אויף א יאַגד צו כאפּן אידן און ארעסטירן זיי פאר ניט דינען אין דער ארמיי. זיי האבן געלויערט אויף אלע וועגן און שטעגן און געהאלטן אנ׳אויג אויף די סחורות וואס אידן



**יעקב אוןביילע האפמאן נאך זייער קומען קיין אמעריקע**

האבן געפירט אין די וועגענער און ווי אלט די סוחרים אליין זיינען. זיי האבן זיך ווי נוקם געווען אין די אידן פאר זייער מיטארבייטן מיט די דייטשן אונטער זייער אקופאציע און נאך פריער מיט די רוסן. איך האב אויף זיך געהאט א דרייפאכן חטא אין צוגאב צו די ערשטע צוויי. איך האב כלומר׳שט קאלאבארירט מיט די באלשעוויקעס און בין געווען אין דער קאמיסיע פון דריי וואס האט באגעגענט טראצקי׳ן אויפ׳ן ווייסן פערד און אים באגריסט. זיי האבן מיר אויך באשולדיגט אין צוקוקן גלייכגילטיג ווי די באלשעוויקעס האבן געמוטשעט דעם גלח, ביז ער איז ארונטער אויף די קני און געוויינט ווי א קינד פאר זיין לעבן.

מיין ערשטער קאנפראנטאציע מיט די פאלאקן נאך זייער זיג איז געווען אונטערוועגנס, ווען איך האב געפירט אַ וואָגן מיט פעלכלעך און זייערס א וואַך האט מיר געהייסן זיך אפשטעלן פאר אנ׳אונטערזוכונג.

„סטאָי זשידזשיע!״ (שטעל זיך אָפּ איד) — האט דער סאלדאט מיט דער ביקס אין האנט אויסגעשריען צו מיר, און איך האב, פארשטעהט זיך, ניט געהאט קיין ברירה און געבליבן שטעהן און געוואַרט מיט א ציטער׳דיג הארץ וואס מיין גורל וועט זיין.

●

# קאפיטל 12
# א טרויעריגער פרייטאג צו־נאכט אין אסטראווע

„זשיד... פאַרוואָס ביסטו ניט אין מיליטער?" — דאָס איז געווען די פּאָפּולערסטע פראַגע וואָס איך האָב געדאַרפט זיין גרייט צו ענטפערן יעדעס מאָל וואָס א פוילישע מיליטער־וואַך האָט מיר אָפּגעשטעלט. עס האָט ניט געהאָלפן מיין ענטפערן זיי אַז איך בין נאָך צו־יונג צו געהן דינען, ווייל זיי, די פּאָלאַקן, זיינען ניט אויסן געווען צו הערן אַן׳ענטפער, נאָר געזוכט א פריטשעפּקע צו איזדיעקעווען זיך איבער אַ איד׳ן.

דאס מאל האבן זיי מיר געכאַפּט פירענדיג אַ וואָגן מיט פעלכלעך פון בראָק, א קליין שטעדטל אַ וואָסערע צען וויאָרסט פון מיין געבורט־שטאָדט אָסטראָווע און וויפיל איך האב זיי ניט געגעבן אנצוהערן אז זיי ווען צו מיר ניט צולייגן, האָבן זיי זיך געהאַלטן ביי זייעריגע אַז איך דריי זיך ארויס פון מיליטער און טאָר ניט ארומפאָרן ווי א פריי פויגל און פאַרדינען געלט. אין צוגאָב צו די קלעפּ וואָס איך האב פון זיי געקראגן מיט א פולער פוילישער מאָס, האָבן זיי ביי מיר צוגענומען דעם פערד און וואָגן מיט די סחורה.

אויפ׳ן האַרצן איז מיר געווען זעהר ביטער. זיי האבן ביי מיר צוגענומען א פארמעגן א גאנצן. אז איך טראכט היינט צוריק אויף יענעם אינצידענט הינטער אָסטראָווע, געפין איך אויס אז טאקע דאמאָלסט איז מיר געקומען צום ערשטן מאל אויפ׳ן געדאנק אז ס׳איז ניט קיין תכלית פאר מיר צו בלייבן אין פוילן, נאָר ס׳איז נאך ניט געווען קלאָר ביי מיר וואוהין איך זאָל ריכטן מיינע בליקן, קיין ארץ ישראל אדער קיין אַמעריקע. אויב איך האָב שפּעטער פּאָרט אויסגעקליבן אמעריקע איז עס געווען מעגליך צוליב אורזאַכן וואס

זיינען ניט געווען אָפּהענגיג אין מיר, נאר אין אנדערע אויף וועמענ׳ס האנדלונגען איך האָב רעאַגירט.

איך האָב זיך געלאָזט געהן צופוס קיין אָסטראָווע, באדויערענדיג דעם ביטערן אידישן שלימזל וואס פאָלגט אונז נאך אונטער וואס פארא רעזשים מיר זאָלן ניט לעבן. רוסן, דייטשן, פּאָלאַקן, אלע, אלע האבן פיינט דעם איד׳ן שנאת מוות און ווילן אים אומברענגען. פאַרוואָס טאַקע ניט פאָרן קיין ארץ ישראל, אין אייגענעם לאנד, אויף אייגענעם באָדן און אונטער אַנ׳אייגענעם הימל?....

טאַטע־מאַמע אין אָסטראָווע האָבן זיך דערשראָקן פאר מיין שלעכטן אויסזעהן. איך בין געווען בלאַס ווי קאלך פון שרעק, און נידערשלאָגן פון מיין פארלירן דעם פערד און וואָגן מיט די סחורה וואָס איך האב געפירט קיין רוטקע פאר מיין וואַרשטאַדט. די קצבים אויף דער יאַטקעווער גאַס האָבן זיך מיט מיר ארומגעכאַפּט ווי מיט א ברודער, ווייל די מערסטע פון זיי זיינען טאַקע געווען אונזערע קרובים און די מערסטע פון זיי האָב איך פאַרקויפט בהמות אויף די רוטקער יאַרידן.

די מאַמע האט מיר געטרייסט מיט אירע גוטינקע, מאַמע׳שע רייד, ווי זי וואָלט גערעדט צו א קליין קינד אין וויגעלע. „זאָלן זיי אלע זיין א כפרה פאר דיר... נעם זיך ניט צום הארצן מיין קינד", האָט זי מיט מיר איינגע׳טענה׳ט, און איך האָב איר אנגעקוקט מיט אזויפיל ליבע, ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט אז ס׳ועט ניט דויערן לאנג און איך וועל אוועקפליען ווייט, ווייט פון טאַטע־מאַמע, פון אָסטראָווע און רוטקע און פון די אנטיסעמיטישע פּאָלאַקן.

קומענדיג צוריק אין רוטקע, האב איך אויף גיך אויסגעפונען אז אַ ליאַדע טאג קענען די פּאָלאַקן אריינקומען צו מיר אין וואַרשטאַט און נעמען מיר צום פריזיוו אין לאמזשע. יעדן מאנטאג און דאנערשטאג פלעגן פוילישע זשאַנדאַרן זיך ארויסלאָזן איבער׳ן שטעדטל און כאַפּן יונגווארג און אוועקשיקן זיי קיין לאָמזשע.

אזוי ווי איך בין געווען באַפריינדעט (פאר געלט פאַרשטעהט זיך)

מיט א הויכן פאליציי־באַאַמטען אין שטעדטל, האָט ער מיר שטענדיג געלאָזט וויסן פאָראויס ווען די זשאנדארן קומען און איך פלעג זיך באַהאַלטן אויף א בוידעם און זיך פאַרדעקן מיט שטרוי.

ווען איך בין מיד געוואָרן פון קריכן אויפ׳ן בוידעם אין די שטרוי, איז מיר געקומען צו הילף אַ פריינד וואס איז געווען אנ׳אויסגעדינטער סאָלדאַט און מיט זיבן יאָהר עלטער פון מיר. ער האָט מיר „אויסגעליען" זיין פאַס און דער גוטער פאָליציי־באאמטער האָט אָפּגעסטעמפּעלט מיין פאָטאָגראַפיע אויפ׳ן פאַס. איך האָב מיט אָט־דעם פאַס זיך געלאָזט פאָרן אויף יאַרידן און אויסגעשטעלט מיינע רימאַרסקע סחורות. מיין לעצטער יאַריד אין פוילן איז געווען אין סאקאלע, אָבער אַנשטאָדט האַנדלען האָב איך זיך דארט צושלאגן מיט פוילישע אויסוואורפן וואס האבן גענומען שלאגן אידן אויפ׳ן מארק און רייסן בערד. איך האב ניט געקענט בלייבן גלייכגילטיג ווען א גוי האט געשלאָגן א איד׳ן, און פאַר מיינע אויגן איז שטענדיג אין אזא פאל אויפגעשוואומען דאס בילד פון מיין טאטע׳ן יצחק חזן דער קצב ביי ווען די האַלערטשיקעס האבן אויסגעריסן א האלבע באַרד.

צו־לאנג האט אבער מיין „אויסגעליענער" פאַס ניט געדינט. אין איין טרויעריגן פרימאָרגן קומט צו מיר אריין דער פאָליציי־מאַן און לאָזט מיר וויסן אז ער קען מיר מער ניט העלפן. ער האט געקראָגן א באַפעל דירעקט פון לאמזשע צוצושטעלן אַהין יאנקעל האפמאן פון רוטקע און ער איז פערזענליך פאַראַנטוואָרטליך צו היטן מיר איך זאל ניט פארשווינדן.

ווער דער מסור איז געווען, איז אין שטעדטל ניט געווען קיין סוד. דער רייכער מילנער פון הינטער׳ן שטעדטל האָט געקוקט מיט בייזע אנטיסעמיטישע אויגן אויף יעדן אידישן בחור וואס ער האט געזעהן אויף דער פריי און ער האט געהאַלטן אין איין שיקן מסירות קיין לאמזשע, מיט נעמען און אדרעסן. דער פוילישער פאָליציאַנט האָט מיר דאן אויך פאַרשוואוירן איך זאל מער ניט ווייזן קיינעם דעם פאַס מיט דער פאָטאָגראַפיע וואס ער האָט אָפּגעסטעמפּעלט, ווייל אויב יאָ וועלן

מירביידע פארפוילט ווערן אין טורמע, צוזאַמען מיט׳ן גוטן פריינד מיינעם וואס האָט מיר אויסגעליען זיין פּאַס.

איך האב דעם פאליציי באַאַמטען געגעבן א נייע מתנת יד און אים געבעטן אַ טובה. אמת טאקע, האָב איך אים געזאָגט, דו מוזט מיר צושטעלן אין לאָמזשע צום מיליטער, אָבער פארוואס זאל איך ניט קענען זעגענען זיך מיט מיינע טאַטע־מאַמע איידער איך ווער פאַרוואָרפן ווער ווייסט וואוהין?.... נאָך אַ לאַנגען דינגען זיך און נאך א „הוספה״, האָט ער איינגעשטימט ניט צו שיקן מיר „עם כל הנערים״, נאָר מיט א באזונדערן פּאָליציאַנט וואס וועט מיר באגלייטן צו מיין טאטע־מאַמע׳ס הויז אין אָסטראָווע, און דערנאך וועט ער מיר איבערלאזן אין דער אסטראווער „קאָזע״ פונוואַנען זיי וועלן מיר שוין צושטעלן אין לאָמזשע.

מיין ארייפאַלן אין געפאַנגענשאַפט ביי די פאלאקן האָט געטראָפן אין האַרצן פון נאך א פערזאָן אין רוטקע. ביילע קופּער, חנה באשע׳ס טאָכטער, איז ארומגעגאנגען א פאַרוויינטע און ניט געהאַט גענוג ווערטער אויף צו דערמוטיגן מיין אַראָפּגעפאַלן געמיט. כאָטש מיר האָבן נאָך קיינמאָל ניט גערעדט קיין תכלית, האָבן אלע אין שטעדטל אונז געהאַלטן פאַר אַ פּאָר, און אזוי האָבן מיר זיך באַטראַכט, אָן אָפיציעלע רייד און אָן בחור־מיידל צוזאָגן, זינט יענער גורל׳דיגער נאַכט אין מיענזשענין, און נאָכמער זינט חנה באַשע מיט די דריי יתומים איז געקומען וואוינען אין רוטקע וואו איך האָב שוין פון פריער געהאַט מיין וואַרשטאַט.

ניט ביילע און ניט איך האָבן דאַן געוואוסט פון דער קאָנספּיראַציע וואס חנה באשע האט אויסגעוועבט אויף צו פאַנאַנדערשיידן אונז ביידן, ווי איך וועל דערציילן אין אַ ווייטערן קאַפּיטל. ביילע האָט מיר געזאָגט אַז זי וויל אויך מיטפאָרן אויף דער זעלבער פור קיין אָסטראָווע. זי וויל מיר באַגלייטן אזוי ווייט ווי נאָר מעגליך, האָט זי געזאגט, און דער פאליציי־באאמטער האט צוגעשטימט זי זאל מיטפאָרן.

ווי ביטער ס׳איז מיר געווען אויפ׳ן געמיט בין איך אויך געווען זעהר צופרידן פון ביילע׳ס מיטפאָרן. דאס האט מיר קודם כל געוויזן אַז מיין פריינדשאַפט צו איר איז ניט קיין איינזייטיגע. איך האָב אויך געזעהן אַ גוטן סימן אין דעם וואָס זי וויל פאָרן צו מיין טאַטע־מאַמע׳ס הויז און זעהן זיי פון דער נאָהנט, און אויך זיי זאָלן איר זעהן פון דער נאָהנט. פאָרענדיג אויפ׳ן וואָגן, אונטער די וואַכזאַמע אויגן פון א פאָליציאַנט וואָס האָט מיר פריינטאג בייטאג אוועקגעפירט „פאָ עטאַפּאָם״, איז מיר געקומען א ווילדער געדאנק. אפשר גאָר אריינגעהן מיט ביילע׳ן צום רב אין אָסטראָווע און שטעלן א חופה?... פון ביילע׳ס בליקן האָב איך ארונטערגעלייענט אז זי נעמט אָן מיין פאָרשלאַג און איז גרייט צו הערן דעם „הרי את״ איידער איך ווער אוועקגעשיקט פון די פאָלאַקן. ווער ווייסט צו מיר וועלן זיך נאָך ווען עס איז זעהן?... איז מיר אריינגעפאַלן א צווייטער געדאַנק, איז צוליב וואָס פאַראומגליקן אַזאַ שיינע אידישע טאָכטער?...

ווען דער פאָליציאַנט האָט מיר מיט ביילע׳ן אריינגעפירט צו מיין טאטע־מאַמע אין הויז, האבן שוין אויפ׳ן טיש געברענט די שבת־ליכט, און די מאַמע מיט א ווייסן פאַרטוך האט שיער ניט גע׳חלש׳ט פון שרעק. „וואָס איז דאָ?... האַ?... וואס איז געשעהן, יאַנקעל?״, האָט זי קוים ארויסגערעדט, ווי דער לשון וואָלט איר אָפּגענומען פון פלוצים׳דיגען באַווייזן זיך פון איר מיזיניק, צוזאַמען מיט אַ מיידל און אַ פאָליציאַנט.

ווען דער טאַטע איז געקומען פון שוהל האָט אים די מאַמע אָפּגעוואַרט ביים שוועל און נאָך איידער ער האָט געהאַט אַ געלעגענהייט צו ווערען אזוי איבערראַשט ווי זי, האט זי אים דערציילט אז זיי האבן אומגעריכטע געסט.

גוט שבת! גוט שבת!— האט דער טאטע אויסגעזונגען און מיר אריינגענומען אין זיינע ברייט־צועפּענטע ארעמס.

—וואָס זאל איך דיר זאגן, יאנקעל... נו, לאמיר בעסער זאגן „שלום עליכם מלאכי השרת״— האָט דער טאטע זיך צוזונגען און איך האָב



יעקב האפמאן אלס א יונגערמאן מיט זיין בת יחידה גיטל (גלעדיס), א נאמען נאך זיין מאמע'ן ע"ה פון אסטראַווע. היינט הייסט די קליינינקע גיטל, מרס. דוד סילבער, און איז א מאמע פון א תלמיד אין דער ישיבה אף פלעטבוש האי סקול און פון א תלמידה אין דער מידוואוד דעי סקול.



**ביילע אלס יונג ווייבל מיט איר זון הערש-בער,**
א נאמען נאך איר פאטער ע״ה.

אים מיטגעהאָלפֿן, אזוי ווי אין די אַמאָליגע גוטע צייטן ביים עמוד אדער גאָר ביים אַמשינאָווער רבינ׳ס טיש.

די מאַמע איז דערווייל אַריין אין א שמועס מיט ביילע׳ן וועלכע האָט אויפֿ׳ן וועג געקראָגן א פּאַרקילונג און זי האט איר אָנגעבאָטן איר׳ס אַנ׳אויספּרובירטע מעדיצין פאר פארשיידענע מחלאות, ציגענע מילך. „איכ׳ל דיר פאַר׳ן געהן שלאָפֿן געבן א גלאָז ציגענע מילך און דוס׳ט אם ירצה השם אויפשטעהן מאָרגן א געזונטע", הער איך אונטער ווי די מאמע רעדט צו ביילע׳ן און גיט איר א טאָפּ דעם שטערן, צו זעהן צי האט זי אפשר ווארימקייט. פון אירע בליקן אויף ביילע׳ן האב איך זיך געקענט לייכט אָנשטויסן אַז זי האָט גאָרניט וואָס אויסצוזעצן געגן איר צוקונפטיגער שנור, און אויך ביילע האָט זיך דערפילט דערמוטיגט פון דער געמיטליכקייט און פריינדשאפט וואָס זי האָט געטראָפן אין מיין שטוב, און ניט ווייניג אויך פון דעם שבת׳דיגן טיש וואָס איז געווען געגרייט און פון דעם געזאַנג פון מיין טאַטע׳ן און זיין מיזיניק, איר פריינד יאַנקעל.

—גיב דעם ערל צו אכל׳ען — האָט דער טאטע א זאג געטאָן צו דער מאַמע׳ן אינמיטן „אשת חיל", און די מאַמע האט ווי אַנ׳אמת׳ע אשת חיל אים גלייך געפאלגט און געבעטן דעם פּאליציאַנט ער זאל זיך זעצן ביים קליינעם טישל וואס איז געשטאַנען ביים אריינגאַנג און אויף וועלכן דער טאַטע פלעגט אינמיטן וואך אוועקלייגן זיין לייזונג פון אַ גאַנצן טאָג אין יאַטקע. די מאַמע האָט אים געגעבן א געזונט שטיק חלה מיט א נאך גרעסער שטיק פיש וואס האָט געהאַט א סך איקרע אינווייניג, און זיין אַפעטיט אויף אלע אידישע חלאים געזאגט געוואָרן. ער האָט זיך דערפילט אזוי היימיש ביי אונז אין שטוב, אַז ער האָט זיך דערלויבט אוועקצושטעלן די ביקס אין א זייט, און זיך ניט געשעמט צו בעטן נאָך א גלעזל בראָנפען.

מיר האָבן געמאַכט קידוש און געגעסן א פרייטאג־צו־נאכט׳יגע סעודה כיד המלך, געזונגען זמירות און געבענשט, אָבער די זאָרג איז

פון אונז ניט אוועק. אפילו די נשמה יתירה וואָס אַ איד קריגט אַריין לכבוד שבת, איז אויך געווען פאַרזאָרגט.

קיינער האט עס ניט ארויסגערעדט מיט׳ן מויל, אָבער די ווערטער זיינען געהאנגען אין דער לופטן — ווער ווייסט ווען מיר וועלן זיך זעהן נאָכאַמאָל....



די האפמאנ׳ס אויף א באזוך אין ארץ ישראל

# קאפיטל 13
## צום פריזיוו אין לאמזשע

יענע נאַכט פון פרייטאג אויף שבת, אונטער די וואַכזאַמע אויגן פון א פוילישן פּאָליציאַנט, האט קיינער פון אונז ניט צוגעמאכט מיט אנ׳אויג. דער טאַטע מיט דער מאמע׳ן האבן געהאלטן אין איין ארומגעהן ארום מיר, ווי מען געהט ארום אַ קראנקען ווען די דאקטוירים האבן שוין אפּגעזאגט. דער מויל וויל ניט ארויסברענגען די ווערטער וואס ליגן אויפ׳ן צונג, אבער די אויגן, דער בליק פון די אויגן, דערציילט אלץ.

ס׳איז געווען א נאכט פון טרויער און פארצווייפלונג פאר אונז אלעמען. מער ווי אלע האט אבער זיך ניט געקענט קאנטראלירן מיין חבר׳טעביילע קופּער פון מיענזשענין וועלכע איז באשטאנען מיטצופאָרן אויף דער זעלבער פור וואס דער הויכער פּאליציי־באאמטער פון רוטקע האט מיר אויסגעריכט אנ׳ארעסטירטן קיין לאמזשע, מיט אַ דערלויבעניש אפּצושטעלן זיך אויפ׳ן וועג אין אסטראווע, צו געזעגענען זיך מיט טאטע־מאמע און מיט דער גאנצער משפחה, איידער די פּאלאקן שיקן מיר אוועק דינען אין דער פוילישער ארמיי און צו באשטראפן מיר פאר האבן זיך ארויסגעדרעהט פון זייערע הענט ביז דאַן.

ביילע האט א גאנצע נאכט געהוסט און געכליפּעט ווי א קינד. דער מאמע׳ס „מעדיצין״ וואס זי האט איר געגעבן צו איר פארקילונג, די ציגענע מילך, האט איר קנאפּ געהאלפן. זיינען מיר געזעסן אויף דער קאַנאַפּע און גערעדט, זיך דערמאנערט איבער אונזער פריינדשאפט, די יוגענטליכע באגעגענישן אין רוטקע צוזאמען מיט אנדערע חברים און חבר׳טעס אין אונזער קלוב פון יונגע ציוניסטן, די טעאַטער־שפּילן אין וועלכע ביילע האט שוין אנגעפאנגען צו באטייליגן זיך, כאטש זי איז נאך געבליבן אזוי צוריקגעהאַלטן און שעמעוודיג ווי פריער, און טאקע יענע ערשטע באקאנטשאפט אין דער זאַוויערוכע נאַכט אין מיענזשענין, ווען

איך בין געווען בלויז 15 יאהר אלט און זי 12, יענע גורל׳פולע נאכט וואס האט מיר צום ערשטן מאל צונויפגעפירט מיט חנה באשע׳ן מיט אירע דריי יתומים.

דער פאליציאנט מיט׳ן ב־קס איז געזעסן א גאנצע נאכטביים טיר און געהיט אז דער ארעסטאנט זאל חלילה ניט אנטלויפן. טאָמער וועט יאנקעל האָפמאן ניט צוגעשטעלט ווערן צו די פריזיוור־באאמטע אין לאמזשע, איז די גאנצע פוילישע מלוכה אין געפאר, און אויב ניט די גאנצע מלוכה איז לכל הפחות איינגעשטעלט אין קאָן דער שיקזאל פון דעם הויכן פאליציי־באאמטן פון רוטקע וועמען ס׳איז געגאנגען אין לעבן צו ווייזן זיין לאיאליטעט און נאָכמער זיין אומשולד פון די קלאַנגען אז ער ,,נעמט״ אין יד אריין...

דער טאַטע האט זיך א ווײַלע צוגעשפאַרט, אבער נאך איידער ס׳איז געווארן טאג איז ער שוין אויפגעשטאַנען און מעביר געווען די סדרה מיט די טראָפּ. ווי שעהן זיין שטימע און זיין געזאנג האבן געקלונגען אין מיינע אויערן יענעם שבת פארטאג אין אטטראווע, מיין לעצטער שבת אונטער טאַטע־מאמע׳ס דאַך. עס האט זיך מיר אליין ניט געגלויבט אז דאס וועט טאקע זיין דאס לעצטע מאל וואס איך וועל הערן דעם טאטענ׳ס אויסזינגען אזוי פראכטפול די טראָפּ פון דער סדרה און זיין שיינעם נוסח פון דער הפטורה.

און אז דער טאַטע איז געזעסן ביים טיש ביים אפענעם חומש און געזונגען הויך אויפ׳ן קול, איז שוין די מאמע אויך אריינגעקומען און געבראַכט הייסע טיי פון ,,הליאַק״ וואס איז א גאנצע נאכט געשטאנען אין אויוועץ בשכנות פון טשאלענט, און איז ווידער אריין אין קיך און ארויסגעבראכט א צושניטענע ,, ,,באַבקע״ וואס זי פלעגט פארקנעטן מיט אביסל צימרינג אינווייניג און עס האט געהאט אלע זיבן טעמים.

ריידן האט זי אבער ניט גערעדט יענעם פארטאג, מיין טייערע מאמע גיטל, א ליכטיגן גן עדן זאל זי האבן, ווייל ווי זי פלעגט עפעס אנפאנגען צו זאָגן האט זיך פון אירע אויגן אַ גאָס געטאן א ים מיט טרערן. ,,עסט קינדערלעך״, האט זי א קוק געטאן אויף מיר און אויף ביילע׳ן, און איר שטימע האט זיך איינגעבראכן אונטער דער שווערער משא וואס האט איר געדריקט אויפ׳ן הארצן.

ווען ס׳איז שוין געווארן גוט ליכטיג האט זיך דער פאליציאנט באוויזןביים טיש און געזאגט אז ס׳איז צייט צו געהן. ער האט געהאט א באפעל צוצושטעלן מיר אין דער אסטראאווער „קאָזע״ שבת פרי, פונוואנען איך האב געדארפט געשיקט ווערן ווייטער קיין לאמזשע.

די אטמאספערע אין הויז איז געווארן אזוי ווי ג־ט באהיט ווען מען טראגט ארויס א בר מינן. די מאמע האט צוזאמענגעבראכן און ביילע האט איצט געוואלט ארויסווייזן גבורה און האט ארומגענומען מיין מאמע׳ן און איר פרובירט בארוהיגן מיט גוטע, ווייכע רייד. „פארלירט ניט די האפנונג... מיר׳ן זיך נאך אלע זעהן אין פריידן״, האט איר ביילע געטרייסט, אבער די דאזיגע ווערטער האבן פאנאנדערגעפעפנט ביי מיין מאַמע׳ן א נייעם קוואל פון טרערן וואס האבן אויך באזיגט ביילע׳ן, אוןביידע האבן גענומען שלוכצען און קוקן אויף מיר ווי אויף א פאראורטיילטן וואס דארף איצט געהן דעם לעצטן גאַנג.

דער טאַטע האט זיך באהערשט, האט אנגעטאן דעם טלית און איבער׳ן טלית דעם מאַנטעל, און מיר געגעבן די האנט צו געזעגענען זיך איידער ער געהט אין שוהל צום מנין וואס זאגט אפ גאנץ תהלים שבת פרי פאַרן דאוונען. ער האט מיר געקוקט גלייך אין די אויגן אריין, און אָן א ברעקל אויסערליכע עמאציע, מיר געזאגט „זיי געזונט יאַנקעל, ג־ט זאל זיין מיט דיר וואו דוס׳ט זיך קערן״. ער איז אוועק אין שוהל, און איך בין אוועקגענומען געווארן צופוס צו דער אסטראאווער „קאָזע״ וואו איך האב צופעליג באגעגענט מיין שוואָגער, מאיר ראזענטאל (מיט וועמען דער גורל האט מיר שפעטער אויך צונויפגעפירט אויף איין שיף קיין אמעריקע). ער איז אויך געווען אין דער זעלבער צרה וואס איך. אויך אויף אים האט געוואַרט א פוילישער מונדיר אין לאמזשע.

איך האב קיינעם ניט געלאזט מיר צו באגלייטן, און כ׳האב געבעטן ביילע׳ן אז גלייך נאך שבת זאל זי פאָרן צוריק אהיים קיין רוטקע. „ועסט הערן פון מיר ביי דער ערשטער געלעגענהייט״, האב איך איר פארזיכערט, און אונזערע שטומע בליקן האבן זיך געזעגענט מיט א סך ניט־דערזאָגטע ווערטער.

דער פאליציאנט האט מיר איבערגעגעבן צו דער אסטראאווער פאליציי, צוזאמען מיט א גאנצן פעקל דאקומענטן אין וועלכע ס׳איז מסתמא

יעקב האפמאן (אין צענטער) ארומגערינגעלט פון די גבאים, צווישן זיי אויך דריי אפיצירן פון צה"ל, פון דער ,,זכרון קדושים" שוהל וואס ער און זיין פרוי ביילע האבן אויפגעבויט אין ,,מעוז אביב", צפון תל אביב. דער צווייטער אויפ'ן בילד רעכטס איז דער בארימטער העברעאישער שריפטשטעלער און געוועזענער רעדאקטאר פון ,,דבר", דוד זכאי (ע"ה), א חבר פון בן צבי און בן גוריון, א תושב די לעצטע יארן פון ,,מעוז אביב" און א גבאי אין שוהל.

געווען פארשריבן מיין פארברעכן וואס איך זאל האבן באגאנגען געגן דער נייער אומאפהענגיקער פוילן. ער האט סאלוטירט דעם פאליציי־הויפט פון אסטראווע און איז ארויס אויפ׳ן וועג צוריק קיין רוטקע, מיין צווייטע היים שטעדטל וואו איך האב פארבראכט אזויפיל זיסע יארן.

ביילע האט מיר אבער ניט געפאלגט. אזוי לאנג ווי איך בין געזעסן אין דער אסטראווער ,,קאָזע״, פלעגט זי קומען יעדן טאג מיט אַ שוועסטער מיינע און ארויפשרייען צו מיר מיט געוויין ,,יאַנקעל, ווי לאנג וועלן זיי דיר האלטן?״... ארום דינסטאג בייטאג האט מען אונז געלאזט וויסן מיר זאלן זיך ריכטן אין וועג אריין קיין לאמזשע, און אין דרויסן האט שוין געוואַרט מיין גאנצע משפחה, צו געבן נאך א קוק אויף מיר און אויף מיין שוואָגער, איידער מען שיקט אונז אוועק צו די דאקטוירים אין לאמזשע.

ווען די מאמע מיינע איז צוגעפאלן צו מיר מיט געוויין און מיר ארומגענומען, האט איר א פוילישער פאליציאנט א שליידער געטאן מיט צארן און איר נאך צוגעגעבן אַ פּאָר טרויעריג־באקאנטע פוילישע זידל־ווערטער. ארימע מאמע מיינע, האב איך געטראכט, האסטו זיך אזוי פארזינדיגט צו קריגן אזא שטויס אוועק פון דיין אינגסטן קינד, איידער מען נעמט אים צו פון דיר?... איך בין אבער געווען אומבאהאלפן און זיך צוגעקוקט מיט פארביסענע ליפן און געשוויגן. ,,מאמע, זיי געזונט, דאגה ניט״, האב איך נאר באוויזן צו זאגן איידער דער וואָגן מיט די ארעסטירטע האט זיך א ריר געטאָן פון אָרט. ,,יאַנקעל, שרייב, געדענק״, האבן מיינע אויערן אויפגעכאפט ביילע׳ס לעצטע ווערטער, ווען די צוויי געשפּאַנטע פערד האבן זיך ווי ערשט־דערוואַכטע פון א דרימל א ריס געטאן אויפ׳ן וועג קיין לאמזשע.

ווי דאס הארץ האט מיר געזאגט, די דאקטוירים אין לאמזשע זיינען געווען שטארק צופרידן פון מיין געזונט־צושטאַנד און האבן מיר רעקאמענדירט צו די ,,שווערע קאנאנען״, און נאך איידער איך האב געהאט א מינוט צו אויסרעכענען פאר די דאקטוירים אַ פּאָר פון מיינע מיחוש׳ן אויף וועלכע איך האב זיך באקלאגט, האט מען מיר שוין אוועקגענומען צוזאמען מיט אלע אנדערע אפּגעגעבענע סאלדאטן אין א קאזארמע וואס איז געווען ארומגערינגעלט מיט אַ הויכן פלויט.

מה נאמר ומה נדבר?... איך האב א קוק געטאן אויף מיין נייער „אכסניא" און ס׳איז מיר אדורך א שוידער איבער׳ן לייב און א ווייטאג אין הארצן. ווי קען איך דא בלייבן ווען איך האב אין רוטקע א גאנצן ווארשטאט מיט סחורה און אנ׳אייגענע גארבארניע מיט באשטעלונגען וואס מוזן אויסגעפילט ווערן?... אלץ וואס איך האב דערגרייכט וועט דא געהן צו גרונט!...

און וואס וועט טאקע ווערן פון מיין פריינדשאפט מיט ביילע׳ן?... האט מיר נאך א געדאנק ניט אפגעלאזט. איז דאס שוין טאקע דער סוף פון אונזערעביידענ׳ס חלומות?....

א מענש, זאגט די וועלט, איז שטארקער פון אייזן, און אזוי איז אויך דער ווילן פון א מענש. איך האב באשלאסן אז איך קען דא ניט בלייבן, מעג זיך די פוילישע מלוכה ועלן וואס זי וויל. איך האב געפויזעט אויף אלע פיר ביז איך בין צוגעקראכן צום הויכן פלויט, און ניט אנדערש ווי נאר ג־ט אליין האט אויף מיר געהאלטן זיינע אויגן און מיר געגעבן כח און קוראזש אריבערצוקריכן דעם פלויט אריינשפרינגען אין די „נאָטשינע" פון קאַרטאָפּעל וואס זיינען געוואקסן אויף דער אנדער זייט פלויט.

מיליטער איז געגאנגען הין און צוריק און איך בין מיר אזוי געלעגן פאַרבאַהאַלטן אין די „נאָטשינע" ביז ס׳איז געווארן טונקעל אין דרויסן און כ׳האב באוויזן צוצוקומען אין שטאדט און אנקלאפן אין טיר פון מיינעם א באקאנטן רימאַזש מיט וועמען איך האב געטאן געשעפט. פרעגט מיר ניט ווי אזוי איך האב עס באוויזן און ווי אזוי די וואַך האט מיר ניט געכאַפּט, ווייל איך האב ניט וואס צו ענטפערן. אפשר זיינען מיר בייגעשטאנען מיין מאמע׳ס טרערן, און אפשר אויך ביילע׳ס צובראָכן הארץ, און אפשר גאר מיין טאטענ׳ס תהלים־זאגן.

ביים רימאַזש אין לאמזשע האב איך מיר אביסל אפגערוהט און געקומען צו זיך, און ביינאכט האב איך געדונגען א פור און זיך געלאזט צוריק קיין רוטקע, מיט מיין ערשטן אפּשטעל ביי חנה באַשע׳ן אין הויז.

חנה באשע און נאכמער ביילע האבן ניט געקענט גלויבן זייערע אויגן ווען זיי האבן מיר דערזעהן. ווי אזוי, יאַנקעל?... ווי האסטו באוויזן אזא

קונץ?... איך האב זיי ניט געהאט וואס צו ענטפערן, אויסער „מיין מאמע׳ס טרערן און מיין טאטענ׳ס תהלים און אייערע גוטע וואונשן״.

דער ערשטער אפצושטאַטן מיר א באזוך אין ווארשטאט איז געווען דער הויכער פאליציי־באאמטער פון רוטקע וועלכער האט מיר מיט אַ וואָך צוריק אוועקגעשיקט „פּאָטאַפּאם״ קיין לאמזשע דורך אסטראווע.

ער האט זיך באגריסט ווי אנ׳אלטער פריינד און מיר געלאזט וויסן אז פון היינט און ווייטער וויל ער קריגן פון מיר ניט ווייניגער ווי 600 זלאָטעס אַ וואָך.



ביינע מיט איר ברודער שלמה




**יעקב האפמאן ווערט פרעזענטירט מיט אן אויסצייכענונג פון הסתדרות־קאמפיין.**
פון רעכטס צו לינקס: י. פייגענבוים, יעקב נעבראסקי, ראבאי דוד היימאוויץ, עפשטיין, יעקב האפמאן, י.ק. גאלדשטיין, פרעזידענט פון נאציאנאלן ארבייטער־פארבאנד, און בערנארד דזשייקאבסאן, עקזעקוטיוו דירעקטאר פון הסתדרות־קאמפיין.

# קאפיטל 14

## חנה באשע וויל צושטערן מיין גליק

די גזירה פון דעם רוטקער פּאָליציי־הויפּט אַז איך זאָל אים צאָלן וועכנטליך 600 זלאטעס לא יחרץ געלט, איז ווייט ניט געווען דאָס ערגסטע וואָס האָט מיר דערוואַרט קומענדיג צוריק אין שטעדטל, נאָכ'ן אַנטלויפן פון דער לאָמזשער קאַזאַרמע.

מיין רימאזש־וואַרשטאַדט און די גארבארניע האָבן אַריינגעבראַכט גענוג געלט צו באַצאָלן דעם פּאָליאַק און ס'זאל נאָך מיר אויך בלייבן גענוג צום לעבן.

מיין הימל האט ארונטערגעקראכט פון גאָר אַנ'אַנדער ריכטונג. ניט קיין אַנדערע ווי חנה באַשע, ביילע'ס מאַמע, האָט זיך פארלייגט אוועקצורייסן דער טאָכטער פון מיר און אַוועקשיקן איר קיין אַמעריקע צו שטעלן א חופּה מיט'ן מאַן פון איר פארשטאָרבענער עלטערער טאָכטער, רבקה, וועלכע איז אוועק פון דער וועלט אין בליענדען עלטער פון 28 יאהר, אין יאָהר 1918, איבערלאזענדיג צוויי קליינע יתומים'לעך.

צו־ערשט האט חנה באשע אַליין אויך געהאָפּט צו פאָרן קיין אַמעריקע צוזאַמען מיט אירע דריי קינדער, אַדאַנק די ארויספאדערונג־פּאַפּירן וואָס דער יונגער אלמן, הערי סלוצקי פון פילאַדעלפיע, האָט איר געשיקט צוזאַמען מיט 800 דאָלאר אויף שיפס־קאַרטן, דורך א „דעלעגאַט" וואָס איז געהאַט געקומען פון אַמעריקע. סלוצקי האט אפנים לכתחילה געהאַט אין זינען צו ברענגען חנה באַשע'ן מיט די קינדער קיין אַמעריקע, כדי ער זאל קענען חתונה האבן מיט זיין פרוי'ס אינגערע שוועסטער. ער'ט האָבן א שיינע פרוי און די קינדער וועלן האָבן א מאַמע'ן, ניט קיין שטיף־מאַמע.

ווען חנה באַשע׳ס מאַן, הערש בער, איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1912 און זיך ניט געקענט דערשלאגן צו קיין פּרנסה, האָבן אים לאַנדסלייט געבראַכט קיין פילאַדעלפיע, און די סלוצקי־משפּחה וועלכע האָט געהאַט א בעקעריי אין פילאַדעלפיע האָט אים שטאַרק ארויסגעהאָלפן. הערש בער איז אָבער קראנק געוואָרן פון די אמעריקאנער גליקן און האַרצווייטאָגן, און די לאַנדסלייט האָבן געשריבן צו חנה באַשע׳ן קיין מיענזשעניץ וואו זי האט געהאַט אַ קרעטשמע, זי זאָל וויסן אַז איר מאַן איז אַ חולה מסוכן. חנה באַשע האָט גלייך אוועקגעשיקט די עלטסטע טאכטער, רבקה, קיין אַמעריקע, זי זאל אויפפּאסן אויפ׳ן קראַנקען טאַטען. הערש בער האָט אָבער איינגעדאַרט פון טאָג צו טאָג, און א פּאָר חדשים נאך רבקה׳ס אָנקומען אין 1913, איז ער געשטאָרבן אַ יונגער מענש.

דער יונגער הערי סלוצקי האָט זיך דאן משדך געווען מיט דער גרינער רבקה וועלכע איז געווען ניט קיין קלענערע יפת תואר פון איר אינגערע שוועסטערביילע. קורץ נאך איר חתונה האט רבקה אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע איר ברודער שלמה וועמען ס׳איז שפּעטער באַשערט געווען צו שפּילן א גרויסע ראָליע אין מיין צונויפקומען זיך ווידער מיט ביילע׳ן ווען זי איז געקומען קיין אַמעריקע און איז פאַרפאָרן צו איר ברודער קיין פילאַדעלפיע.

פון חנה באַשע׳ס פּלאַן צו פארן קיין אַמעריקע צוזאַמען מיט אירע דריי יתומים, ביילע, חיים און זעלדע, האט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט, ווייל דער „דעלעגאט" פון אַמעריקע איז פאַרשוואונדן מיט די איבעריגע 500 דאָלאר. זי האָט זיך אָבער ניט פאַרלוירן און האָט באַשלאָסן אז ביילע זאל פאָרן אליין און ווערן אַ מאמע צו רבקה׳ס יתומים׳לעך און אַ פרוי צו איר געטרייען מאַן, הערי סלוצקי.

איר לאָגיק איז געווען אַז איך בין אַ בחור וועמען די פּוילישע זשאַנדאַרן זוכן אַרום, איז פאר וואָס זאל ביילע ניט שטעלן איר אייגענעם גליק העכער פון דעם וואס מענשן רופן „ליבע־שמיבע" און פאָרן קיין פילאַדעלפיע וואו זי וועט ניט וויסן פון קיין דייטשן און קיין רוסן און מאַכן דאָרט אַ פיינע היים פאר זיך און פאַר רבקה׳ס מאַן מיט די קינדער?.... זי האט טאקע שטארק געהאַלטן פון מיר, אַז איך בין אַ בחור א ברען, אַ גרויסער פאַרדינער, און דער עיקר אויך וואָס איך קום

פון אַ שיינער אידישער היים אין אָסטראָווע, אָבער אין יענע אומרוהיגע יאָרן פון מלחמות און אָנפאַלן אויף אידן, איז אַ וויזע און א שיפס־קאַרטע קיין אַמעריקע געווען דאָס העכסטע גליק וואָס ס׳האט געקענט פאסירן מיט א אידיש מיידל.

ביילע אַליין איז געווען דאַן באלד 18 יאהר, אָבער זי איז מער ווי אלץ געווען אַ געטריי קינד, און אַז די מאַמע זאָגט טאָג איז טאָג, אויב אפילו ס׳איז שטאָק פינסטער אין דרויסן. די מאַמע האָט איר אויך שטאַרק בעאַיינפלוסט מיט דעם וואָס רבקה׳ס יתומים׳לעך אין פילאַדעלפיא נויטיגן זיך אין אַ מאַמע׳ן, ניט ג־ט באַהיט אַ שטיף־מאַמע.

צו זאָגן אז איך בין דאַן געווען אין אַ פארצווייפעלטער לאַגע, וואָלט געווען צו־מילד. דאס לעבן האָט זיך פאר מיר פשוט געענדיגט. מיט ביילע׳ן אַליין האָב איך קיין וואָרט ניט אויסגערעדט וועגן דעם. אָפיציעל זיינען מיר דאָך ניט געווען חתן־כלה, איז וואס איז דא פאַראַן צו ריידן אָדער צו מאָנען?.... און צוליב וואָס אויסעסן איר דאס האַרץ?.... טיף אין הארצן האָב איך געפילט אַז זי טוט דאָס וואָס זי טוט מיט געגנוג אייגענע האַרץ־עסעניש, אַז זי איז אַליין גענוג פאַרווייטיגט, איז צוליב וואָס נאָך צוגעבן זאַלץ אויף די וואונדן?....

איך האָב אויפגעהערט אריינקומען צו חנה באַשע׳ן אין הויז וואו איך בין געווען אַ גאנצער בן־בית. איך האָב אפילו אויסגעמידן אריינצוקומען אין שיע זיסקינד׳ס רעסטאָראַן וואו ביילע איז געווען א סאַרווערין.

אין מיין געדאַנק האָט זיך יענע טעג גענומען באָמבלען דאָס וואָרט אמעריקע. וואס וועל איך דא זיצן אין רוטקע און ציטערן פאר׳ן אָנקומען פון די פוילישע זשאַנדאַרן?.... ווי איינגעבאַקן דאָס שטעדטל זאָל מיר ניט זיין, איז עס אַ תכלית פאר אַ יונגען בחור פון באלד 21 יאהר צו האַלטן אין איין צאָלן דעם פוילישן פּאָליציאַנט 600 זלאָטעס אַ וואך לא יחרץ געלט?.... איך האב זיך אליין געמאַכט ניט וויסענדיג פון דער אמת׳ער אורזאַך וואָס האָט מיר מיטאַמאָל גענומען פלאָנטערן אַמעריקע אין די געדאַנקען. פון איין זייט האָט מיין בחור׳שע שטאָלץ געזאָגט צו „זיין אַ מאַן” און ניט אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג צוליב דעם וואס די מיידל פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע, אָבער פון דער אַנדער זייט האָב איך מיר ניט געקענט געפינען קיין רוה און כ׳האָב געטראַכט פון מיין



א געפונענע בילד פון ביילע האפמאנ׳ס שוועסטער און שוואגער רבקה און הערי סלוצקי, מיט זייערע קינדער אין פילאדעלפיע (א קורצע צייט פאר דעם וואס די שוועסטער איז אוועק פון דער וועלט).

מאַמע׳ס אַ ווערטל אַז אפילו אַ זאַך וואָס איז באַשערט דאַרף מען היטן פון ווערן פאַרצערט.

ווען כ׳האָב זיך דערוואוסט אַז ביילע דאַרף פאָרן קיין לאָמזשע אויסצואַרבייטן אַ פּאַס, האָב איך זיך אָנגעבאָטן מיטצופאָרן מיט איר און אַרויסהעלפןביים דערליידיגן די דאָקומענטן. דער פריער׳דיגער פּאַס וואס חנה באַשע האָט ארויסגענומען צוזאַמען מיט די דריי קינדער, האָט שוין יעצט ניט געטויגט, און ביילע האָט געדאַרפט האבן אַנ׳אייגענעם פּאס. פאַר מיר איז געווען דאַן אַ געפאַר צו לאָזן זיך אין וועג, באזונדערס קיין לאמזשע, פונוואנען איך האָב געהאַט דעזערטירט פון דער מיליטערישער קאזאַרמע, אָבער עפּעס אַנ׳אינערליכער אומרוה האָט מיר געטריבן צו מאַכן די נסיעה. כ׳קען מיר עד היום ניט מאַכן קיין קלאָרן חשבון פון מיין ניט אויסגערעכנטער האַנדלונג, ווייל טאָמער וואָלט מען מיר געכאַפּט וואָלט אויך ביילע אריינגעשלעפּט געוואָרן אין דער צרה, סיידן, סיידן עפּעס א בייזער גייסט זאל מיר האָבן געשטופּט טאַקע צוליב דעם, צו פאַרמיידן ביילע׳ס אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע.

מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון רוטקע אינדערפרי און געקומען צוריק פאַרנאַכט, אָבער אַ גאנצן טאָג האָבן מיר ביידע כמעט ווי געשוויגן, אַחוץ דאָס וואָס איז געווען נויטיג צו דערליידיגן דעם פּאַס. עטליכע מאָל האָט זיך מיר דער צונג ווי אָנגעפאַנגען צו באַוועגן און פרעגן איר: ביילינקע, ס׳טייטש, ווי אזוי קענען מיר עס ביידע דערלאָזן אַזאַ זאַך?.... זיינען אונזערע הערצער אינגאנצן געוואָרן ווי שטיינער?.... איך האָב אָבער געשוויגן. געליטן און געשוויגן.

און אויך זי האָט אפנים געהאַט די זעלבע געדאַנקען. עטליכע מאָל האָב איך באַמערקט ווי זי גיט אויף מיר אַ קוק ווי אויף אנצופאַנגען אַ געשפּרעך, אָבער אויך זי האָט געשוויגן. געליטן און געשוויגן.

נאָך דער דאָזיגער רייזע קיין לאָמזשע בין איך געזעסן אין מיין וואַרשטאַט ווי אין אַ הינער־פּלעט, טראַכטענדיג און ברעכענדיג זיך דעם קאָפּ, ווי אזוי קריכט מען אַרויס פון דער בלאָטע. אפשר, האָב איך געטראַכט, וואָלט מיין מאמע אויך געהאַנדעלט ניט בעסער ווי חנה באַשע און זי וואָלט מיר אויסגעריכט קיין אַמעריקע אויב איך וואָלט נאָר געקראָגן פּאַפּירן פון אימיצן?....

מיטאַמאָל פאַלט מיר איין אַ געדאנק. אברהם משה ווייס, דעם שוחט׳ס זון, געפינט זיך איצט אין שטעדטל אויף א באַזוך פון אמעריקע צו זיין ווייב נעשקע און אַלע באוואונדערן דעם שיינעם „אַמעריקאַניעץ״ מיט די גלאַנציגע געלע שיך און מיט אַ קאַפעליוש וואס איז באַפוצט מיט אַ צונטער־רויטע לענטע וואָס אפילו אין ווארשע זעהט מען ניט אַזעלכעס. פאַרוואָס זיך ניט ווענדן צו אברהם משה׳ן ער זאל מיר געבן ארויספאדערונג־פאַפּירן קיין אַמעריקע?.... איך בין נאָהנט באַפריינדעט מיט זיין גאַנצע משפחה, און ער וועט מיר אודאי ניט אָפּזאָגן די טובה.

און יאָ, כ׳האָב געטראָפן. אברהם משה מישט שוין אַריין ענגלישע ווערטער ווען ער רעדט, און ער׳ט מ׳יר געזאָגט „שור, שור... איך וועל דיר געבן פּייפּערס... ווהאַי נאַט?״....

די פראַגע איז אָבער וואָס פאַראַ נוצן קען איך האבן פון אברהם משה׳ס פאַפּירן, אַז די פּאָלאַקן וועלן דאָך מיר ניט געבן קיין פּאַס?.... אַ הויכער בחור פון באלד 21 יאהר דאַרף טראָגן אַ פּוילישען מונדיר און ניט אַרומטראָגן זיך מיט חלומות צו פאָרן קיין אַמעריקע.

און אָן אַ פּאַס איז ניטא וואס צו ריידן ווענן אַ וויזע וואָס איז געווען אַ שווערע פרשה פאר־זיך ביים אמעריקאנער קאָסול אין וואַרשע וועלכער האט זיך געטשעפעט אומזיסט און אומנישט און אפגעזאגט טויזענטער אידן די וויזע, וואָס דאָס האט געמיינט אפגעזאגט טויזענטער אידן דעם לעבן.

ווי שטעהט אָבער דאָרט „צרות אחרונות משכחות את הראשונות״, נייע צרות מאַכן פארגעסן די אַלטע צרות.

מיין אַרבעטער אין וואַרשטאַדט, אַלטער קורפּ, לויפט אַריין צו מיר אין צימער אַ פאַרסאָפּעטער, מיט א געשריי: יאַנקעל, די זשאַנדאַרן געהען!....

מער האָב איך ניט געדאַרפט הערן. איך בין ארויסגעשפרונגען דורכ׳ן פענסטער אין גלח׳ס גארטן אריין און געלעגן דאָרט אין שרעק ביז ס׳איז געוואָרן טונקעל אי׳ן דרויסן, ווען איך האָב געשטעלט מיינע ערשטע וואַנדער־טריט אויף דער לאנגער וועג וואָס האָט מיר אין אַ האלב יאָהר אַרום געבראַכט קיין אַמעריקע.

איך האב אלץ געלאזט אויף הפקר און בין געלאָפן אויפ׳ן וועג קיין מיענזשענין, מיט דער האָפנונג אָנצוקומען קיין ביאַליסטאָק.



די האפמאנ׳ס אויף א באזוך אין ארץ ישראל

# קאפיטל 15
# אין דער רייה פאר א וויזע קיין אמעריקע

די שרעק פאַר די פוילישע זשאנדארן וואס זיינען מיר געקומען זוכן אין רוטקע נאָכדעם ווי איך בין אנטלאפן פון דער קאזארמע אין לאמזשע, האט מיר ענדליך צום לעצטן מאל פאַרטריבן פון מיין שטעדטל און פון מיין ווארשטאט און פון מיינע פריינד. איך בין געלאפן, אין טונקל פון דער נאכט, אין דער ריכטונג פון מיענזשענין און בין אריינגעלאפן א האלב־טויטער צו דער איסטמאַן־משפחה וועלכע איז צוריקגעקומען צו זייער קרעטשמע נאך דער מלחמה.

די איסטמאן־קרעטשמע וועלכע איז, ווי איר ווייסט שוין פון פריער, געווען אלע יארן אין קאנקורענץ מיט חנה באַשע׳ס קרעטשמע, האט דאס מאל געזאלט זיין מיין באהעלטעניש ביז אויף מארגן אינדערפרי ווען איך וועל זיך ארויסלאזן צו מיין ברודער משה אהרן אין ביאליסטאק. אבער איך האב נאך ניט באוויזן אפצוכאפן דעם אטעם, ווי דעם קרעטשמער׳ס צוויי טעכטער לויפן אריין מיט א בשורה אז מען זעהט פון דער ווייטענס פאָרן אַ בריטשקע מיט צוויי זשאנדארן, און וועמען דען זוכן די זשאנדארן אויב ניט יאנקעל האפמאן פון אסטראווע און רוטקע?... די מיידלעך האבן מיר אויף גיך געווארנט איך זאָל ארויסשפרינגען דורכ׳ן פענסטער און זיך באהאלטן אין דער גרוב וואו ס׳איז געלעגן די קארטאפעל, און פארשטעהט זיך אז איך האב זיי געפאלגט. איך האב דען געהאט א ברירה?... כ׳בין געווען אנטשלאסן, אויף איין אדער א צווייטן, אנצוקומען קיין אמעריקע, מעגן מיר די פאָלאַקן ארומזוכן טאג און נאכט.

גליקליכערוויז איז די בריטשקע בלויז פארבייגעפארן מיענזשענין און איך האב ניט געדארפט אפ׳חושכ׳ן א גאנצע נאכט אין דער קארטאפל־גרוב וועלכע האט מיר דערמאנט אין דער געשיכטע פון מכירת יוסף, ווי ער איז אריינגעווארפן געווארן אין א גרוב אויפ׳ן וועג צו זיין גורל׳דיגער שליחות קיין מצרים, די אמעריקע פון יענער צייט.

די פופציג וויאָרסט פון מיענזשענין ביז ביאַליסטאָק בין איך געגאַנגען ניט מיט׳ן געוויינליכן שאסיי, נאר דורך פעלדער און וועלדער, כדי אויסצומיידן די פּוילישע סאָלדאַטן וואס האבן באוואכט די וועגן. ס׳איז געווען אסיען־צייט און די ערד איז געווען נאַס פון רעגן. די בוימער האבן געהאלטן אין איין ארונטערוואַרפן פון זיך די זומער׳דיגע בלעטער און זיך געגרייט פאר אַ קאַלטן פּוילישן ווינטער מיט שנייען און זאַוויערוכעס. און וואס שטעהט מיר פאָר דער קומענדן ווינטער?.... וואוהין וועלן מיינע יונגע אבער מידע ביינער אָנשפּאַרן?.... וויפיל זאַוויערוכעס וועל איך נאך דאַרפן דורכמאכן ביז איכ׳ל קומען צו א סטאַנציע?....

מיין ברודער משה אהרן, דער דריטער פון מיינע ברידער, האט געהאט א גרויסן לעדער־געשעפט אויף דער ביאַליסטאָקער אַלעיע. פריער, אונטער די רוסן און אונטער די דייטשן האט ער געהאט א גרויסע לעדער־פאַבריק און א געשעפט אין ווארשע, אבער די פּאָלאַקן זיינען אים אזוי דערגאַנגען דעם לעבן מיט זייערע באַיקאָטן אז ער איז אוועק קיין ביאַליסטאָק. דער דאַזיגער ברודער מיינער איז אין 1926 אוועק קיין ארץ ישראל און מיט צוויי יאהר שפּעטער איז ער אוועק קיין באַגאָטאַ, קאַלאָמביע, וואו ער איז געשטאָרבן מיט דריי יאָהר צוריק.

ווען מיין ברודער האט מיר דערזעהן איז אים באַפאַלן א פחד פאר מיין אויסזעהן. איך בין געווען אויסגעגנעצט און אָפּגעצערט, דאס פּנים צוקראַצט פון צווייגלעך אין וואלד אויף וועלכע כ׳האב זיך פאַרטשעפּעט און געפאַלן, און די פּאָדעשווע פון איין שוך איז געווען האַלב־אראָפּגעפאַלן און זיך נאָכגעשלעפּט ווי א פּויער׳שע לאַפּטשע.

דאס ערשטע האט מיין ברודער צוגעמאַכט די קראָם און מיר אוועקגעפירט צו אים אין הויז אויף דער וואַשליקאָווער גאַס. צו שטעהן אין אנ׳אָפּענעם געשעפט אויף דער אַלעיע וואו מענשן געהען און קומען איז געווען צו־געפערליך פאר מיר. מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם שטאָדט־זייגער וועלכן איך האב דאס מאָל באַמערקט מער ווי אַלעמאָל, ווי איך וואָלט זיך געזעגענט מיט אים און מיט אַלע שיינע אידישע היימען און געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס וואס האבן זיך געפונען אויף דער זעלבער גאַס.

ס׳איז אבער ניט געווען קיין צייט צו גיין געזעגענען זיך מיט מיין באליבטער ביאליסטאק. די פוילישע ערד האט מיר געברענט אונטער די פיס און כ׳האב געמוזט געפינען א רעטונגס־שיפל וואס זאל מיר ארויסנעמען פון פוילן און ברענגען קיין אמעריקע.

מיין ברודער משה אהרן האט געהאט א ברייטע באקאנטשאפט אין ביאליסטאק, ווייל ער איז געווען דער איינציגער צו פאבריצירן די פיינסטע לעדער־ארטיקלען פאר די פוילישע אפיצירן און פריצים. ער האט מיר גענומען צו א הויכן באאמטען אין דער ביאליסטאקער פאזשארנע קאמאנדע און ער האט פאר מיר אויסגעארבייט א פאס אויף מיין נאמען, נאר פארשריבן מיט עטליכע יאהר עלטער און אז איך בין א געבוירענער פון אַמדור, לעבן גראדנע. פארוואס עפעס אמדור?... ווייל אמדור איז געווען א שטאדט וואס די פאלאקן האבן צוגענומען ביי די ליטווינער, און פוילן האט ניט געטארט נעמען אין מיליטער די געבוירענע פון זייערע אקופירטע שטעדט. איך האב גלייך פון ביאליסטאק געלאזט וויסן דעם „אמעריקאניעץ״ אברהם משה ווייס, דעם רוטקער שוחט׳ס זון, אז ער זאל זיך מיט מיר טרעפן אין ווארשע און מיר וועלןביידע צוזאמען געהן צו אנ׳אדוואקאט אויסצושרייבן זיינע ארויספאדערונגס־פאפירן פאר מיר צו קומען קיין אמעריקע.

פון ביאליסטאק קיין ווארשע בין איך שוין געפארן מיט א בילעט, ניט אויסבאהאלטן. אין קעשענע האב איך געהאט א פאס מיט אלע גוטע סימנים און משה אהרן האט מיר אויך מיטגעגעבן אַ פּאָר זלאטעס האנט־געלט. פון מיין אייגענער עשירות וואס איך האב איבערגעלאזט אין רוטקע האט זיך אויסגעלאזט א טייך.

אין ווארשע בין איך דאס מאל פארפארן ניט אויף מיין געוויינליכער אכסניא אויף די נאלעווקעס וואו איך פלעג זיך טרעפן מיט יונגע חברים און חבר׳טעס פון דער פראווינץ וועלכע זיינען פונקט ווי איך געווען אקטיוו אין די „צעירי ציון״ און פאר׳ן קרן קיימת. אנשטאדט אויף די נאלעווקעס האט מיר מיין ברודער געגעבן דעם אדרעס פון זיין שווער, א גערער חסיד מיט׳ן נאמען ר׳ משה שמואל גובערשטיין, אויף גענשע נומער 8. ר׳ משה שמואל האט געהאט א שפייז־קראם, אבער ער האט פארבראכט מער צייט אין גערער שטיבל ווי אין זיין קראם, און ער איז לכתחילה געווען שטארק אומצופרידן ווען זיין טאכטער האט חתונה

געהאט מיט מיין ברודער וועלכער איז געווען אנ׳אינטעליגענט, האט ליב געהאט צו שפילן טעאטער און געווען א יוצא ונכנס אויף טלאמאצקע 13 וואו ער איז געווען אויסגעקאכט מיט א סך אידישע שרייבער און קינסטלער. שפעטער ווען מיין ברודער האט מצליח געווען אין מסחר און ארויסגעהאלפן דעם שווער מיט א ברייטער האנט, האט ר׳ משה שמואל ,,מסכים״ געווען אויפ׳ן שידוך און זיך איבערגענומען מיט זיין איידים.

אויך איך האב אין זכות פון מיין ברודער שטארק געגאסן פון ר׳ משה שמואל׳ס הכנסת אורחים. דאס גאנצע הויז־געזינט, דער עיקר געדענקט זיך מיר זיין זון יוסף, איז געווען אויסערגעוויינליך פריינדליך צו מיר. לכבוד שבת האט זיך ר׳ משה שמואל אנגעטאן אין זיידענס און מיר מיטגענומען צום דאוונען. אזוי ווי אין אסטראווע זיינען געווען א סך גערער חסידים מיט׳ן בארימטן ר׳ בן ציון אסטראווער בראש, האב איך ביים טיש מיטגעהאלפן אין זינגען די שבת׳דיגע זמירות ווי א זקן ורגיל, און די בני בית האבן זיך איבערגעקוקט מיט א שטוינונג אין זייערע בליקן, ווי איינער זאגט — פונוואנען קען עס דער חברה־מאַן אלע אונזערע ניגונים?.... צו שלש סעודות האט מיר ר׳ משה שמואל מיטגענומען אין שטיבל אריין, און דער ארימער טיש מיט חלה און הערינג, אבער מיט נגינה פול מיט בענקשאפט, איז געווען איינע פון די סאמע לעצטע בלוט־טראנספיוזיעס אין אידישקייט וואס איך האב געקראגן האַרט פאר מיין זעצן זיך אויפ׳ן שיף אין דאנציג. דער שלש סעודות האט זיך פארצויגן שפעטער ווי אין אלע ארומיגע שוהלן, און נאך מעריב האבן מיר אידן צוגעוואונשן איך זאל מצליח זיין אין אמעריקע און דער עיקר ,,זאלסט בלייבן א איד״.

דעם שוחט׳ס זון פון רוטקע האט געהאלטן ווארט און מיר געטראפן אין ווארשע, און דער צופאַל האט געפירט אז דער אדוואקאט צו וועמען מיר זיינען געגאנגען אויסשרייבן די פּאַפּירן קיין אמעריקע איז געווען דעפּוטאט יצחק גרינבוים וועמען ס׳איז באשערט געווען צו שפילן אזא גרויסע ראליע אין פוילישן אידענטום און אין ציוניזם. גרינבוים האט אויף מיר געמאכט דעם איינדרוק פון אנ׳אייגענעם, פון א קרוב. ער האט זיך מיט מיר מטפל געווען ניט ווי אנ׳אמעריקאנער לאיער מיט א ,,קליענט״, נאר ווי א ברודער. איך געדענק ניט אפילו צי מיר האבן אים באלוינט פאר זיין פּראָפעסיאָנעלער טירחה.



ביילע קופער (לינקס) די שפעטער׳דיגע מרס. האפמאן, צוזאמען מיט א לאנדספרוי פון רוטקע, פייגל זעלעוויץ, פאטאגראפירט ענדע 1920 אין ווארשע, נאך ביילע׳ס באקומען די וויזע קיין אמעריקע. יעקב האפמאן איז דאן אויך געווען אין ווארשע און זיך צופעליג געטראפן מיט ביילע׳ן אין הויז פון דער זעלעוויץ־פאמיליע אויף דער נאוואליפיע גאס.

אבער ערשט איצט, מיט׳ן פּאַס און מיט די פּאַפּירן, ווי קומט מען צו צום אמעריקאנער קאנסול?.... די ,,אטשערעד״ ארום דער געביידע פון קאנסולאט איז געווען אזוי לאנג אז מענשן זיינען געשטאנען וואָכן־לאנג, אין רעגן און קעלט, ביז, ביז זייער רייה איז געקומען, און ערשט דאן האט זיי דער קאנסול אפּגעזאגט.

אין ווארשע האט מען געזאגט אז דער אמעריקאנער קאנסול איז א בייזער מענש. ער פלעגט שטעלן פראגן וואס האבן גארניט געהאט צו טאן מיט דער אקטועלער פּראצעדור, נאר געזוכט אורזאכן אויף אפּצוזאגן די וויזע. ער פלעגט אויספּרובירן די אינטעליגענץ פון אנ׳אפּליקאנט פאר א וויזע, מיט געבן אים אדער איר צוזאמענצושטעלן א ,,פּאָזל״, א רעטעניש מיט ברעקלעך און שטיקלעך, און אויב די ,,פּאָזל״ איז ניט צונויפגעשטעלט געווארן אין צייט, איז עס געווען גענוג אורזאך אפּצוזאגן אדער אמווייניגסטענס אפּצולייגן די וויזע. וויפיל טייכן טרערן זיינען עס פארגאסן געווארן פון פּוילישע אידן ביים שוועל פון אמעריקאנער קאנסולאט אין ווארשע!...

איך האב מיר גענוג אויסגעוואַלגערט אויפ׳ן טראטואר לעבן דעם אמעריקאנער קאנסולאט אין ווארשע, ביז איך האב זוכה געווען צו קריגן א וויזע צו קענען אריינקומען אין דער גאלדענער מדינה און צו קענען זיך ריכטן אין וועג אריין קיין דאנציג.

נאר פאר׳ן אפּפארן קיין דאנציג איז מיר געווען באשערט נאך אנ׳איבערראשונג. ווען מיינט איר האב איך געטראפן אין ווארשע?... יא,ביילע׳ן, די שיינע מיידל פון מיענזשעניץ מיט וועמען איך האב זיך גע׳חבר׳ט, און די מאמע אירע, חנה באַשע, האט באשלאסן אז די טאכטער זאל פארן קיין אמעריקע און חתונה האבן מיט אנ׳אלמן וואס איז מיט צען יאהר עלטער פון איר, דעם מאן פון איר פארשטארבענער טאכטער רבקה וועלכע האט אים איבערגעלאזט צוויי קליינע עופה׳לעך וואס דארפן א מאמע.

געטראפן האבן מיר זיך אומגעריכט ביי א רוטקער לאנדספרוי, פייגע זעלעוויץ, אויף דער גאוואליפיע גאס, וועלכע האט געהאט א זון א דאקטאר, און דער זון האט געקראגן פאר ביילע׳ן א וויזע קיין אמעריקע דורך א ,הינטער טיר״, ניט דארפענדיג אפילו שטעהן אין דער רייה קיין צוויי מינוט.

מיר האבן זיך בײדע אנגעקוקט ווי צוויי אײגענע וואס זײנען צושײדט געוואָרן דורך ביטערע, טראגישע אומשטענדן, אבער דער וואס זיצט אויבען און פירט די וועלט קירעוועט אונז עפּעס אין אײן און דער זעלבער ריכטונג.

— פאָרסט טאקע אין אמעריקע? — האב איך איר א פרעג געטאן, כאטש איך האב גאנץ גוט געוואוסט וואוהין זי פאָרט, אבער געמײנט האב איך צו פרעגן צי זי פאָרט טאקע קײן פילאדעלפיע צו שטעלן א חופּה מיר איר שוועסטער׳ס מאן, הערי סלוצקי.

— און דו אויך יאנקעל?...— האט זי מיר אנגעקוקט מיט אירע צוויי דורכדרינגענדע אויגן אין וועלכע ס׳האט געפינקעלט א תפילה צו ג־ט אז אונזערע באזונדערע וועגן אין דער נײער וועלט זאלן זיך ניט פאנאנדערטײלן צו ווײט.





**ביילע ווי זי האט אויסגעזען צו 14 יאר,**
אויף דער פאספארט בילד וואס זי האט גענומען. (אונטן קען מען זען
דעם פוילישן סטעמפל).

# קאפיטל 16
# פון דאנציג ביז עליס איילאנד

דאנציג, אדער אויף פויליש גדאנסק, איז געווען די נעקסטע סטאנציע, נאכ׳ן אמעריקאנער קאנסול אין ווארשע, אויפ׳ן וועג קיין אמעריקע.

אלע עמיגראנטן זיינען דארט געווען אין אַ לאגער, ניט ווייט פון שטאדט, וואו זיי האבן באדארפט דורכגעהן א גאנצע פראצעדור ביז זיי זיינען געווען כשר גענוג ארויפצוגעהן אויפ׳ן שיף און זיך ארויסלאזן אויף דער רייזע. קודם כל האט מען געדארפט דורכגעהן א מעדיצינישע אונטערזוכונג, און געווען אזעלכע וואס זיינען געפונען געווארן פון די דאקטוירים ניט אין בעסטן געזונט און זיי האבן זיך אפגעוואלגערט אין לאגער חדשים־לאנג. מען האט דארט אפגעשוירן יעדן איינעם פון קאפ ביז די פיס און דערנאך אריינגעפירט אין א סטים־באָד, אויף צו רייניגן זיך פון אייראפעאישע באַצילן. אויך די קליידער וואס יעדער איינער האט געטראגן אויף זיך, זיינען דורכגעגאנגען דאס וואס מען רופט אין אמעריקע א ,,דראַי־קלינינג״ און מען האט זיי געקראגן צוריק צורינצעלט און צוקנייטשט. די וואס האבן געהאט מיט זיך דעם לוקסוס פון אַ פרעס־אייזן האבן עס אביסל אויסגעפרעסט און אויסגעגליכן, אבער די מערסטע זיינען ארומגעגאנגען אין די צורינצעלטע בגדים. פרויען זיינען ארומגעגאנגען מיט אפגעגאלטע קעפּ, אזוי ווי פרומע כלות איידער זיי טוען אָן אַ פּאַרוק.

אויפ׳ן אמעריקאנער לשון וואלט יענער לאַגער געקענט באצייכענט ווערן ווי א ,,דאָמפּ״, ווי אַ מיסט־קאסטן, אבער פארפאלן. דארט האט מען אונז געהאלטן אין א סארט ,,קוואַראַנטין״ און אונז צוגעגרייט פאר אמעריקע. א געלעגער האט מען אין לאגער געקראגן אומזיסט, אבער עסן האט מען זיך געדארפט קויפן אייגענע פאר פוילישע זלאָטעס אדער דייטשע מאַרקן וואס זיינען געגאנגען אין דער פריי־שטאדט דאנציג.

אין לאַגער האבן זיך געפונען מענשן פון אלע שבעים אומות אויף דער וועלט. פּאָלאקן, רוסן, רומענער, דייטשן, און פארשטעהט זיך א גוטע פּראפארץ פון אחינו בני ישראל וועלכע האבן זיך געהאלטן צוזאמען און פאראויסגעקוקט צו די גליקן וואס דערווארטן זיי אין דער גאלדענער מדינה. עס זיינען געפאָרן מענער אָן די פרויען, און עס זיינען געפארן פרויען מיט קינדער צו די מענער וואס זיינען שוין פריער געהאט געקומען קיין אמעריקע. מער ווי אלע צווישן די אידן איז געווען פּאַרטראָטן יונגווארג, יונגע בחורים און מיידלעך וואס האבן איבערגעלאזט טאטע־מאמע און אוועקגעפאָרן צוצוגרייטן א היים פאר דער גאנצער משפחה. איך בין ווייט ניט געווען דער איינציגער אין דער גרופּע וואס האט ניט געוואָלט געהן אין דער ארמיי און זיך דעריבער געלאזט קיין אמעריקע. פארנאַכט־צו פלעג איך ארויסנעמען מיין פידל און אויפשפּילן א היימישעס און זיך אונטערגעזונגען, און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האב איך זיך איינגעשאַפן א סך פריינד.

ס׳איז אוועק אַ וואָך, צוויי וואָכן, און די פּאָר זלאטעס וואס מיין ברודער משה אהרן האט מיר מיטגעגעבן אין וועג אריין האבן זיך אויסגעשעפּט. מיטאמאל איז פאר מיר אויפגעשוואומען די קשיא פון „ואם תאמר מה נאכל״. מיט וואס קויפט מען זיך איין דאס נויטיגע צום עסן?....

דערצו נאך האב איך געהאט נאך א פּראבלעם. ניט איך און ניט מיין שוואגער מאיר ראזענטאל וועלכער איז געווען מיט מיר צוזאמען אין לאַגער, האבן געהאט גענוג געלט פאר א שיפס־קארטע.

אדאנק ג־ט פאר דעם פריינדליכן דר. סינדי פון האַיאַס וועלכער האט פארשטאנען מיין לאגע און מיר געגעבן פופציג אמעריקאנער דאלארן, צוויי צוואַנציגער און א צענער׳ל.

דערזעענדיג די גרינע דאלארן האט זיך אין מיר אויפגעוועקט דער „ביזנעסמאן״ וואס איך בין געווען אין מיין שטעדטל רוטקע, און איך האב באשלאסן צו טאן מסחר מיט די דאָלארן, אנשטאדט אויפעסן זיי. איך האב זיך ווי עס איז ארויסבאקומען פון לאגער און אוועק אין א געשעפט אין דאנציג וואו מען טוישט אויס וואליוטע און זיך דערקונדיגט די פרייזן פון געלט־האנדל. כ׳האב איינגעקויפט פאר די פופציג דאלאר דייטשע מארקן און בין צוריקגעקומען אין לאַגער און „געעפענט״




א זייטל פון יעקב האפמאנ׳ס פוילישן „דאוואוד אסאביסטי״ (פאספארט) וואס ער האט ארויסגעקראגן אין 1920 אין ביאליסטאק, איידער ער איז געפארן קיין ווארשע נאך א וויזע ביים אמעריקאנער קאנסול. דאס בילד׳ל מיט די פוילישע סטעמפלעך, איז פון יעקב האפמאן, ווי ער האט דאן אויסגעזעהן.

אנ׳אייגענעם „מאָני־עקסטשענזש״. די עמיגראַנטן, באזונדערס די אידישע, האבן מיר געקענט פון מיין זינגען און פידל־שפילן, און אנשטאדט געהן אין אפיציעלן קאַנטאָר אויסצוטוישן זייער געלט, זיינען זיי געקומען צו מיר. אי זיי האבן געהאנדלט מיט אנ׳אייגענעם, און אי איך האב פיין פארדינט. יעדע פאָר טעג פלעג איך אריינפאָרן אויף אַ לאַדקע קיין דאנציג און אויסטוישן מיינע איינגעקויפטע וואַליוטעס אויף דאלארן, און אין איינע צוויי וואכן האב איך געהאט גענוג צו באצאלן פאַר צוויי שיפסקארטן, פאר מיר און פאר מיין שוואגער.

ווי די שיף וואס האט מיר אריבערגעפירט דעם ים האט געהייסן, געדענק איך שוין ניט. מיר דאכט אז ס׳איז געווען א שיף מיט א האלענדישן נאמען. איך געדענק אבער גוט, זעהר גוט, אז מיין בעט׳ל איז געשטאנען צוויי שטאק די טיף אונטער׳ן וואַסער און אז ס׳האט מיר געווארפן ווי אין קדחת. דערצו נאך האבן זיי געפּאַשעט די פאסאזשירן מיט ים־פיש און ניט אלע האבן עס געקענט פארטראגן. מיר און מיין שוואגער איז אויסגעפאלן צו ויין די סאמע קראנקסטע צווישן אלע פאסאזשירן די גאנצע 16 טעג וואס די נסיעה האט געדויערט. אויסער א ביסל הייסע וואסער האב איך גארניט אריינגעלאזט אין מויל, און אויך דאס האב איך ניט געקענט איינהאלטן. דער דאקטאר אדער פעלדשער וואס איז געווען אויפ׳ן שיף האט געזאגט אז די איינציגע רפואה פאר מיר איז — אמעריקע, און ווי גערעכט ער איז געווען. ווי נאר ס׳האבן זיך דערזעהן די ברעגן פון אמעריקע בין איך געווען צוזאמען מיט אלע פאסאזשירן אויפ׳ן „דעק״ פון דער שיף און פון מיינע קראנקע געדערים האט ארויסגעזונגען א פריידיג געזאנג. אלע פאסאזשירן האבן אנגעפאנגען זינגען, יעדער אויף זיין שפּראַך, און ס׳איז געווארן שמחת תורה אויפ׳ן שיף. אין דער רעדל יונגווארג ארום מיר איז געווען א מיידל, קענטיג א פארבענקטע חלוצה, וואס האט אנגעפאנגען זינגען „כנרת שלי״, פונקט ווי די שיף וואלט איצט אריינגעפארן אין בלויען כנרת, אנשטאדט זיך דערנענטערן צום ניו יארקער האַפן און צו דער „סטעטשו אף ליבערטי״ וואס האט זיך שוין אנגעפאנגען ארויסצוזעהן מיט׳ן פאַקעל אין האנט.

איך ווייס ניט פארוואס, נאר מיר איז געקומען אויפ׳ן געדאנק א ליד



יעקב האפמאן מיטביילע׳ן ניט לאנג נאך דער חתונה

וואס איך האב א סך מאל געהערט פון מיין מאמע׳ן, ווען זי איז געזעסן שבת פארנאכטביים פענסטער און ארויסגעקוקט צי מ׳קען שוין זאגן ,,ג־ט פון אברהם״. זי פלעגט דאמאלסט, אין דער האלב־טונקעלקייט פון אוועקגעהענדען שבת, זיך אונטערזינגען א מעלאדיש ליד וואס איך געדענק עד היום:

שטעהען די קאַרעטן, שטעהען די קאַרעטן
לעבן מיין מאמע׳ס בעט,
קליינערהייט אויסגעצויגן
גרויסערהייט אוועקגעפלויגן.....

עס האט זיך מיר אזוי שטארק געבענקט נאך דער מאמע׳ן און נאכ׳ן טאטע׳ן און נאך דער משפחה, ווי די ברעגן פון אמעריקע וואלטן מיר איצט צום ערשטן מאל געלאזט וויסן אז איך בין פון זיי אלעמען אוועקגעפלויגן...

אבער די ברעגן פון אמעריקע האבן מיר גלייך געבראכט א פראבלעם. לויט׳ן געזעץ האט יעדער אימיגראנט געמוזט באווייזן ביים ארונטערגעהן פון שיף אין עליס איילאנד אז ער האט 25 דאלאר אין קעשענע, און איך האב בלויז געהאט עטליכע קוואדערס....

ווען ס׳איז געקומען מיין רייה קוקט דער באאמטער אן מיין פוילישן פּאַס און מיין אמעריקאנער וויזע, און גיט צו דער זעלבער צייט אויך א קוק אויף מיין זויערן פנים, אבער אנשטאדט שטעלן מיר די געוויינליכע פראגע וועגן די 25 דאלאר, גיט ער א שאָקל מיט׳ן קאפּ, ווי ער וואלט מיר געלערנט וואס צו ענטפערן, און גיט זיך א זאג אויף אידיש: האָסט דאך ביי זיך אין קעשענע 25 דאלאר?... איך האב געגעבן אַ שאָקל מיט׳ן קאפּ און ער׳ט מיר געהייסן געהן.

געהן וואוהין?.... אט בין איך שוין אין אמעריקע, וואוהין קערט מען זיך?... די מאסע מענשן וואס האבן געוואַרט אויף די אנקומענדע אימיגראנטן האט געיובעלט פון פרייד. מענשן זיינען זיך געפאַלן אויף די העלזער. פרויען און קינדער האבן זיך פאראייניגט מיט מענער און טאַטעס. ברידער מיט שוועסטער. און איך?... מיר האט קיינער ניט אפּגעוואַרט קיינער האט מיר ניט געגעבן קיין שלום עליכם, יענעם



יעקב האפמאן אין טלית און תפילין ביים כותל מערבי בעת זיין באזוך אין ישראל זומער 1976.

קאלטן פארנאכט אין יאנואר 1921, דריי חדשים פאר מיין 21־טן געבורטסטאג.

מיט אלע אנדערע אימיגראנטן וואס זיינען געווען אין דער זעלבער לאגע, בין איך אנגעקומען אין האַיאַס וואס האט זיך דאן געפונען אין א קליינער געביידע אויף דער איסט סאיד. דעם נאמען פון דער גאס האב איך דאָן ניט געוואוסט און ווייס עס אויך היינט ניט. ס׳איז אבער געווארן וואַרימער אויפ׳ן האַרצן צו זעהן אז אין ניו יארק איז דא א ווינקל פאר אנ׳עלענדן אידישן בחור פון אסטראווע און רוטקע. אויפ׳ן טיש איז געשטאנען הערינג מיט ברויט און טיי און קאַווע, און א געלעגער איז געווען גרייט אויף איבערשלאפן די ערשטע נאכט אין אמעריקע.

אין האַיאַס האט מען געפרעגט ביי די פרישע אימיגראנטן צי זיי האבן משפחה אין אמעריקע. מיין שוואָגער מאיר ראָזענטאַל האט געענטפערט אז ער האט דא צוויי ברידער, איינעם אין באסטאן מיט א ווייב און 7 קינדער, און א צווייטן אויף העוועמייער סטריט אין וויליאַמסבורג. פון האַיאַס האט מען זיך גלייך פארבונדן מיט׳ן ברודער אויף העוועמייער סטריט, און ס׳האט ניט לאנג גענומען און ער איז געקומען און גענומען זיין ברודער און אויך מיר צו זיך אהיים. אנשטאדט מיר זאלן אים דערציילן פון אונזערע איבערלעבונגען, האט מיין שוואָגער׳ס ברודער אונז דערציילט פון זיין דינען אין דער אמעריקאנער ארמיי אין פראנקרייך. ער האט געפירט א טאג־בוך אין דער מלחמה און אונז געליינט אויסצוגן פון זיין „ווערק״ וואו ער שילדערט די אכזריות׳ן פון די פארשאלטענע דייטשן.

(ביי דער געלעגענהייט וויל איך איבערגעבן אַז א דייטש וואס איז אמאל געווען אַ סופעראינטענדענט אין מיינער אנ׳אפארטמענט־הויז און וואס איז געווען א סערזשאנט אין דער ערשטער מלחמה האט מיר אמאל דערציילט אז בעת ער איז געלעגן אין די אָקאָפּעס אין פראנקרייך און די דייטשן האבן פארלוירן א סך זעלנער, האבן זיי ארייננעשיקט צום פראנט 12 יאריגע אינגלעך וועלכע האבן געוויינט פון שרעק און ניט געוואוסט וואס צו טאן מיט א ביקס).

איך בין אבער לאנג ניט געבליבן ווי אנ׳אורח אויף העוועמייער סטריט. מיינער א צווייטער קאָזין פון מיין מאמע׳ס צד, פיליפ מעלווין,



**א גרינער אין אמעריקע.** יעקב האפמאנ׳ס ערשטע בילד מיט זיין ערשטער שטרויענער „פאנאמא״ אין האנט, פאטאגראפירט אין פילאדעלפיא.

האט זיך דערוואוסט אז איך בין אין אמעריקע און ער איז געקומען און מיר גענומען צו זיין משפחה אין בראנזוויל, אויף אסבארן סטריט לעבן בלייק עוועניו. אליין האט פיליפ מעלווין, געוואוינט אויף דער שיינער איסטערן פּאַרקוויי און געהאט אַ „לאָמבער־יאַרד" וואו מען האט פארקויפט אלערליי בוי־מאטעריאלן, אויך ציגל און צעמענט. שפּעטער האט ער אליין געבויט הייזער און באשעפטיגט א סך מענשן. גענומען האט מיר אבער מעלווין צו זיינע עלטערן אויף אסבארן סטריט וואו די משפחה איז באשטאנען פון טאטע־מאמע און פינף קינדער, צוויי טעכטער און דריי זין, אלע אין פיר קליינע צימערלעך.

מיינע קוזינען זיינען געווען זעהר פריינדליך צו מיר. א קלייניקייט, יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק איז געקומען קיין אמעריקע!... זיי האבן געדענקט גוט אסטראווע און זיך דערמאנערט וועגן מיין טאטענ׳ס שיינעם זינגען, באזונדערס ווען ס׳איז געקומען א יום טוב און ער׳ט משמח געווען די גאנצע שטאדט.

אז ס׳איז געקומען די צייט צו געהן שלאָפן האט מען מיר געגעבן א בעט, און די שטענדיגע שלאָפערס אויף דער בעט, זיינען געשלאפן אויף דער פאדלאגע. אזעלכע טייערע אידן זיינען זיי געווען. זיי האבן מיר דערמוטיגט ניט צו ווערן פארצווייפעלט אויב איכ׳ל זיך אָנשטויסן אין שוועריקייטן. „ווערסט זעהן... ווערסט נאך האבן אנ׳אייגענע קאַר אין אמעריקע", האט מיר פיליפ געטרייסט.

נאך א פאר טעג אלס גאסט האט מיר פיליפ געקראגן א „דזשאב", דעם ערשטן דזשאב מיינעם אין אמעריקע, ביי א בוטשער אויף פיטקין עוועניו לעבן האווארד עוועניו. אזוי ווי מיין טאטע איז א קצב און איך אליין קען אויך פאנאנדערנעמען א זייטל פלייש און די מלאכה פון טרייבערן, האט פיליפ געהאלטן אז איכ׳ל זיך אויסטויגן ביי בוטשערי.

# קאפיטל 17
# מיינע ערשטע „דזשאבס" אין אמעריקע

נו, אויב מיין רייכער קאזין פיליפ מעלווין האַלט אז איך זאל געהן ארבייטן ביים בוטשער אויף פיטקין און האַוואַרד עוועניו אין בראַנזוויל, זאל זיין ווי ער זאגט. צופיל געשמעקט האט עס מיר אבער ניט, גלייך פון אנפאנג. אין דער היים אין רוטקע בין איך געווען א סוחר אַ פאבריקאַנט וואס איז ארומגעפארן איבער יאַרידן און געפירט גרויסע געשעפטן, און דא געה ווער א בוטשער. אבער פארפאלן. לאמיר אקארשט זעהן וואס דאס איז, האב איך ביי זיך געטראכט, געהענדיג מיט מעלווינ׳ען צום בוטשער.

איך בין געקומען אויפ׳ן דזשאב מאנטאג אינדערפרי און דער בוטשער האט מיר פיין אויפגענומען און געצייגט ווי אזוי איך זאל אים העלפן. „ביי אונז אין אמעריקע שניידט מען פלייש אנדערש ווי אין יוראָפּ", האט ער מיר געלערנט, אבער איך האב זיך ניט געשעמט אים צו זאגן אז א גוטער בוטשער שניידט פלייש אומעטום אויפ׳ן זעלבן וועג. ער איז געווען צופרידן פון מיין ארבייט און האט יעדן איינעם פון די קאסטימער וואס זיינען אריינגעקומען אנגעוויזן אויף מיר. „דאס איז אַ גרינער, ערשט פון אסטראווע און רוטקע, אויב איר ווייסט וואו די שטעדטלעך געפינען זיך". ער האט נאך אנגעגעבן מיין יחוס אויך. „איר ווייסט ווער ער איז?... פיליפ מעלווינ׳ס א קאזין!" זאלן די פרויען, הייסט עס, וויסן אז דער נייער ארבייטער זיינער איז ניט אבי־ווער, נאר א קאזין פון דעם רייכן לאמבער־יארד אייגענטימער פון בראַנזוויל.

נאך דער ארבייט אין בוטשער־סטאָר פלעג איך קומען צו מיינע קאזינס אויף אסבארן און בלעיק וואו די באלעבאסטע האט מיר געגעבן א פיינע וועטשערע און צוזאמען מיט דער גאנצער משפחה פלעגן מיר אוועקשמועסן גאנצע אווענטן וועגן שטעטל, וועגן מיין משפחה וואס זיי

האבן אלע געקענט, און פארשטעהט זיך אויך וועגן א גרינעם אין אמעריקע און די צרות וואס ער דארף זיך אויסשטעהן ביז ער שלאגט־זיך־צו צו עפעס.

מיין קוזינע, די באלעבאסטע פון הויז, האט קענטיג געהאט אין זיך א פונק פון א שדכנ׳טע אויב ניט מער ווי א פונק, און זי האט מיר גלייך די ערשטע וואָך גענומען שדכ׳ענען א מיידל וואס איז באמת געווען א יפת תואר, כאטש צו ביילע׳ן פון מיענזשענין קומט עס ניט. די מיידל איז געווען א טאכטער פון א משפחה וואס איז ערשט געהאט געקומען פון פוילן און האט געוואוינט אויף א פלאר העכער, איבער מיין קוזינע׳ס אפארטמענט. זי איז געווען א פרייליכע און א שמועסערין, און אזוי ווי ניט איך און ניט זי האבן געקענט אַ ווארט ענגליש, האבן מירביידע זיך פיין אונטערהאלטן אויף אידיש, שמועסענדיג וועגן דער אלטער היים וואס מיר האבן ערשט איבערגעלאזט און די נייע וועלט וואוהין מיר זיינען ערשט אנגעקומען.

געווען מאמענטן וואס מיר איז געקומען אויפ׳ן געדאנק אז אויב ביילע וועט זיך מיר ניט אפזוכן אין אמעריקע אדער זי וועט שוין האבן חתונה געהאט מיט׳ן שוואָגער אין פילאדעלפיע, איז ניט קיין קרומע זאך צו טראכטן ערנסט וועגן דער גרינער מיידל, אבער דער שכל הישר האט מיר צוריק־געהאלטן און געווארנט אז קודם כל דארף איך קומען צו אַ שטיקל תכלית אין אמעריקע, זיך אויסלערנען אביסל די שפראַך און באַקאנען זיך מיט דער לאנד. די עלטערן פון דער מיידל האבן שוין געגעבן אנצוהערן אז זיי ווילן וויסן צי עס קען עפעס ארויסקומען פון מיין באקאנטשאפט מיט זייער טאכטער, און ניט וועלענדיג געבן קיינעם קיין פאלשע האפנונגען, האב איך געזאגט מיין קוזינע זי זאל זיי זאגן אז איך האַלט איצט ניט ביי קיין שידוכים, כאטש זייער טאכטער איז א קראסאוויצע און קען געפעלן.

ווער ווייסט ווי לאנג איך וואלט געבליבן ביים בוטשער אין בראנזוויל, ווען ניט דער דאנערשטאג נאכ׳ן ערשטן מאנטאג ווען מען האט אריינגעבראכט אין סטאָר פריש־געשאכטענע טשיקענס פאר די באלעבאסטעס אויף שבת, און דער בוטשער האט מיר געהייסן איך זאל זיך נעמען צו דער ארבייט פון פליקן די טשיקענס.

ס׳איז מיר געוואָרן פינסטער אין די אויגן און ביטער אויפ׳ן האַרצן. יאנקל האפמאַן דער גרויסער פאַרדינער איז געקומען קיין אמעריקע פליקן טשיקענס!... שיינע יאָרן האב איך דערלעבט!.... אפשר גאר, איינשפאַנען דעם „פערד און וואָגן״ און פאָרן צוריק, אזוי ווי מיין טאטע האט געטאן ווען ער האט זיך ניט געקענט צופאסן צו אמעריקע?.... אזוי האב איך נאר געטראכט פון צארן פאר־זיך אליין, אבער ביי זיך אין האַרצן האב איך געוואוסט אז איך בלייב אין אמעריקע און וועל אם ירצה השם ניט בלייבן ביי פליקן טשיקענס. אויב איך האב געקענט ווערן א סוחר אין רוטקע, וועל איך עס אודאי קענען באווייזן אין ניו יארק, נאר מען דארף האבן געדולד, צייט און געדולד, האב איך איינגעטענה׳ט מיט זיך אליין, זיצענדיג אין דעם קליינעם צימער׳ל און רייסענדיג די פעדערן פון די נאך ווארימע טשיקענס און צוקראַצענדיג מיינע פינגער פון די שטעכעלקעס.

אבער דער ביטערער כוס פון מיינע ערשטע גרינע טעג אין אמעריקע האט זיך איבערגאסן מיט גאל דעם זעלבן טאג ווען א פרוי האט מיר, נאכדעם ווי איך האב אפגעפליקט פאר איר א טשיקן, מכבד געווען מיט א „טיפ״ פון צוויי סענט.

צוויי סענט איז דאן געווען א גרויסע מטבע, אפשר ווי א קוואָדער היינט. אבער וואס בין איך דען אַ שנאָרער?... יאנקל דעם רימאַזש וואס האט טראַקטירט בחורים און מיידלעך מיט כל טוב אין רוטקע און אין אסטראווע און האט געשאטן מיט רובלען, מארקן און זלאטעס אין אלע זייטן, דארף איצט אנקומען צו צוויי סענטיגע נדבות אין אמעריקע?....

מיין באלעבאס דער בוטשער האט ארונטערגעלייענט פון מיין פנים וואס איך טראכט און האט מורא געקראגן איך זאל ניט א שליידער טאן אויף דער איידעלער פרוי די צוויי סענט צוזאמען מיט אלע טשיקענס וואס זיינען נאך געלעגן און געוואַרט איך זאל זיי אפפליקן. איז ער צו מיר צוגעקומען און שטילערהייט א זאג געטאן—

זיי ניט קיין יאָלד.... אין אמעריקע אז מ׳גיט נעמט מען!....

ווען איך בין אבער יענעם דאנערשטאג אין אווענט געקומען „אהיים״ אויף אסבארן און בלעיק, האט די משפחה גלייך דערקענט אז עפעס באזארגט מיר זעהר שטארק. איך האב גאָרניט גענומען אין מויל און בין

געזעסן א פארטראכטער אין מיינע איינזאמע מחשבות. יעדער איינער פון די קאָזינס איז צוגעקומען מיט א שמייכל און מיר געטרייסט אז איכ׳ל זיך נאך אויסגרינען און לאַכן אין פריידן פון די אלע איבערלעבענישן. אויף צו מאכן מיר פריילעך האבן זיי אנגעשטעלט דעם גראמאפאן און אויפגעשפילט אל דזשאלסאנ׳ס „מעמי... מעמי... דהי סאָן שיינס איסט, דהי סאָן שיינס וועסט״.

אזעלכע נארישע לידלעך שפילט מען ביי אייך אין אמעריקע? האב איך א זאג געטאן צו מיינע קאזינס, און זיי האבן זיך פון מיר פאנאנדערגעלאכט. „ווועסט זיך אויסגרינען און אליין זינגען די זעלבע שיינע לידלעך״, האבן זיי מיר צוריקגעשאסן און פארגעשלאגן צו געהן מיט זיי זעהן א מואווי אויף פיטקין עוועניו וואו איך וועל הערן נאך אזעלכע שיינע לידלעך.

די מואווי־געביידע שטעהט נאך היינט אויף פיטקין עוועניו, ווי א מאנומענט נאך יענע יארן ווען די גאס איז געווען געדיכט מיט אידישע יוגענטליכע, בחורים און מיידלעך, און די גאנצע געגענד איז געווען באזעצט פון אידן, מיט שוהלן, ישיבות און אינסטיטוציעס. יעדעס מאל וואס איך פאר היינט פארביי די חרוב׳ע פיטקין עוועניו זעה איך זיך אליין ווי איך בין געזעסן יענעם אווענט אין דער מואווי, נאר אנשטאדט האלטן די אויגן אויף די בילדער אויפ׳ן ליילעך, האב איך זיך געראנגעלט מיט מיינע אייגענע געדאנקען וועגן מיין צוקונפט אין אמעריקע. אפשר וואלט מיר געווען בעסער ווען איך געה דינען אין דער פוילישער ארמיי און קום דערנאך אהיים אויסגעדינט און באניי מיינע געשעפטן?... אין דער זעלבער מואווי געביידע פלעגן אפט אויך אויפטרעטן אידישע אקטיארן און פארווייל דעם גרינעם עולם מיט בענקענדע לידלעך פון דער אלטער היים. יענעם אווענט זיצנדיג אין דער מואווי האב איך באשלאסן אז אויב איך וויל ניט בלייבן קיין טשיקן־פליקער מוז איך שטעלן פיס און אוועקגעהן פון בראנזוויל.

איך בין אבער אלץ פארבליבן א פאטריאט פון פיטקין עוועניו וואו איך האב, ביז צו איר חורבן, געקויפט אלע מיינע סוטס און מאַנטלען ביי אייב סטאַרק׳ן ועלכער איז שפעטער געווארן בארא פרעזידענט פון ברוקלין. כ׳געדענק ווי איין מאל בעת „יאנג דזשודיא״ האט מיר געגעבן א דינער אין ברוקלין דזשואיש סענטער און סטארק האט זיך מיט מיר

פאטאגראפירט אין זיין אפיס אין באַרא־האָל, האב איך אים איינגערוימט אין אויער אז איך האב נאך זיינעם א זומער־מאַנטל...

מיין קאזין פיליפּ מעלווין האט מיר שוין געהאט פאַרשריבן אין „נאַיט־סקול", אין דער פּאבליק סקול אויף אסבארן סטריט, צו לערנען זיך ענגליש, אבער איך האב באשלאסן אז איך צי זיך אוועק פון דער קוזינע אין בראנזוויל צו אירע א שוועסטער, ענע וולאטקאפסקי וואס האט געוואוינט אויף דער איסט סאיד, אויף 25 טשערי סטריט, נאהנט צום איסט ריווער. די קוזינע אויף דער איסט סאַיד איז געווען אנ׳אלמנה מיט דריי זין און איין טאכטער. דער מאן אירער, א פרומער איד א הארעפּאשניק, איז ארונטערגעפאלן פון זיין פערד און וואָגן ביים פאנאנדערפירן סחורות און געשטארבן, און דער עלטערער זון, א געראטענער וואוילער בחור, האט געטריבן א טראק מיט פלאמבינג־מאטעריאלן און האט זיינע פארדינסטן אוועקגעגעבן דער מאמע׳ן אויף אויסצוהאלטן די משפחה. דער צווייטער זון וועלכער האט שפּעטער געארבייט ביי מיר ווען איך האב געהאט א גראסערי, איז געווען א אינטעליגענטער בחור און איז געגאנגען ביינאכט אין קאלעדזש. ווען ער וואלט געהאט די פינאנציעלע מעגליכקייטן וואלט ער אויסגעוואקסן א פּראפעסאר. ער איז שפּעטער געווארן א פאליסמאן און דערגרייכט דעם ראנג פון קאפּיטאן. מיין משפחה טרעפט זיך אפט מיט זייערע קינדער און האלטן זיך זעהר נאהנט.

אויף דער איסט סאיד בין איך אביסל געקומען צו זיך. דא האט געשוויבעלט מיט גרינע אזוי ווי איך. בחורים און מיידלעך פלעגן זיך צונויפקומען אין א טאַנץ־זאל אויף קלינטאן סטריט, לעבן דילענסי, און א סך באקאנטשאפטן האבן געפירט צו דער חופה. כ׳האב דארט געטראפן חברה מיט וועמען איך בין געפארן אויף איין שיף און מיר זיינען געווארן נאהנטע „שיפס־ברידער". איך האב ווידער ארויסגענומען מיין פידל וואס איך האב מיטגעבראכט און געשפּילט און געזונגען די אלטע חלוצ׳ישע לידער פון דעם „צעירי ציון" קלוב אין רוטקע.

און קומענדיג אביסל צו־זיך אויף דער איסט סאיד איז מיר אויפגעקומען מיין איבערגעריסענע אבער ניט־פאַרגעסענע פריינדשאפט מיט ביילע קופער פון מיענזשענין און אונזער לעצטע באגעגעניש אין



**ביילע מיט איר שוועסטער׳ס 2 יתומים,**
פאטאגראפירט אין פילאדעלפיע גלייך נאך איר אנקומען אין אמעריקע.



**ביילא מיט איר שוועסטער׳ס טאכטער.**
חנה באשע האט געוואלט בעלא זאל אויסהאדעווען די מיידל.

ווארשע וואו מיר זיינעןביידע געקומען נאך א וויזע ביים אמעריקאנער קאנסול.

איז טאקע מעגליך, האב איך געטראַכט, אז זי האט חתונה געהאט מיט איר פארשטארבענער שוועסטער׳ס מאן אין פילאַדעלפיע וועלכער איז מיט צען יאהר עלטער פון איר?.... איז טאקע אונזער פריינשאפט פאר אזויפיל יארן אין מיענזשענין און רוטקע א זאך פון דער פארגאנגענהייט?.... זי ווייסט דאך אז איך בין אין אמעריקע, ווייל איך בין פון ווארשע גלייך געפארן קיין דאנציג נעמען א שיף, איז פארוואס שווייגט זי?... מסתמא האט זי שוין געשטעלט א חופה מיט׳ן אלמן, הערי סלוצקי, און זי וויל ניט אפפרישן קיין אלטע וואונדן.

כ׳האב אבער צו דער זעלבער צייט אויך געטראכט אַז אויב אפילו זי האט שוין יא געהייראַט מיט איר געוועזענעם שוואָגער, איז ניט קיין עוולה ווען איך פאָר אריבער קיין פילאדעלפיע און ווינש איר מזל טוב. נאך אלעמען, זיינען מיר דאך אלטע פריינד!....

אינצווישן קומט מיר אָן אַ בריוו פון סט. לואיס, פון די צוויי איסטמאַן־מיידלעך וועלכע זיינען געווען ביילע׳ס שכנים אין מיענזשענין און זיינען ניט לאנג געקומען מיט זייערע עלטערן קיין אמעריקע.

די איסטמאַנס וועלכע האבן אויך געהאט אַ קרעטשמע אין מיענזשענין און געווען קאנקורענטן מיט חנה באַשע׳ס קרעטשמע, האבן שוין געהאט פיר זין און א טאכטער אין סט. לואיס, מיזורי. איינער פון די זין האט, אגב, שפעטער געהאט אנ׳אייגענע בראַנפן „דיסטילערי״ און האט פארקויפט דעם געשעפט פאר פיר מיליאן דאלאר. נאך א זון, מאיר, האט זיך אויך ארויסגעדרעהט פון דער פוילישער ארמיי און קומענדיג קיין אמעריקע האט ער פארמאגט 15 ליקער־סטארס אין סט. לואיס.

ווען פוילן איז געווארן א מלוכה און דאס לעבן אונטער די פּאָליאַקן איז געווארן שווערער פון טאג צו טאג האבן די קינדער אין סט. לואיס אריבערגעבראכט צו זיך די עלטערן מיט די צוויי אינגסטע שוועסטער. דער פאָטער פון דער משפחה איז געווען א איד א בן תורה, און אידן אין סט. לואיס האבן זיך באצויגן צו אים מיט גרויס כבוד און דרך ארץ. די גאנצע איסטמאַן־משפחה האט זיך געהאַלטן געקניפּט און געבונדן און האבן זיך אויך געהאלטן נאהנט מיט די לאנדסלייט אין אמעריקע.

די צוויי מיידלעך וואס זיינען מיטגעקומען מיט די עלטערן קיין סט. לואיס האבן גוט געקענט ביילע׳ן פון מיענזשענין. זיי פלעגן אויך אפט קומען צו מיינע טעאטער־שפילן וואס איך האב דורכגעפירט אין רוטקע און זיי זיינען געווען א טייל פון דער יוגענטליכער גרופע פון מיין קרייז.

דערהאַלט איך פון זיי איצט א בריוו פון סט. לואיס און זיי לאזן מיר וויסן אז ביילע געפינט זיך אין פילאדעלפיע, אז זי איז ניט פארהייראט, און אז זי שטעהט איין ביי איר ברודער שלמה׳ס א פריינד מיט׳ן נאמען הערי סטופ אויף דער פילאדעלפיער איסט סאיד.

כ׳האב „גענומען די פיס אין די הענט״ און בין געלאָפן נעמען די באַן קיין פילאדעלפיע.



פיל יארן שפעטער, האפמאן אין פלארידא מיט די איסטמאן שוועסטער, וועלכע האבן עם געשריבן פון ס. לואיס וועגן בעלא׳ן.

# קאפיטל 18
# די באגעגעניש מיט ביילע׳ן אין פילאדעלפיע

קיין אדרעס אין פילאדלפיע האב איך ניט געהאט. די איסטמאן־מיידלעך האבן מיר פון סט. לואיס בלויז געשריבן אז ביילע געפינט זיך אין פילאדעלפיע און זי שטעהט איין ביי איר ברודער שלמה׳ס א פריינד מיט׳ן נאמען הערי סטופ און אז שלמה ארבייט ביי הערי סלוצקי׳ס א ברודער, א פאטאגראפשטשיק, אויף דער 6־טער סטריט.

געווען איז עס אין חודש יולי, די היץ איז געווען גרויס אין ניו יארק און נאכמער שטיקענד אין פילאדעלפיע. קומענדיג אין פילאדעלפיע בין איך אריין אין א טעקסי און געזאגט דעם דרייווער „איסט סייד, סיקסט סטריט, סלוצקי׳ס סטודיאָ״. מיין ענגלישער ווערטער־פארמעג איז געווען זעהר א באגרעניצטער, און אין ניו יארק בין איך פיין אויסגעקומען מיט אידיש.

איך האב באלד ביים באקומען דעם בריוו פון די איסטמאנס אין סט. לואיס חושד געווען אז דאס האט אימיצער אין פילאדעלפיע זיי געבעטן צו שרייבן מיר און לאזן מיר וויסן אז ביילע האט נאך ניט חתונה געהאט מיט איר שוואגער דעם אלמן הערי סלוצקי, אזוי ווי איר מאמע חנה באשע האט געוואלט, כדי זי זאל קענען אויפהאדעווען די צוויי יתומים וואס איר עלטערע שוועסטער רבקה האט איבערגעלאזט. אויף זיכער האב איך עס אבער נאך ניט געוואוסט, ביז איך בין אנגעקומען קיין פילאדעלפיע און דער גאנצער פארפלאנטערטער קנויל האט זיך אנגעפאנגען צו פאנאנדערוויקלען.

די טעקסי האט מיר ארונטערגעלאזט לעבן סלוצקי׳ס סטודיא. דורכ׳ן פענסטער זעה איך א יונגען מאן מיט אנ׳אומבאקאנט פנים, אבער דאס איז זיכער ניט ביילע׳ס ברודער שלמה וועמען די עלטערע שוועסטער רבקה האט אריבערגעבראכט קיין אמעריקע קורץ נאכ׳ן טויט פון זייער טאַטע׳ן הערש בער, חנה באַשע׳ס מאן.

אזוי ווי לעבן דער סטודיא האט זיך געפונען א רעסטאָראַן, בין איך אריין אינווייניג. כ׳האב געטראכט צו באשטעלן עפעס צום עסן און דערווייל אויסגעפינען עפעס וועגן די מענשן וואס איך זוך. איך זיץ אין רעסטאראן און קוק זיך ארום איבער די האלב־ליידיגע טישלעך, און איך באמערק ווי א שיינער יונגער בחור זיצט ביי א טישל און קוקט אויף מיר. ער קוקט אויף מיר און איך קוק אויף אים, אזוי ווי דעטעקטיוון וואס זוכן צו דערקענען א פארברעכער ועמען זיי זוכן ארום.

איך האב זיך אנגענומען מיט מוט און צוגעגאנגען צו אים און א פרעג געטאן: ,,זייט מוחל, ארבייט איר אפשר אין סלוצקי׳ס סטודיא?״. . . .

אנשטאדט ענטפערן מיר אויף מיין פראגע, גיט ער מיר א פרעג מיט א שמייכל אויף די ליפן: ,,זייט איר יאנקעל האפמאן פון רוטקע?״. . . .

כאטש, מיר האבן זיך איצט געזעהן צום ערשטן מאל האבן מיר זיך ארומגענומען ווי ברידער.

,,איך האב שוין געהאַלטן ביי פאָרן קיין ניו יארק אויפזוכן דיר״, האט מיר שלמה שוין גע׳דוצ׳ט און געבעטן זעצן זיך לעבן זיין טיש׳ל, און ער אליין איז געלאָפן טעלעפאנירן צו זיין פריינד הערי סטופ וועלכער האט געארבייט אין פאסט־אפיס, ער זאל גלייך קומען מיט זיין קאַר נעמען אונז צו זיך אהיים וואו ביילע האט געוואוינט.

אפילו איינער וואס גלויבט ניט אין באשערט, האט גלייך געמוזט איינזעהן אז דער וואס אין הימל האט אנגעשריבן אז ביילע איז מיין כלה און איך איר חתן.

וואַרטענדיג אויף הערי סטופ מיט דער קאַר האט מיר שלמה גלייך דערציילט אז ווי נאר ביילע איז געקומען צופארן און ער האט דערזעהן אזא יונגע שיינהייט, האט **ער** תיכף באשלאסן ניט צו דערלאזן זי זאל חתונה האבן מיט סלוצקי׳ן און ווערן א מאמע צו זיינע און דער שוועסטער׳ס יתומים. ער האט געהאלטן אין איין אפלייגן און אפלייגן צו ריידן וועגן תכלית, און דערווייל האט אויך ביילע איינגעזעהן אז איר מאמע׳ס עצה איז ניט קיין געלונגענע. ביילע איז אינגאנצן געווען 18 יאהר אלט און הערי סלוצקי איז געווען מיט א צען יאהר עלטער פון איר.

מר. סטופ איז אויף גיך געקומען צופאָרן מיט זיין קאַר און זיך באגריסט מיט מיר ווי מיט א צוריק־געפונענעם פריינד. די סטופ־משפחה

האט געשטאמט פון רומעניע אוןביילע און שלמה זיינען געווען ביי זיי אין הויז ווי אייגענע.

„ביילע׳ס א פריינד איז אויך מיינער א פריינד״, האט הערי סטופ מיר געגעבן א שלום עליכם און צוגעאיילט מיר זאלן גלייך אריין צו אים אין קאר און פארן אהיים.

צוקומענדיג נענטער צום הויז האב איך באמערקט ביילע׳ן שטעהענדיג אויפ׳ן באַלקאָן און געזעהן אז זי איז נאך געווארן שענער ווי פריער. די צעפ אירע זיינען געווארן לענגער און איר פנים האט געשיינט.

מיר האבן זיך אבער באגריסט קאַלט און פרעמדליך. אפשר האט זי געפילט א ניט־זיכערקייט מחמת איר אפברעכן אונזער פריינדשאפט אין רוטקע נאך אזא לאנגער באקאנטשאפט און פאראורזאכן מיר אזויפיל יסורים און הארצווייטאג. אויך איך האב מיט מיין גאנצער אינערליכער פרייד פון זעהן איר פון דער נאהנט, דערשפירט דעם טעם פון מיין ביטערער אנטוישונג און פארדרוס ווען זי האט מיר געלאזט וויסן אז זי פאָרט אוועק צום שוואגער דעם אלמן קיין אמעריקע.

. . . ביילע! . . . האב איך ארויסגעזאגט איר נאמען, און זי האט מיר ניט געקוקט גלייך אין די אויגן, ווי זי וואלט זיך געשעמט מיט איר פריער׳דיגער האנדלונג אנטקעגן מיר.

דער שטיל־שווייגן צווישן אונז איז פאר מיר געווען אנ׳אייביקייט. דער ברודער שלמה און די סטופ־משפחה האבן אויפגעכאַפּט וואס צווישן אונז קומט פאָר און זיי האבן זיך אנטשולדיגט פאר אונז און ארויס פון צימער. „מיר געהען גרייטן צום טיש״ האט הערי סטופ א קוק געטאן אויף מיר מיט א שמייכל.

ווען ביילע האט ענדליך געוואנדן אירע בליקן אויף מיר, האב איך דורך די ריטשקעלעך טרערן וואס זיינען געפלאָסן אן אויפהער איבער איר געזיכט דערזעהן די קליינע מיידעלע וואס איך האב מיט א זעקס יאהר צוריק צום ערשטן מאל געזעהן אין א שטורעם׳דיגער נאכט אין מיענזשענין, בעת זי האט געהאלפן דער מאמע׳ן באַקן חלות און בולקעלעך אינמיטן נאכט.

— געדענקסט נאך מיענזשענין? — האב איך איר א פרעג געטאן, ווענדיג ברעכן די שטילקייט.

— איך וועל יענע נאכט קיינמאל ניט פארגעסן . . . . די מאמע האט דיר ניט געוואלט ארײנלאזן אין הויז — האט א שמייכל דורכגעבראכן דעם פארטרערטן פנים, ווי א רעגענבויגן וואס ווייזט זיך אין הימל דורך די וואלקענס אײדער זיי פאנגען אן צי פארשווינדן.

זי האט מיר דערציילט אז בעת זי איז געווען אין דאנציג צו נעמען די שיף, א דריי וואכן נאך מיין אפפארן קיין אמעריקע, האט זי אפגענומען פון מיר א גרוס דורך דער שיקסל, מאַרושקע, וואס האט געארבייט ביי א פריץ הינטער רוטקע און וואו איך פלעג קומען אפט פאררייכטן די געשפאַנען. די שיקסל וועלכע האט אויך געווארט אויף א שיף קיין אמעריקע האט איר געזאגט אז דער רימאזש איז מיט דריי וואכן צוריק אפגעפארן. „אירע רייד האבן מיר ארײנגעגעבן א ניי לעבן, יאנקעל", האטביילע צום ערשטן מאל ארויסגערעדט מיין נאמען מיט א קלאנג וואס האט מיר דערמאנט אין אזויפיל דעראינערונגען.

די סטופס האבן דערווייל געגרייט א טיש מיט רומענישע מאכלים, און די גאנצע משפחה, אויך הערי סטופ׳ס שוויגער און צוויי שוועגערינס און אַ שוואָגער, זיינען זיך דערווייל צוזאמענגעקומען און מיר האבן געפראוועט א שמחה׳לע כיד המלך, מיט פרייד, און געלעכטער, און אויך מיט ניט ווייניג טרערן, ווי עס פירט זיך אלעמאל ביי אידן. שלמה האט געהאַט א פיינע שטימע צום זינגען, און אויך איך האב נאך ניט פארגעסן מיין רעפערטואר פון אסטראווע און רוטקע. מיר האבן זיך יענעם אווענט זעהר פיין אמוזירט, און אנגעפאנגען א פריינדשאפט וואס האט זיך געצויגן פאר פילע יארן מיט געגענזייטיגע באזוכן איינע ביי די צווייטע אין ניו יארק און פילאדעלפיע.

שלמה האט זיך שוין געהאט אויסגעלערנט די מלאכה פון פאטאגראפירן און ער האט מיר מיט ביילע׳ן גענומען אין סלוצקי׳ס סטודיא אויף דער 6־טער סטריט און ארונטער־גענומען פון אונזביידע׳ן די ערשטע בילד אין אמעריקע.

און צו דער מאמע׳ן חנה באשע אין רוטקע האט שלמה אוועקגעשיקט א בריוו בזה הלשון;

ליבע מאמע, ביילע איז געקומען קיין פילאדעלפיע און איך האב איינ־געזעהן אז אזא יונגע שיינע מיידל איז ניט קיין פאָר פאַר



ביילע קופער פון מיענזשעניץ, די שפעטער׳דיגע מרס. האפמאן, איז גלייך ביים אנקומען אין אמעריקע אין 1921 געגאנגען צום קבר פון איר יונג־פארשטארבענער שוועסטער רבקה וועמענ׳ס מאן, דעם אלמן הערי סלוצקי, זי האט געזאלט הייראטן אויף איר מאמע׳ס פארלאנג און האדעווען אירע צוויי יתומים. זי האט אבער חרטה געהאט און חתונה געהאט מיט איר יוגענד־חבר, יעקב האפמאן.



יעקב אוןביילע האפמאן אויף זייער ערשטער באגעגעניש אין פילאדעלפיע, אין יולי 1921.

(ביידע בילדער זיינען גענומען פון ביילע'ס ברודער, שלמה, וועלכער האט געארבייט אין סלוצקי'ס פאטא־סטודיא אויף דער 6־טער סטריט אין פילאדעלפיע).

סלוצקי׳ן . . . . איך האב ניט געקענט צולאזן אז זי זאל גלייך ווערן א מאמע פון צוויי קינדער. טייערע מאמע, די קינדער וועלן אם־ירצה־השם אויפוואקסן אויך אָן ביילע׳ן, און זי טאר ניט אפפינסטערן אירע יונגע יארן. מאמע, הער וואס איך שרייב דיר איצט, ס׳איז געשעהן פון הימל אז ביילע׳ס געליבטער, יאנקעל האפמאן, האט איר אויפגעזוכט אין דער גרויסער אמעריקע . . . דאַרפסט ניט זיין דאַגעגן מאמע, . . . . מיר וואַרטן אויף דיין ענטפער״. . . .

קומענדיג צוריק קיין ניו יארק, צו מיין קוזינע אויף 25 טשערי סטריט, האב איך געפילט ווי די הצלחה האט פאר מיר ווידער אויפגעלויכטן און כ׳האב גענומען טראַכטן וועגן אריינגעהן אין ביזנעס פאַר־זיך, אנשטאדט ארבייטן פאר יענעם. אז מ׳איז איין מאל אַ באלעבאס פאַר־זיך איז זעהר שווער צו ווערן אנ׳ארבייטער. איך פלעג יעדן טאג קויפן דעם ,,מארגען זשורנאַל״ וואו ס׳זיינען געווען אנאנסירט פארשיידענע ביזנעס־געלעגענהייטן און געזוכט עפעס א פאסענדע זאך.

אינצווישן איז מיר אויסגעקומען צו זיין אנ׳עד ראיה ווי מיינער אַ קאָזין, דוד האפמאן, וועלכער האט געוואוינט אין קליוולאנד, איז געקומען קיין ניו יארק צו נעמען א שיף אויפ׳ן וועג צוריק קיין אסטראווע. ער האט געהאט א שיינע פרוי מיט צוויי טעכטער אין אסטראווע און ער׳ט געבענקט אהיים. אמעריקע, האט ער געזאגט, איז ניט פאר אים. די ארבייט איז שווער און ער קען דא קיינעם ניט.

וויפיל מיר האבן זיך ביי אים ניט געבעטן צו בלייבן און מיר וועלן אים העלפן ברענגען די משפחה אהער, איז ער געבליבן פאר׳עקשנ׳ט. ליידער איז ער מיט דער משפחה אומגעקומען אין היטלער׳ס אויוונס.

זייענדיג שוין אין ניו יארק האט מיר שלמה געלאזט וויסן פון פילאדעלפיע אז ס׳איז געקומען א בריוו פון דער מאַמע׳ן אין רוטקע און זי גיט איר ברכה צום שידוך צווישן מיר מיט ביילע׳ן. ,,איך זעה אז ס׳איז א באשערטע זאך פון הימל, איז זאָלן זיי געהן צו דער חופה אין א מזל׳דיגער שעה״, האט זי געשריבן.

זי האָט אויך געשריבן אז אלע אין רוטקע זיינען געווען מלא שמחה צו הערן אז יאנקעל דער רימאַזש איז אנגעקומען אין אמעריקע, און אלע האבן זיך געוואונדערט ווי אזוי איך האב אויפגעזוכט ביילע׳ן. חנה באַשע

האט אויך געשריבן אז זי האט פֿאַרבעטן אלע שכנים און אלע גוטע פריינד אויף א קידוש און פון אלע זייטן האט מען איר געוואונשן מזל טוב און איר אויך געזאגט אז זי דארף זיך פילן גליקליך וואס זי קריגט אזא פעהיגן בחור פאר אנ׳איידים.

קורץ נאך דער דאזיגער בשורה וועגן חנה באַשע׳ס בריוו האב איך געקראגן נאך א גוטע בשורה.ביילע קומט קיין ניו יארק צו א מומע׳ן אויף בוירק עוועניו אין די בראנקס.



ביילע מיט אירע ברידער שלמה און חיים, און די יתומים פון זייער שוועסטער (פון פילאדעלפיא).




די האפמאנ׳ס אויף׳ן איסט סאיד



**אויף א ציוניסטישן דינער אין ברוקלין דזשואיש סענטער אויף וועלכן יעקב האפמאן ווערט פרעזענטירט מיט א „פלאק" פון ראבאי בנימין קרייטמאן, דער ראבאי פונ'ם סענטער.**

צווישן די אויפן בילד (פון רעכטס צו לינקס) ווערן געזען: אברהם לינדענבוים, דזשאדזש בערנארד, מעני קאהען (דאן פרעזידענט פון UJA), ראבאי ב. קרייטמן, האפמאן לואי קרעמער, דר. מילטאן שיף, לאיער קאלב, העראלד כרמלי, און דר. ירחמיאל וויינגארטן.

# קאפיטל 19
# מיינע וואנדערונגען פון דזשאב צו דזשאב

ביילע׳ס מומע, מרס. טויבא קלור, ווי מיר האבן איר שפעטער גערופן טאַנטע טויבא, האט געוואוינט אין א פיינער 3־פאַמיליע הויז אויף בוירק עוועניו אין די בראנקס, זי און איר מאַן האבן געהאט צען קינדער, פינף זין און פינף טעכטער, און מיט ביילע׳ן איז צוגעקומען אין הויז אנ׳עלפטע קינד. די מומע האט טאקע ליב געהאט ביילע׳ן ווי אנ׳אייגן קינד, זייענדיג אַ טאָכטער פון איר ברודער הערש בער, און ביילע האט די ערשטע צייט ארויסגעהאלפן דער מומע׳ן אין איר קליינעם ״דעפארטמענט־סטאָר״ וואס זי האָט אנגעפירט אויפ׳ן זעלבן בלאָק אויף בוירק עוועניו. דער פעטער, טויבא׳ס מאַן, האט געהאט אנ׳אייגענע ביזנעס, אַ קלינינג־סטאָר אין מאנהעטן, און פוןביידע געשעפטן האבן זיי גוט פארדינט און זיך געלעבט זעהר באלעבאטיש.

די מומע האט געהאט נאָך אַ ברודער אין פוילן וואס איז ארויס א לעבעדיגער פון א באהעלטעניש נאך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אבער אין 1945, שוין נאך דער מלחמה, האבן די פאלאקן אים אומגעבראַכט צוזאַמען מיט צוויי זין.

מיט ביילע׳ן אין די בראָנקס און טראַכטענדיג וועגן א חתונה און איינאָרדענען א היים, איז מיר געקומען אויפ׳ן געדאַנק צו ווערן א ביזנעסמאן פאר־זיך. ניט ווייט פון דער קוזינע ביי װעמען איך האב געוואוינט, אויף 25 טשערי סטריט, האט געוואוינט א לאנדספרוי פון רוטקע, סאָרקע מולאַזעוויץ. איר מאן, זיסקינד, איז געווען אַ שניידער, און זיי האבן שוין געהאַט צוויי פארהייראַטע טעכטער. אין רוטקע האב איך געהאט מיין ווארשטאַט ביי סאָרקע׳ן אין הויז, און איינער פון אירע זין, אלטער האט ער געהייסן, האט געארבייט ביי מיר אין מיין רימאַזש־ווארשטאַט.

איינער פון סאָרקע׳ס איידימס האט געהאט א בוטשער־סטאָר אויף הענרי סטריט און איך פלעג אריינקומען צו אים אפט און זעהן ווי אזוי ער פירט די געשעפטן און ווי ער טיילט אויס פלייש צו די קאסטאָמער. אזוי ווי די מלאכה פון קצבות, האב איך געקענט נאך פון אָסטראווע, האב איך באשלאסן צו עפענען אנ׳אייגענעם בוטשער־סטאָר אויף דער איסט סאיד. איך האב געדונגען אַ סטאָר אויף דזשעפערסאָן סטריט, איינגעצאלט א העלפט פאר די „פיקסטשורס״, און פלייש האב איך געקראגן אויף קרעדיט, אזוי ווי אלע בוטשערס. כ׳האב געעפענט די סטאָר אין א מזל׳דיגער שעה אין א דאנערשטאג, ווען די פרויען קומען איינקויפן אויף שבת.

ביילע מיט איר מומע׳ן פלעגן מיר אפט באזוכן אויף דזשעפערסאן סטריט, און ווי ביילע האט מיר שפעטער דערציילט, פלעגט איר די מומע יעדעס מאל נאך א באזוך אין מיין בוטשער־סטאר געבן א לעקציע, ניט אפצוציען צו־לאנג דאס באשטימען פון א דאטום פאר אונזער חתונה. „אויף אזא בחור מיט אנ׳אייגענעם געשעפט זיינען דא אין אמעריקע א סך בעלנים״, פלעגט איר די מומע ווידערהאָלן איין מאל און ווידעראמאל.

דער אמת איז אז ניט איך און ניט ביילע האבן זיך געיאָגט צו געהן צו דער חופה איידער מיר קומען צו א תכלית מיט פרנסה. כאטש מיר זיינען ביידע געווען גרינע, האבן מיר געוואוסט אז מיט ליבע אליין קען מען ניט אויסקומען אין דער מאטעריאליסטישער אמעריקע וואו אלץ ווערט געשאַצט מיט דער ווערדע פון דעם דאלאר.

איך פלעג זיין אנ׳אפטער גאסט ביי דער מומע טויבא אין די בראַנקס וואו ביילע האט געוואוינט און זי פלעגט אויך קומען גאנץ אפט צו מיין קוזינע אויף טשערי סטריט וואו איך האב געוואוינט. מיר האבן געטרוימט פון א צוקונפט צוזאַמען און פאראויסגעקוקט צום גליקליכן טאג ווען מיר וועלן שטעהן אונטער דער חופה.

דער בוטשער־סטאָר האט ביי מיר ניט מאריך ימים געווען. די גרינע באַלעבאָסטעס וואס זיינען געקומען קויפן פלייש, האבן פארלאנגט א סך פאר ווייניג געלט. ערשטענס האבן זיי נעבעך ניט געהאַט קיין געלט, און צווייטענס זיינען זיי געווען צוגעוואוינט פון דער היים צו דינגען זיך און פשוט ארויסנעמען די נשמה. נאך דריי מאנאטן אויף דזשעפערסאן

סטריט האב איך פארקויפט דעם סטאָר און האב גענומען זוכן אַ דזשאב אין די „קלאסיפייד״־אנאנסן פון „מארגען זשורנאל״; זוכענדיג ארבייט ביי מיין פאַך אין לעדערוואַרג.

אַ גוטער בעל מלאכה בין איך געווען פון דער היים און כ׳האב לאנג ניט געדארפט זוכן. איך האב אנגעפאנגען ארבייטן אין אַ שאַפּ פון לעדערנע וואַליזעס אויף ברום לעבן גרין סטריט, וואו מען האט פאבריצירט ביליגע וואַרע. די באַלעבאַטים, דריי ברידער וואס זיינען שוין געווען לאנג אין אמעריקע, זיינען צוגעקומען יעדע ווילע און א קוק געטאן ווי איך ארבייט, און פארשטעהט זיך אז זיי זיינען געווען מער ווי צופרידן פון מיין פראדוקציע. די אנדערע ארבייטער אין שאפּ זיינען צו מיר צוגעקומען און געזאגט אז זיי זיינען ניט צופרידן פון מיר. „וואס יאָגסטו זיך אזוי ארויס די כחות?.... דער באלעבאס וועט דיר שטעלן אַ גאָלדענע מצבה?!״ — האבן זיי מיר אפען געגעבן אנצוהערן כ׳זאל ניט זיין צופיל בריה.

נאָך אַ וואך ארבייט גיבן מיר די באלעבאטים א קאנווערט מיט 25 דאלאר. ווען איך האב זיי געזאגט אז איך האַלט אז איך בין ווערט מער, איז געקומען אנ׳ענטפער: „ביסט נאָך אזוי גרין און פארלאנגסט שוין מער געלט?״.... די צווייטע וואָך האב איך געפונען אין קאנווערט 30 דאלאר.

בין איך אוועק אין א צווייטן שאפּ פון לעדערוואַרג, אויף גרין און ברום, און דערציילט דעם באַלעבאָס אז איך קען גוט די פאַך. ער האט מיר גלייך אנגעבאטן 45 דאלאר א וואך, אבער איך האב אים פארגעשלאגן צו אַרבייטן בעסער פון שטיק. דער באלעבאס האט איינגעשטימט און איך בין געווען זעהר צופרידן, ווייל איך פלעג קומען אין שאפּ ווען איך האב געוואלט און אוועקגעהן ווען איך האב געוואלט, און כ׳האב זיך אלץ געדארפט אנשטרענגען ניט צו פארדינען מער ווי 50 דאלאר א וואך וואס ס׳איז געווען די העכסטע „פּעידע״ אין שאַפּ.

אויף דער זעלבער גרין סטריט איז געווען נאך אַ לעדערוואַרג־שאַפּ וואס האט באלאנגט צו א מר. בוירנסטיין, א פאבריקאנט פון א בעסערן סאָרט וואליזעס. בין איך אריין צו אים און אים דערציילט וואס איך קען און געפרעגט וויפיל ער איז גרייט צו צאלן. ווען איך האב אים נאך דער

ערשטער פּראָבע־וואך געזאגט אז איך וויל 65 דאלאר א וואך, האט ער מיר געענטפערט אז ווערט בין איך עס ווערט, אבער ווי קען ער מיר צאלן 65 בעת דער פארמאן קריגט נאר 60. ענטפער איך אים: „ווייסט איר וואס, מר. בוירנסטיין, לאזט מיר ארבייטן פון שטיק״. ער האט איינגעשטימט און איך האב פארדינט 70 דאלאר א וואך, א גאר גרויסע סומע אין יענע טעג.

זעקס מאנאטן שפּעטער האט מיר מר. בוירנסטיין אנגעבאטן דעם אמט פון פאָרמאן, אבער איך האב זיין אנבאט צוריקגעוויזן מיט א דאנק. דער פארמאן איז געווען א פיינער אינטעליגענטער איד מיט וועמען איך פלעג מיטאג־צייט פירן גאנצע שמועסן וועגן פּאליטיק, ציוניזם און אלע אנדערע אידישע פראַגן פון יענער צייט. איז פארוואס צונעמען ביי אים דעם ביסן ברויט?... און ווידער, וואס טויג מיר צו זיין א פארמאן, אז איך פארדין אלס אנ׳ארבייטער מער ווי דער פאָרמאן.

דערווייל האבן ביילע און איר ברודער שלמה אריבערגעבראכט קיין אמעריקע זייער אינגסטן ברודער „חיים״ און נאך צוויי וואכן אפּרוען זיך נאכ׳ן ארונטערגעהן פון שיף אין סעפּטעמבער 1922, האב איך אים ארייננגענומען אין שאַפּ וואו איך האב געארבייט, ביי מר. בוירנסטיינ׳ען אויף גרין סטריט. חיים האט שוין געהאט געארבייט ביי מיר אין מיין ווארשטאט אין רוטקע, און ער האט זיך גאנץ שנעל צוגעפּאסט צו דער ארבייט דא אין שאַפּ.

ביילע איז געווען איבערגליקלעך וואס איך און איר ברודער ארבייטן אין איין שאַפּ און זי האט זיך אנגעשטרענגט צו שיקן וואס מער געלט צו דער מאַמע׳ן און דער אינגסטער שוועסטער, זעלדע, קיין רוטקע. כ׳האב שוין געזעהן אין מיין לעבן נאהנטע פאמיליעס, אבער אזא איבער־געבענהייט ווי ביי חנה באַשע׳ס קינדער האב איך נאך עד היום ניט געפונען. ביילע האט זיך ארויסגעצויגן פון דער מומע׳ן אין די בראנקס און געדונגען א צימער פאר זיך מיט׳ן ברודער חיים אויף עווענױ „בי״ לעבן האוסטאָן סטריט, און איז אליין אויך אוועק ארבייטן אין א שאַפּ פון שיך וואו זי האט געניייט כאָלעווקעס. אויסער וואס מיר פלעגן ביידע שיקן שטיצע צו משפחה אין דער אלטער היים, איך קיין אסטראווע און זי קיין רוטקע, האבן מיר געשפּאָרט א דאלאר צו א דאלאר פאר אונזער ביידענ׳ס צוקונפט.



**א בילד פון אמאליגע יארן.** שטעהענדיג: שלמה קופער און זיין שוועסטערביילע האפמאן מיט זייער פלימעניצע לעאנא (צענטער) וועלכע איז געבליבן יונג א יתומה פון איר מאמע׳ן, רבקה. אונטען איז דער אינגסטער ברודער, חיים קופער מיט דעם קלייניקען הערש בער (הוירבערט), דער בכור פון מר. און מרס. יעקב האפמאן. די ברידער שלמה און חיים קופער זיינעןביידע אוועק פון דער וועלט זעהר יונג. שלמה איז געשטארבן דעם ערשטן טאג אין אדר 1941, אין עלטער פון 42 יאהר. חיים איז געשטארבן 22 טעג אין טבת, 1953, אין עלטער פון 48 יאהר.

איך אליין האב זיך דאן ארויסגעצויגן פון ששׂערי סטריט אויף דער איסט סאיד און בין אוועק קיין וויליאמסבורג וואו מיין שוואגער מאיר ראזענטאל, דער מאן פון מיין שוועסטער יהודית, און זיין ברודער האבן געהאט א שניידער־שאפ. כ׳האב געדונגען א צימער אויף סאוט־8־טע סטריט און איך בין געווען נאהנט צו מיין שוועסטער יהודית וועלכע איז געקומען צו איר מאן אין 1923, מיט א קינד פון 5 יאהר. יהודית׳עס א טאכטער און איר מאן און זייערע קינדער זיינען היינט אקטיוו אין דער „הנני״־באוועגונג פון דער רביצין יונגרייז אין וואודמיר, לאנג איילאנד.

צופיל איינשטיין אויף א דזשאב האב איך ניט געקענט. וואס נענטער ס׳איז געווארן די צייט פון דער חתונה, אלץ מער אומרוהיגער בין איך געווארן און געזוכט צו פאַרדינען מער. אין ברוקלין איז דאן געווען איינער פון די גרעסטע „סוטקעיס־מאַנופעקטשורערס״ פון א ביליגער „לייַן״ סחורה. בין איך אוועק צו אים מיט א פלאן אז איך וועל פראדוצירן פאר די זעלבע געלט א בעסערע סחורה און ער׳ט ממילא קענען נעמען אַ העכערן פרייז. ער האט צוגעשטימט און איך האב איבערגענומען דעם גאנצן שאפ, אריינגענומען חיים׳ען, מיינעם א קוזין, ווייגעל, און נאך צוויי ארבייטער, און ס׳איז אוועק א רויך. אז דער באלעבאס האט דערזעהן אז איך געה אהיים נאך א וואך ארבייט מיט 150 דאלאר אין קאָנווערט, האט ער עס ניט געקענט פארטראגן און ס׳איז געווארן אויס געשעפט.

געווען דאן אין ניו יארק א גרויסער פאַקעטבוק־מאנופעקטשורער מיט׳ן נאמען מאָריס וועהייט וועלכער האט זיך געגוויטיגט אין גוטע פאכלייט. כאטש איך בין ניט געווען קיין גרויסער יוניאָן־פאטריאט, האט מיר אבער די יוניאן גערופן און רעקאמענדירט צו וועהייט׳ן אין שאפ. איך האב גלייך באמערקט אז די אנדערע ארבייטער זיינען ניט צופרידן ווייל איך ארבייט צו שנעל און פראדוציר מער ווי זיי. נאך דער ערשטער וואך ווען דער באלעבאס האט מיר געגעבן ניט מער ווי 50 דאלאר, האב איך אים געזאגט „גודבאַי״ און א זעץ געטאן מיט דער טיר.

פונקט דאַן האבן מיינע ערשטע באלעבאטים, די דריי ברידער פון ברום סטריט, אנגעפאנגען צו פראדוצירן א נייעם ארטיקל, אויס־געפרעסטע לעדער מיט ארטיסטישע קאָלירן. אזוי ווי זיי האבן געוואוסט אז איך קען די דאזיגע מלאכה האבן זיי מיר אויפגעזוכט און מיר

אנגעבאטן צו ווערן פאָרמאן אין זייערס א נייעם שאַפּ וואס זיי עפענען אין נוארק, ניו דזשוירזי. דער געשעפט איז געווען א דערפאלג און איך האב דארט פארדינט זעהר גוט און באוויזן אפצושפארן א היבשע פאָר דאלאר. דער חסרון איז אבער געווען די לאנגע שלעפעניש ביז מ׳קומט קיין נואַרק און דערנאך צוריק אהיים קיין ברוקלין. די פאָר מאנאטן וואס איך האב דארט געארבייט בין איך אויסגעריסן געווארן, אוועקגעהענדיג פון דער היים פארטאג און צוריקקומענדיג שפעט אין אווענט. די באלעבאטים האבן מיר אנגעבאטן א שיינע העכערונג, אבער איך האב באשלאסן אז עד כאן. ניט אויף דעם בין איך געקומען קיין אמעריקע, ניט צו האבן קיין ברעקל מנוחה.

קורץ נאך מיין אוועקגעהן פון נוארק האט זיך דער שאַפּ פארמאכט און איינער פון די דריי ברידער האט גענומען א דזשאב ווי א סיילסמאן אין דער זעלבער „ליין״.

אנטקעגן וואס דערצייל איך עס אלץ?... אנטקעגן אונזערע היינטיגע „גרינע״ זאלן געזונט זיין וועלכע דערווארטן א רויטן טעפיך גלייך ווי זיי שטייגן אויס פון עראפלאן אדער שיף און וואס אידישע ארגאניזאציעס זאלן ניט טאן צו ארויסהעלפן זיי, איז אלץ ניט גענוג און עס קומט זיי מער.

ניט ס׳איז דאן געווען אזא אידישע ארגאניזאציע וואס זאל האלטן אידישע אימיגראנטן אויף קעסט און ניט די אימיגראנטן אליין וואלטן איינגעגאנגען אויף אזא סיסטעם פון זיצן און ווארטן אויף פילאנטראפיע. מיר האבן געוואלט ארבייטן און פאַרדינען און זיך אליין אויסהאלטן, אָן קיינעמ׳ס טובות.

און אזוי איז געווען מיט מיר און מיט מיין צוקונפטיגער פרוי ביי אונזער אנקומען אהער. מיר האבן שווער געארבייט און געווען צופרידן, זי אויף עווניו „בי״ אויף דער איסט סאיד און איך אויף סאוט 8־טער סטריט אין וויליאמסבורג.

דריי און א האלב יאהר נאך אונזערביידענ׳ס אנקומען קיין אמעריקע האבן מיר מיט מזל באשלאסן צו געהן צו דער חופה.

# קאפיטל 20

## א גרינע אידישע חתונה אין די בראנקס

אין א זונטאג אוונט, דעם 17־טען אויגוסט, 1924, איז דער מומע טויבא׳ס הויז אויף בוירק עוועניו אין די בראנקס,לעבן באסטאן ראוד, פארוואַנדעלט געווארן אין דעם שענסטן באָלרום וואס איך האב נאך עד היום ווען געזעהן.

איך בין שוין געווען אויף הונדערטער חתונות, דינערס און באנקעטן אין וואלדארף אסטאריא און אין הילטאן און אין אנדערע שיינע פּלעצער, אבער די פּראַכט און יום־טוב׳דיקייט פון דער מומע׳ס הויז יענעם אוונט אין די בראנקס, איבערשטייגט אין מיין זכרון אלץ מיט אלעמען.

פאַרשטעהט זיך אז איך בין א שטארקער נוגע בדבר, ווייל יענער אוונט איז געווען דער אנפאנג פון מיין און ביילע׳ס גליקליכן צוזאמענלעבן פאר אונזערע ווייטערע 51 און א האלב יאהר, צוזאמען אין ליידן און אין פריידן, ביז זי איז פון מיר און די קינדער אזוי אומגעריכט אוועקגענומען געווארן אין דעם קאָשמאַרפולן טאג פון כ״ו שבט, תשל״ו (יאנואר דעם 28־טען, 1976).

אבער לאָמיר ניט פאַרלויפן זיך אליין די וועג. איצט איז א גרויסע שמחה אין די בראנקס. צוויי גרינע, א 24־יאָריגער בחור פון אסטראווע און א 21־יאָריגע מיידל פון מיענזשעניץ, א דאָרף לעבן רוטקע, האַלטן ביי געהן צו דער חופּה, נאך א באקאנטשאפט פון באלד צען יאהר וואס האט זיך אנגעפאנגען אין א מיטן־נאכט׳יגער זאַוויערוכע אין מלחמה־צייט, אין יאהר 1915, און דורכגעמאכט אזויפיל גלגולים און זיג־זאַגן, ביז איר ווערן צייטיג אין דער ווייטער אמעריקע וואוהין ביידע זיינען פארוואָרפן געווארן פון ביטערן אידישן גורל אין די שטעדט און שטעדטלעך פון פּולין.

די מומע און דער פעטער האבן אויסגעפּוצט די הויז מיט מזל־טוב־דעקאראציעס און בלומען וואס די קינדער זייערע האבן אליין אנגעריסן, און מחותנים און פריינד האבן זיך אנגעפאנגען צו באווייזן און צו צעקושן זיך מיט טרערן אין די אויגן. ביילע׳ס צוויי ברידער, שלמה און חיים, זיינען געווען די הויפּט־מחותנים פון דער כלה׳ס צד. איך האב געהאט מיין שוועסטער יהודית מיט איר מאַן מאיר, און די קאָזינס פון בראנזוויל און פון דער איסד־סאַיד.

ווער האט דאַן געטראכט פון דינגען א האָל פאר א חתונה? . . . די מערסטע אידישע חתונות זיינען פאָרגעקומען אדער ביי זיך אין דער היים אדער ביים רב צי ביי א חזן־רעוורענד אין הויז, מיט אַ פּאָר פלעשלעך בראָנפען און פאַרבייסן אויפ׳ן טיש. ווען חתן־כלה וואָלטן אמאָל פארמאָגט דאס וואס עס קאָסט היינט א חתונה, וואָלטן זיי באטראכט געווארן פאר מיליאָנערן.

אנשטאָט אַן׳אָרקעסטער וואס זאל אָפּקאָסטן טויזנט דאלאר אדער מער, האבן מיר אנגעשטעלט דעם גראמאפאן, און דער עולם האט געזונגען און געטאַנצט. באזונדערס ליגט מיר אין זכרון דאס לידעלע „א בריוועלע דער מאַמע׳ן״, וואס איז דאן געווען זעהר פּאפּולער און אנדערע ענליכע בענקענדע מאָטיוון וואס האבן אויסגעדריקט אונזערע געפילן פון עלענד און פון בענקשאפט נאך די ליבע און נאהנטע אויף יענעם זייט ים.

ביילע האט ניט געטראָגן קיין ווייסע קלייד מיט א לאנגן נאָכשלעפּ, און איך האב ניט געטראגן קיין טאָקסידא, אבער מיר זיינען ביידע געווען די גליקליכסטע אויף דער גאנצער וועלט. דער רב — איך געדענק לײדער ניט זיין נאמען — האט אונטער דער חופּה געמאכט א „מלא״ נאך ביילע׳ס טאטע׳ן, הערש בער ע״ה, וועלכער איז געשטארבן אין פילאדעלפיע 21 טעג אין אלול, 1913, קורץ נאך זיין אנקומען אהער פון מענזשעניך כדי צו פארדינען גענוג געלט אויף אפּצוקויפן די הויז וואו ער מיט זיין ווייב, חנה באַשע, האבן געהאט א קרעטשמע.

א שאָד וואס ס׳איז ביי אידן ניטא קיין תפילה אדער מי שברך אויף צו דערמאנען אונטער דער חופּה לעבעדיגע טאטע־מאמע וואס קענען לײדער ניט זיין ביי זייערע קינדער׳ס חתונות, שלמה, ביילע׳ס ברודער,



דער חתן יעקב האפמאן מאכט א שפאס מיט די לאנגע צעפ פון דער
מומע טויבא אין די בראנקס וואו זיין חתונה מיט ביילע׳ן איז
געפראוועט געווארן.

דער פאטאגראפשטשיק, האט אבער נאך דער חתונה געגומען בילדער פון חתן־כלה און מיר האבן עס אפּגעשיקט צו מיינע עלטערן קיין אסטראווע און צו חנה באשע׳ן קיין רוטקע.

מיין שוועסטער יהודית און איר מאן מאיר האבן געפירט דעם חתן צו דער חופּה, און טויבא קלור מיט איר מאן זיינען געווען ביילע׳ס אונטערפירער. ווי עס פירט זיך ביי אידן איז דער כלה׳ס פּנים געווען צוגעדעקט מיט א דורכזיכטיגען שלייער, און קוקענדיג אויף ביילע׳ס פארוויינטע אויגן האט מיר אויך דורכגענומען א געפיל פון בענקשאפט און ציטער, בענקשאפט נאך דער פארגאנגענהייט און א ציטער פאר דער צוקונפט אין דער נייער וועלט. „ווייז ניט ביילינקע״, האב איך איר א זאג געטאן שטילערהייט נאכ׳ן אנטאן דעם רינגעל אויף איר פינגער און אפּזאגן דעם הרי את, און ווען זי האט א צוריק־קוק געטאן אויף מיר האב איך דערפילט א פייכטקייט אין מיינע אייגענע אויגן.

די חתונה אויף בוירק עוועניו האט זיך פארצויגן ביז שפּעט אין דער נאכט אריין, כאטש אלע מחותנים, און אויך חתן־כלה, האבן געדאַרפט אויף מארגן אויפשטעהן פרי צו דער ארבייט. ווער האט יענע יארן געטראכט פון האָנימונס און פון רייזעס ארום דער וועלט ? . . . אין אונזער פארהייראטן לעבן האבן מיר, איך און ביילע, ברוך השם אויפגעמאָנט עס מיט א היבשן עודף ביים פּאָרן צוזאמען צענדליגער מאָל קיין ישראל און אנדערע וועלט־רייזעס און וואַקאַציעס. אבער אין 1924 האבן מיר זיך גלייך נאך דער חתונה אין די בראנקס אריינגעצויגן אין אונזער ערשטער דירה אין אמעריקע, אין 457 וויליאַמס עוועניו, ביים גרעניץ צווישן בראנזוויל און איסט ניו יארק, לעבן ליוואָניא עוועניו, די גאַס איבער וועלכער די אַיי.אַר.טי. עלעווייטאר־טריין פון דער 7־טע עוו. ליין רוישט נאך אויך היינט 7 מעת־לעת א וואָך ווי דער סמבטיון אין 6 טעג.

אין די שפּעטערע יארן ווען די געגענד ארום ליוואָניא עוועניו האט זיך אנגעפאנגען צו ענדערן, איז אין בראנזוויל געווען פּאפּולער א וויץ מיט א איד׳ן וואס בארימט זיך אז ער וואוינט אין א העכסט־לוקסוריעזן אפּארטמענט מיט אלע באקוועמליכקייטן, מיט אנ׳עלעווייטאר און מיט א שווארצן ביים טיר. דער איד האט געוואוינט אויף ליוואניא עוועניו

וואו דער איי.אר.טי. פּאָרט פאַרביי זיין פענסטער אין דער הויך, און ביים טיר פון אונטען דרעהט זיך שטענדיג ארום א חברה שוואַרצע . . .

אין 1924 איז די געגענט געווען א מחיה׳דיג־אידישע, מיט גרינע וואס האבן זיך ברוך־השם ארויפגעארבייט און זיינען געקומען אהער פון דער איסט סאיד. אידן האבן דא אנגעפאנגען צו בויען פּריוואַטע 1 און 2 פאמיליע־הייזער. עס זיינען אויפגעגאנגען גרויסע שוהלן וואו עס האבן געדאווענט די גרעסטע חזנים ווענען איך האב ניט פארפעלט צו הערן, און אויף סאָטער עווענין, לעבן וויליאַמס, איז געווען — להבדיל — א גרויסער מואווי־טעאַטער וואו מען האט געוויזן שיינע פילמען און עס זיינען אויך אפּגעהאלטן געווארן גרויסע אידישע פארזאמלונגען.

א זומער־טאג אין 1926 איז די מואווי געווען געפּאַקט און טויזענטער אידן האבן געוואַרט אינדרויסן. אזוי ווי איך האב געוואוינט דערביי בין איך געקומען פרי, און געהאט א פּלאץ אינווייניג צו הערן דעם גרויסען דיכטער חיים נחמן ביאליק ע״ה. ער האט גערעדט מיט קריטיק פארוואס אידן אין אמעריקע דערציען ניט די קינדער אין אידישן גייסט, און פון זיין מויל האבן געשפּריצט פונקען ווען ער האט גערעדט וועגן דעם אויפבוי פון אונזער אייגען אידיש היימלאנד. פאר אונז גרינע איז ביאליק׳ס רעדע געווען א טיפע איבערלעבונג וואס האט אונז געבראכט א פרישע דערמאנונג פון דער אלטער היים און אויך דערמאנט אונז ניט צו פארזונקען ווערן צופיל אין דעם אמעריקאנער ,,אָלרייטניקיזם״ וואס איז באַשטאַנען פון יאָגן זיך נאך געלט און רייכטום.

ווען ביאליק איז נאך דער רעדע ארויס אין גאַס, איז ער באלאגערט געווארן פון טויזענטער אידן וואס האבן זיך געשטופּט צו כאפּן א בליק אויפ׳ן גרויסן משורר.

אויף פּיטקין עווענין איז דאן אויפגעבויט געווארן א נייע מואווי־געביידע וואס איז געווארן א שם דבר אין גאנץ ניו יארק מיט איר ארכיטעקטור און פארנעם, לאָו׳ס פּיטקין, און עס גדעדענקט זיך מיר נאך היינט ווי דער גרויסער קינסטלער לודוויג זאץ איז דאָרט אָפט אויפגעטראָטן און פארטריבן די כמאַרעס פון אונזערע פּנים׳ער און די זויערקייט פון אונזערע געמיטער. צווישן זיינע ראליען איז באזונדערס

Miss Bella Cooper
Mr. Jack Hoffman
request the honor of your presence
at their marriage ceremony
Sunday, August 17th, 1924, at 5:00 P. M.
at the residence of
Mr. and Mrs. Harry Cloor
171 Burke Avenue
Bronx, N. Y.

Brides residence
457 Williams Avenue
Brooklyn, New York

מיססביילע קופּער
מר. דושייק האָפמאַן
לאדעט אייך העפליכסט איין צו זייער האכצייט
זונטאג אווענד, דעם 17טען אוגוסט, 1924
אום 5 אוהר
אין דער וואהנונג פון
מר. און מרס. העררי קלוער
171 בוירק עווענוי
בראנקס, נ. י.

כלה׳ס וואהנונג
457 וויליעמס עווע.
ברוקלין, נ. י.

**א אידישע חתונה־איינלאדונג אין אמעריקע מיט 53 יאהר צוריק**
די חתונה־איינלאדונג וואס יעקב האפמאן און זיין כלה בעלא קופער האבן ארויסגעשיקט צו זייערע קרובים און פריינד.

געווען פּאפּולער זיין אויסשפּילן אויף דער בינע די ראָליע פון דעם אָפּגענאַרטן ישיבה־בחור וועלכער ציט ארויס פון בוזעם־קעשענע סמיכות פון די גרעסטע רבנים, אלץ כדי צו געפעלן זיין צוקונפטיגן שווער, און מיטאמאל דערוויסט ער זיך אז דער שווער האט פאר׳קנס׳ט זיין טאכטער די יפת תואר צו א נגיד׳ישן בענאָק . . .

ווען איך האָב געבראכטביילע׳ן נאך דער חתונה צום 3־צימער׳דיגן אפּארטמענט וואס איך האב געדונגען אויף וויליאַמס און ליוואניא עווניו, בין איך אליין געווען איבערראַשט ווען דער לענדלאָרד פון דער הויז האט אונזביידן ארונטערגעפירט אין קעלער און אונז אנגעוויזן אויף א ווינקל וואו עס ליגן די קוילן אויף צו באהייצן אונזער אפּארטמענט. קיין צענטראַלע באהייצונג, ווי היינט, איז ניט געווען, און יעדער טענענט האט געהאט זיין אייגענע קוילן, און מיר האבן געדארפט שלעפּן די קוילן ביז צו אונזער דירה אויפ׳ן דריטן שטאָק.

„אלץ בעסער ווי הייצן די אויוועך מיט נאַסע האָלץ אדער גאר מיט טאָרף וואס האט פאר׳עיפוש׳ט די גאנצע הויז און געגעבן אלעמען א קאָפּווייטאָג״, האב איך געטרייסט ביילע׳ן ווען מיר פלעגן זיך ביידע עוסק׳ן מיט די קוילן. סיי־ווי בין איך געווען דער וואס האט געטראָגן די קוילן פון קעלער צום שטוב, ווייל ביילע האט געטראָגן גאָר א סך וויכטיגערעס, און צו די 9 מאָנאַטן האט זי מיט מזל געבוירן א אינגעלע ווען מיר האבן א נאמען געגעבן הערש בער, נאָך איר טאטע׳ן.

ווען די נייעס אז ביילע איז געווארן א מאמע האט געגרייכט רוטקע און אז דאס קינד טראָגט דעם נאמען פון חנה באשע׳ס יונג־פארשטאָרבענעם מאן, איז צו חנה באשע׳ס פרייד ניט געווען קיין גרעניץ. די אינגסטע טאָכטער חנה באשע׳ס, זעלדע, האט אונז געשריבן אז דאס גאנצע שטעדטל איז איר געקומען אפּגעבן מזל־טוב און איר געזאגט אז ס׳איז בעסער פרייד פון דער ווייטענס איידער שלעכטס פון דער נאָהנט. יאנקעל האפמאן מיט ביילע קופּער זיינען ווידער געווארן — פאר עטליכע טעג — דאס געשפּרעך פון טאג אין שטעדטל, און פאר אונז דאָ איז צוגעקומען דאס פּראבלעם פון געפינען א מער פּאסענדע דירה פאר דער וואַקסענדער האפמאן־משפּחה.

אזוי ווי איך האב דאן געארבייט ביי לעדערוואַרג אויף גרין עווניו

לעבן מאַרסי עוו. (וואוהין עס האט זיך אריבערגעקליבן מיין אמאליגער שאפּ פון גרין סטריט אין מאנהעטן), האב איך געדונגען א שיינע דירה אין א 2־פאמיליע הויז, טאקע ניט ווייט פון שאפּ, און ביי א לענדלאָרד א פרומען איד׳ן מיט א פיינער משפּחה וואס איז געווען זעהר פריינד׳ליך און בייהילפיג. היינט איז גרין עוועניו א טייל פון בעדפאָרד סטייוועסענט, אבער דאן איז דארט געווען א קאָכיג אידיש לעבן מיט פול־געפּאקטע שוהלן און אידי׳שע קראָמען און אידישע אקטיוויטעטן.

ביי דער ארבייט האב איך פארדינט גאנץ גוט. די וואַליזעס וואָס מיר האבן פאבריציר׳ט זיינען ארויסגעקומען שענער ווי דערוואַרטעט, און איך בין געווען דער העכסט־באצאלטער צווישן אלע ארבייטער אין שאפּ. די באלעבאטים פלעגן זיך מיט מיר מיישב זיין וואס פארא לעדער צו קויפן און וואס פארא ,,מאָדעל״ צו פאבריציר׳ן, און מיינע עצות האבן זיך אלעמאל ארויסגעוויזן צו זיין פּאַכמעניש און דערפּאָלגרייך.

קומענדיג איין אָוונט אהיים פון דער ארבייט, א מידער און א הונגעריגער, איז מיר זיצענדיג ביים טיש מיטביילע׳ן און דעם קינד, ווידער ארויפגעקומען אנ׳אלטער געדאַנק. ,,וויבאלד אז דער שאפּ אויף גרין עוועניו פיר איך, איז פארוואס טאקע אפּקומען מיט ארבייטן פאר יענעם און אליין קריגן אנ׳אויסגעציילטן דאלאר ?״ . . .

זייענדיג א ליבהאָבער פון אידיש געזאַנג און חזנות האב איך שוין געהאט פון פריער געקויפט א גראמאפאן מיט אידישע רעקארדס, און דאסמאל האט זיך אין הויז געהערט דאס הארציגע אידישע ליד ,,בעלז, מיין שטעדטעלע בעלז״ וואס ביי מיר און ביי ביילע׳ן איז עס אפּגעטייטשט געווארן אויף ,,רוטקע, מיין שטעדטעלע רוטקע״ . . . דער רעקארד האט אין מיר אלעמאל אויפגעטויכט בערג מיט בענקענדע דעראינערונגען, און אפילו היינט ווען א זינגער אויף א קאנצערט בעט פארלאנגען פון עולם, שעם איך זיך ניט צו בעטן ,,בעלז, מיין שטעדטעלע בעלז״.

ביילע האט מיר אנגעקוקט מיט פרעגענדע אויגן. וואס הייסט געהן אליין אין ביזנעס ? . . . דאָ איז דאך ניט רוטקע, דאָ וועט זי מוזן ארויסהעלפן, אלענפאלס די ערשטע צייט, איז ווער וועט אכטונג געבן אויפ׳ן קינד ? . . .

כ׳האב איר ניט געהאט וואס צו ענטפערן, אבער אין הארצן ביי מיר איז שוין געווען פעסט אַנטשלאָסן אז איך וועל אין אמעריקע ניט אויף לאַנג ארבייטן ביי יענעם.



בעלא קופער־האפמאן מיט אירע צוויי ברידער, שלמה (רעכטס) און חיים.

# קאפיטל 21

## 16 יאהר א גראסערי־מאן אין קראון הייטס

נאָך בוטשעריי וואס איך האב געקענט פון טאַטענ׳ס הויז אין אסטראווע, איז מיין צווייטע פאַך ביי וועלכער איך האב גוט פארדינט אין פוילן געווען רימעריי, פריער ווי אנ׳ארבייטער און שפּעטער ווי א פאַבריקאַנט און א סוחר אין רוטקע.

נאך מיין ערשטן דורכפאַל ווי א בוטשער אויף דזשעפערסאן סטריט, אויף דער איסט סאיד, האָב איך איצט נאך דער חתונה און נאך אָפּשפּאָרן א פּאָר דאלאר פון ארבייטן ביי יענעם, באשלאסן צו גיין אין ביזנעס פאר־זיך. צוזאַמען מיט א שותף האָב איך געדונגען א „לאָפט" אויף 55 קריסטי סטריט, לעבן דילענסי, און מיר האָבן זיך גענומען צו דער ארבייט פון פאבריצירן לעדערוואַרג, וואַליזעס און ענליכעס.

דער געשעפט האָט געהאט גוטע אויסזיכטן פאר דערפאָלג, אבער צו מיין באדויערן האָב איך נאָך עטליכע מאָנאטן אויסגעפונען אז דער געטרייער שותף מיינער האָט געפירט א דאָפּעלטע בוכהאַלטעריע. ער פלעגט פאַרקויפן וואַליזעס צו ריטייל־סטאָרס און אריינלייגן די מזומנים צו זיך אין קעשענע . . . איך בין גלייך פּטור געווארן פון דעם שווינדלער און איבערגענומען דעם שאַפּ אליין, צוזאמען מיט דער הילף פון מיין פרוי, ביילע, אדער ווי זי האט זיך שוין גערופן אין אמעריקע — בעלאַ.

די באַלעבאַטים ביי וועמען מיר האָבן געוואוינט אויף גרין עווניו, אין ברוקלין, זיינען געווען זעהר גוטהאַרציגע מענשן. און די לענדליידי און אירע טעכטער האָבן אכטונג געגעבן אויף אונזער אינגעלע, הערש בער, ווען מיין פרוי איז א פּאָר טעג אין וואָך געקומען אין שאַפּ, אכטונג געבן אויף דער ארבייט, בעת איך פלעג ארויסגעהן זעהן קאָסטאמערס און איינמאָנען חובות. דער שאַפּ האט אריינגעברענגט אויף פרנסה, אבער די ארבייט, און דער עיקר דער יאָך אויף ביילע׳ן, איז געווען צו־

שווער. ביילע האט געקענט גוט די ארבייט און איז געווען א בריה ערשטע קלאַס ביים אָנפירן מיט׳ן שאַפּ, אבער דער קינד איז געווען גאנצע טעג אויף פרעמדע הענט און איך אליין פלעג אריינפאלן אין הויז שפּעט ביינאכט אינגאנצן דערשעפּט.

ויהי היום, און א סיילסמאן פון א ,,מעיל אָרדער״ הויז אין שיקאגא קומט אריין אין שאַפּ און מאכט מיר אנ׳אָנבאָט אין וועלכן איך האב זיך אנגעכאפּט ווי א טרינקענדער אין א רעטונגס־ברעט. זיין פּלאַן איז געווען איך זאל ארבייטן אויסשליסלעך פאר דער ,,מעיל אָרדער״ קאָמפּאני און איך וועל קריגן יעדן חודש דעם טשעק אריינגעשיקט דורך דער פּאָסט.

אנ׳ערך 6 מאָנאַטן האב איך אויפגעלעבט. איך האב מער ניט געדארפט לויפן צו די ריטיילערס אויפמאָנען די פארלעגענע חובות, און ביילע האט ניט געדארפט פארברענגען אזויפיל צייט אין שאַפּ.

ס׳איז אבער געווען צו גוט עס זאל לאַנג אָנהאַלטן, ווי דער אמעריקאַנער זאגט. מיטאַמאָל ווער איך געוואויר אז די ,,מעיל ארדער״ הויז האט באַנקראָטירט. דער לעצטער טשעק וואס איך האב פון זיי געקראגן איז געקומען צוריק פון באַנק, אויסער דאס געלט וואס איז מיר געבליבן שולדיג פאר שפּעטערע באַשטעלונגען וואס איך האב זיי שוין אוועקגעשיקט.

מיין שאַפּ אויף קריסטי סטריט איז געווען געצוואונגען צו שליסן זיך, און איך בין געווארן ,,ווידער א מיידל״, ווידער אַ קבצן אָן פרנסה.

דאס האַרץ איז מיר אויסגעגאנגען פון פאַרדרוס, צוקוקענדיג ווי ביילע עסט זיך אויף פון דעם וואס איך בין ארומגעגאַנגען אזוי ווי אין הינער־פּלעט, ניט וויסענדיג צו וואס צו נעמען זיך. איך האב ווייטער געלייענט די אַנאָנסן אין ,,מארגען זשורנאל״, אבער כ׳האב ניט געפונען קיין פּאַסענדע זאך וואס זאל מיר אַפּעלירן צום האַרצן.

דערווייל האב איך אויסגעפונען אז דער אמאליגער פּאָרמאַן פון דעם שאַפּ וואו איך האב גרינערהייט געאַרבייט, אויף גרין סטריט, האט א גראָסערי אויף יוניאן סטריט אין קראַון הייטס, צו זיין עקזאַקט — אויף 1586 יוניאן סטריט, לעבן טראָי עוועניו. ער איז געווען א זעהר פיינער

און אינטעליגענטער מענש און מיר זיינען אין שאַפּ געווארן נאָנטע פריינד, געגעסן מיטאָג צוזאמען און געשמועסט איבער אידישער פּאָליטיק, ציוניזם, סאָציאַליזם. ווען דער באַלעבאָס פון שאַפּ האט מיר איין מאל אנגעבאטן דעם אַמט פון פאָרמאן, האב איך זיך אָפּגעזאָגט, ווייל איך האב ניט געוואלט ווען טאָן מיין פריינד.

צייט האב איך געהאט און וואס צו טאן איז ניט געווען, בין איך אוועק קיין קראַון הייטס אפּצושטאַטן א באַזוך ביי מיין געוועזענעם פאָרמאן. ער האט זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט ווי מיט א לייבליכן ברודער און זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן זיינע צרות. ער האט א שותף אין גראָסערי, א זעהר נערוועזער מענש וואס עסט אים אויף דאס האַרץ. דערצו האט דער שותף געהייראַט אַ קריסטליכע פרוי וואס כאטש זי האט זיך מגייר געווען, קאָכן אין איר אירע אלטע בלוטן און זי האלט זיך אין איין קריגן מיטן מאַן אין דער געגענוואַרט פון אלע קאָסטימער. דער בייז לעבן צווישן די שותפים, האט דער געוועזענער פאָרמאן דערציילט ווייטער, איז שוין דערגאַנגען אזוי ווייט אז מיר האבן באַשלאָסן צו פארקויפן די גראָסערי, אבער עס מאכט זיך ניט קיין בעלן.

זיינע רייד זיינען מיר אריין אין נאָז און איך האב אים אינסטינקטיוו אַ פרעג געטאן וויפיל ער פארלאנגט פאר דער גראָסערי.

— פאר א פיר טויזנט דאָלאַר וואָלטן מיר עס פארקויפט — האט ער מיר שטילערהייט, געענטפערט, אָפּשניידענדיג א שטיקל ווייכע קעז פאַר אַ באַלעבאַטישער פרוי מיט וועמען איך און ביילע זיינען שפּעטער געווארן נאהנטע פריינד. דאס איז געווען מרס. גריבעץ, די פרוי פון אברהם גריבעץ, און די מאַמע פון הייניטיגן געהילף צו גאָווערנאר קערי, יהודה (דזשודא) גריבעץ. אברהם גריבעץ האט דאַן אנגעפירט מיט׳ן אפיס פון דער ,,היברו פרי לאָון סאָסייעטי״.

און מיינע א קרובה, רעי קעץ, וועלכע האט דארט פאר 40 יאָהר נאָכאַנאַנד געארבייט אונטער זיין פארוואלטונג, פלעגט מיר שטענדיג דערציילן וואס פאַראַ וואונדערבארער מענש אברהם גריבעץ איז. רעי העלפט נאך אויך היינט ארויס אַ פּאָר טעג א וואך אין דער ,,היברו פרי לאָון״.

זיין ברודער לואי דזשיי גריבעץ, אַ באַוואוסטער אידישער לאָיער און

כלל טוער, איז שפּעטער געוואָרן מײַן ריעל עסטייט לאָיער און מיר זײַנען געווען נאָהנטע פרײַנד פאַר פילע יאָרן, סײַ געזעלשאַפטליך און סײַ פּריוואַט. מיר זײַנען אויך געווען שכנים ביים דאַוונען אין ברוקלין דזשואיש סענטער אויף איסטערן פּאַרקוויי און ער פלעגט מיר אַלעמאָל געבן אַ וואַרימען יישר־כח פאַר מײַן דאַוונען ביים עמוד.

אז איך האָב דערהערט פון דעם געוועזענעם פאָרמאַן די סומע פון 4 טויזנט דאָלאַר איז מיר געוואָרן ביטער אויפ׳ן האַרצן. אפילו אויב איך זאָל זיך אויסטויגן אין די גראָסערי ביזנעס, וואו נעמט מען אזויפיל געלט ? . . . כ׳האָב אָבער גלײַך אויפ׳ן אָרט געזעהן ווי די לייזונג קומט אַרײַן בשפע׳דיג, און איך האָב געהאַלטן אז איך מיט ביילע׳ן צוזאַמען וואָלטן געקענט נאָכמער ארויפאַרבייטן דאָס געשעפט.

ניט אומזיסט — האָב איך געטראַכט — האָט מען מיר פון הימל געבראַכט אין אַ גראָסערי אויף יוניאַן סטריט. נויט ברעכט אײַזן, זאָגט די וועלט. איך האָב פאַרבויגן אויף מײַן האָנאָר און כ׳האָב אנגענומען דעם פּלאַן פון מײַן שוואָגער חיים, ער זאָל בעטן די לאַנדסלייט פון רוטקע ארויסצוהעלפן מיר מיט א גמילת חסד. די לאַנדסלייט האָבן געוואוסט פון מײַן פּאָזיציע אַלס סוחר אין רוטקע, נאָך זייענדיג אַ יונגער בחור, ווען אלע אין שטעדטל האָבן מיר באוואונדערט, און זיי האָבן געהאַט געגנוג צוטרוי צו מיר אויך דאָ אין אמעריקע. חיים האָט מיר געבראַכט די געלט פון די לאַנדסלייט, א גמילת חסד פאַר איין יאָהר (וואָס איך האָב, אגב, אויסגעצאָלט פאַר דער צייט) און איך מיט ביילע׳ן זײַנען מיט מזל געוואָרן גראָסערי־לייט.

שווער, זעהר שווער, איז געווען די ערשטע צייט אין גראָסערי־סטאָר, ניט וויסענדיג אפילו די נעמען פון די אַרטיקלען וואָס די באַלעבאָסטעס האָבן פאַרלאַנגט. כאָטש דער פריער׳דיגער באַלעבאָס איז מיט אונז געשטאַנען אין סטאָר צוויי וואָכן, איז עס מיר אנגעקומען מיט גרינגע ווערים אויסצולערנען זיך ווי צו מעסטן פּוטער און ווי צו וועגן קעז און ווען מען דאַרף שיקן זויער־קרים און ווען מען סוויט־קרים. די באַלעבאָסטעס זײַנען אָבער געווען זעהר פרײַנדליך, און באַזונדערס זײַנען זיי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער איידעלקייט פון מײַן פרוי. מיר האָבן געהאַט קאָסטאָמערס וואָס זײַנען געקומען פון ווייט אוועק, אַבי




יעקב האפמאן אין זיין גראסערי־סטאר אויף טראי עוועניו אין קראון־הייטס ברוקלין, מיט זיין בן יחיד׳ל הערש בער.

נאר ביילע זאל זיי „מאכן דעם אָרדער״. דער דערפּאָלג פון דער גראָסערי איז געווען אינגאַנצן צו פאַרדאַנקען ביילע׳ן וועלכע האט געהאַט א ליבליכע פּערזענליכקייט און האט צוגעצויגן מענשן מיט איר פריינדליכער נאַטור און אַ גוט וואָרט פאַר יעדן איינעם.

זי האט צוזאַמען מיט מיר געאַרבייט שווער אין גראָסערי, גלייך נאָך אונזער ארויסציִען זיך פון גרין עווענױ, אין אַנ׳אַפּאַרטמענט אויף יוניאָן סטריט, אַנטקעגנאיבער דער סטאָר, און צוזאַמען מיט העלפן מיר אין גראָסערי פלעגט זי יעדע פרייע מינוט אַריינלויפן אין הויז, אויפראַמען די צימערן, אפּקאָכן עפּעס צו עסן ווי אַנ׳ערשט־קלאַסיגע קעכין און ווידער אַריינקומען אין סטאָר מיט א ברייטן שמייכל.

אונזער בכור הערש בער האט אָנגעפאַנגען צו לערנען אין דער קראָון הייטס ישיבה, טאקע צוזאַמען מיט דעם היינטיגן דזשודא גריבעץ, און דער רבונו של עולם האט אונז אויך באַגליקט מיט אַ טאָכטער׳ל, גיטל, אַ נאָמען נאָך מיין מאַמע׳ן ע״ה וועלכע איז אוועק פון דער וועלט אין 1928, אין אסטראווע.

פון די ארומיגע גראָסערי־לייט, פינף גרויסע גראָסעריס, האָב איך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. זיי, די אַלט־געזעסענע, האָבן אַלעמען געזאָגט אַז דער גרינער וועט ניט אויסהאַלטן מער ווי צוויי וואָכן און געהן אַ גאַנג. זיי האָבן ארויסגעשטעלט אינדרויסן פאַרשיידענע מציאות ווי א מיטל אָפּצוציִען מיינע קאָסטימערס און פאַרשפּרייט רכילות׳ן און לשון הרע וועגן די „גרינע חיות״ וואָס זיינען ערשט אַרונטער פון שיף.

די „פּולווער״ וואָס איך האָב דערשמעקט האט נאָך מער צוגעצייצט מיין עקשנות צו מאַכן פון דער קליינע גראָסערי א גרויסן דערפּאָלג. ביילע און איך האָבן געאַרבייט נאָך שווערער, געטראָגן אַליין „אָרדערס״ אויף די הויכע פּלאָרס, און זאָל אַזוי ניט טרעפן ווי עס האָט געטראָפן אַז אַ באַלעבאָסטע פלעגט לאָזן אַ צעטעלע אַז זי מוז אוועקגעהן פון הויז און מיר זאָלן לאָזן דעם „בעג״ מיט די גראָסעריס ביים טיר, און שפּעטער ווען ס׳איז געקומען צו באַצאָלן האָט זי געזאָגט אַז אימיצער האָט אָפּנים צוגע׳גנב׳עט די זאַכן, ווייל זי האָט דעם „בעג״ ניט געפונען . . . .



ביילע מיט איר גראסערי פארטוך און הערש בער ערשט געקומען פון „ישיבה אף קראון הייטס״, פרובירן איינשטילן די יונגינקע גיטל (גלעדיס), דאן קוים 3 יאר אלט.

ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואָקסן האבן זיי אונז געהאָלפן שלעפּן די „ארדערס" נאך זייער קומען פון ישיבה. די האָפּמאנס־גראָסערי איז געווארן א זאַמל־פּונקט פאר די פיינסטע באַלעבאָסטעס, און דער סוף איז געווען אז פיר פון די פינף גראָסעריס האבן זיך פאַרמאַכט און דער גרינער האט זיי איבערגעלעבט און איז געווען דער לעצטער אוועקצוגעהן פון זיין גראָסערי, און אויך דאַן האט נאך די סטאָר געבראכט פיין פּרנסה און איך האב עס פאַרקויפט אין 1942 צו א גרינעם איד׳ן פאַר א דריטל פון דער ווערדע, כדי צו העלפן אים מאכן א לעבן אין זיין נייער היים. ווען דער געגענד האט זיך געענדערט האט דער איד געהאט אָפּגעשפּאָרט גענוג אויף צו קויפן א פאַקעט־בוק געשעפט אויף נאָסטראַנד עוועניו. ער איז געווען א טענענט אין איינער פון מיינע הייזער, 1418 פּרעזידענט סטריט, און יעדעס מאל ווען ער פלעגט מיר באַגעגענען האב איך פון אים געקראָגן א ווארימען דאנק פאר העלפן אים איינאָרדענען זיך.

די גראָסערי מיינע האט זיך אזוי צעוואַקסן אז איך האב געדארפט נעמען א פיל גרעסערן פּלאַץ און האב דארט ארייַנגעשטעלט די מאָדערנסטע פיקסטשורס און פילע נייע פּראָדוקטן, אזוי אז די הכנסה האט זיך כמעט ווי פאַרדאָפּעלט.

עס זיינען אבער אויך אויפגעקומען פּראָבלעמען אין די גראָסערי־ביזנעס און אויף מיר איז געפאלן דער גורל צו שטעלן זיך בראש פון א „גראָסערי־אַסאָסיאיישאַן" וואס האט געדונגען אנ׳אייגענעם לאקאל אויף איסטערן פּאַרקוויי און יוטיקא, לעבן דובראוו׳ס רעסטאָראַן. מיר האבן געדארפט אויפפּאַסן אז די האָלסיילערס זאלן אונז ניט אָפּנאַרן מיט די פּרייזן און מיר האבן זיך אויך געדארפט פּארטיידיגן געגען דער אידישער יוניאן וואס האט געוואלט ארויפצווינגען געדונגענע ארבייטער אויף די אזוי גערופענע „פּאַפּאַ און מאַמאַ" סטאָרס. מער ווי איין גראָסערי איז דורך דער דאזיגער יוניאן־טאַקטיק רואינירט געווארן און די „אַסאָסיאיישאַן" איז זיי געקומען צו־הילף מיט אַ פּרייער הלוואה. אויב ס׳איז געווען נויטיג האט די „אַסאָסיאיישאַן" געפירט אַ געגען־סטרייק געגען דער יוניאן, אין פאַרטיידיקונג פון אונזערע לעבענס־אינטערעסן. איין מאל, געדענק איך, האָבן מיר אָנגעפירט אַ באָיקאָט געגן דער סטיהמער׳ס קאָמפּאַני צוליב אירע הויכע פּרייזן פאַר׳ן

באַרימטן פּאָמפּערניקל איר׳ן. מיר האבן אויך ארויסגעגעבען א וועכענטליכן זשורנאל מיט נייעס און באריכטן פון אונזערע געשעפטן, און אויך מיט אַדווערטייזמענטס פון אלע פרוכט און שפּייז צושטעלער וועלכע האבן מיט אונז קאָאָפּערירט.

אבער שטעהענדיג אין גראָסערי און טראָגענדיג „אָרדערס״ אויף די הויכע פלאָרס, איז מיר ווידער באַפאַלן אַנ׳אומרוה. איז דאס א תכלית צו לאָזן דער פרוי אזוי שווער ארבייטן ? . . . . איז שוין טאַקע ניטא אין אמעריקע קיין אנדער סאָרט פרנסה פאר א יונגערמאן מיט א ביזנעס־קאָפּ אויף די פּלייצעס ? . . . .

איך האב געהערט אז אידן קויפן הייזער און פאַרדינען א פּאָר דאָלאַר, אדער פון האַלטן זיי אדער פון פאַרקויפן זיי. איז פאַרוואָס זאל איך טאקע ניט פּרובירן מיין מזל מיט הייזער ? . . . . .



יעקב און בעלע האפמאן אויף א דינער אין ארץ ישראל

# קאפיטל 22

## מיינע ערשטע טריט אין דער וועלט פון ריעל עסטייט

אַרום מיין גראָסערי אויף יוניאָן סטריט האבן זיך אַרומגעדרעהט אידן „לופט־מענשן״. מנחם מענדעלס, ווי שלום עליכם רופט זיי, וועלכע זיינען צווישן פילע אנדערע מלאכות אויך געווען ריעל עסטייט בראָוקערס, מעקלערס. טאָמער האָבן זיי געהערט א קלאַנג אז אימיצער האַלט ביי קויפן אדער פאַרקויפן א הויז, האבן זיי שוין דעם דאָזיגן פאַרקויפער אדער קויפער ניט אפגעלאָזט אַזוי שנעל.

אויך מיר האבן זיי אָנגעטראָגן יעדן טאָג, ביז שפעט אין דער נאַכט אריין, הייזער „ווילדע מציאות״ פון וועלכע מ׳קען נתעשר ווערן איבערנאַכט. איך האב זיי אלעמען אויפמערקזאַם אויסגעהערט און פאַרצייכנט די אַדרעסן וואו די „מציאות״ געפינען זיך, אויף צו דערקונדיגן זיך מער איינצעלהייטן.

איין הויז וואס די בראָוקערס האבן מיר גע׳שדכנ׳ט, 1102 איסטערן פאַרקוויי, לעבן דובראָוו׳ס קאַפעטעריע אויפ׳ן קאָרנער יוטיקא עוועניו, האט מיר אויסגעקוקט צו זיין ביים וועג. ס׳איז געווען א 16־פאַמיליע הויז און ס׳האט זיך געניויטיגט איינצוצאָלן ניט מער ווי 10 טויזנט דאלאר מזומנים אריבער׳ן מאָרטגעדזש.

כאָטש מיין אַמאַטאַרישע מבינות האָט מיר גלייך געזאָגט אַז עס לוינט זיך צו אינוועסטירן אין דער הויז, האב איך זיך אָבער דורכגערעדט מיט׳ן אידישן סופעראינטענדענט פון דער 20־פאַמיליע הויז וואו איך האָב געוואוינט אויף יוניאָן סטריט און אים פאָרגעשלאָגן צו קויפן די הויז צוזאַמען מיט מיר אין שותפות. דער אמת איז אַז איך האָב שוין געהאַט ברוך השם אייגענע אַפגעשפּאָרטע 10 טויזנט דאלאר פון דער

גראָסערי, אָבער כ׳האב געוואָלט האָבן א שותף וואָס זאָל וויסן און קענען ווי אַרומצוגעהן און אַכטונג געבן אויף אַ הויז. דערצו נאָך בין איך געווען פאַרנומען מיט דער גראָסערי און ניט געקענט צופיל אָפּגעבן זיך מיט א הויז.

דער „סופער״, זיין נאָמען איז געווען מר. דיימאָנד, האָט א גאַנץ לעבן געאַרבייט שווער אַרום הייזער. ער האט גערייניגט די לאַביס, געשלעפט קוילן, פאַרראָכטן צובראָכענע פענסטער און געטאָן אַלע אַנדערע אַרבייטן וואָס נויטיגן זיך אַרום א הויז. „דיימאָנד, וואס האָסטו פון די געלט וואָס ליגט אין באַנק ? . . . לייג אַריין אין א הויז און וועסט זעהן וויפיל מער דוס׳ט פאַרדינען ווי פון די גראָשענ׳דיגע פּראָצענט וואס די באַנק צאָלט דיר״, האָב איך מיט אים איינגע׳טענה׳ט. דיימאָנד האט זיך אָבער געשראָקן. מבינים האָבן אים אָנגעשראָקן אַז די הויז איז ניט ווערט די געלט.

ער האט אָבער ענדליך איינגעשטימט צו דער שותפות, נאָכדעם ווי איך האב אים געגעבן א שריפטליכע, גאַראַנטיע צוריקצוגעבן אים, אויף זיין פאַרלאַנג, זיינע 5 טויזנט דאלאר אין איין יאָהר. אָן אונטערשייד צי די הויז וועט „טראָגן״ אדער ניט.

צו מאַכן א לאַנגע מעשה בקיצור, נאָך 6 חדשים האַלטן די הויז איז געקומען א קונה און אונז געגעבן 15 טויזנט דאלאר אַריבער׳ן מאָרטגעדזש, אין צוגאָב צום טויזענטער וואס מיר האָבן ארויסגענומען פון דער הויז דורך די 6 מאָנאַטן.

דיימאָנד האָט געזעהן אז ער האָט אין איין האַלב יאָהר פאַרדינט 3 טויזנט דאלאר, אָן קיינע צרות און אָן בויכווייטאָג, האט ער געקראָגן חשק צו געהן ווייטער מיט מיר אין שותפות. דער אַפּעטיט אין וייעל עסטייט קומט מיט׳ן עסן, נאָר מען דאַרף זיך שטאַרק היטן מיט די „מאכלים״ און מען טאָר זיך ניט איבערעסן . . .

די בראָוקערס האָבן אונז ווידער אָנגעטראָגן א הויז, דאס מאל א 60 פאַמיליע, אויף 706 לעפערטס עוועניו, אויך אין קראַון הייטס וועלכע איז דאַן געווען א ברענענדער מאַרקעט פאַר ריעל עסטייט, אפילו פאר אַפּאַרטמענט-הייזער „וואָקאַפּס״, אָן אַנ׳עלעווייטאר. דאָ האָבן מיר שוין אַריינגעלייגט היבש מער געלט ווי אין דער ערשטער הויז, און

געקויפט האבן מיר עס פון דער ,,איסט ניו יארק סייווינגס באַנק״ וואס האָט מסתמא אַוועקגענומען די הויז פון א לענדלאָרד וואס האט ניט געמאַכט זיינע צאָלונגען אויפ׳ן מאָרטגעדזש.

נאך 6 מאָנאַטן האַלטן די הויז האָבן מיר איינגעזעהן אז אויך אונז קומט אָן שווער צו צאָלן דער באַנק, און מיין שותף, דיימאָנד, האָט געכאַפּט א ציטער. ,,האפמאן, וואס וועט זיין מיט מיינע אָפּגעשפּאָרטע קישקע־געלט ?״, פלעגט ער פאַר מיר וויינען ווי א קינד און אומדירעקט באַשולדיגן מיר פאר ארייגשלעפּן אים אין דער בלאָטע. וויפיל איך האָב מיט אים ניט איינגעטענה׳ט אז ריעל עסטייט איז ניט קיין הייסע בולבע, אַז מען דאַרף האָבן געדולד און האַלטן און אויסהאַלטן, האָט עס אים ניט באַרוהיגט.

איין פאַרנאַכט קומט ער אריין צו מיר אין גראָסערי מיט א פּלאַן. מיר זאָלןביידע געהן צום פּרעזידענט פון דער איסט ניו יארק סייווינגס באנק, דזשאָדזש ריטשאַרדס איז געווען זיין נאָמען, א געוועזענער ריכטער פון דייטשן אָפּשטאַם, וואס האָט גערעדט צו אונז אויף זיין אידיש און מיר האָבן צו אים גערעדט אויף אונזער דייטש — און מיר זאָלן אים דערציילן אונזער לאַגע און אפשר וועט ער איינשטימען אַרונטערצולאָזן אביסל פון די פּראָצענטער וואס מיר צאָלן אויפ׳ן מאָרטגעדזש. געצאָלט האָבן מיר דאַן 4 און א האַלב פּראָצענט אינטערעסט, איז אויב ער׳ט איינשטימען אַרונטערצולאָזן א האַלבן פּראָצענט וועלן מיר איינשפּאָרן א וואסערע 800 דאלאר א יאָהר, א ריזיגע מטבע אין די ערשטע דרייסיגער יאָרן ווען פּרעזידענט הואווער איז געזעסן אין ווייסן הויז.

כ׳האב געענטפערט דיימאנד׳ן אז דער פּלאַן געפעלט מיר, אבער לויט מיין מיינונג טאָר איך זיך ניט ווייזן פאַר׳ן באנק־פּרעזידענט. ,,אויף דיר וועט ער אפשר רחמנות האָבן, אָבער מיר האַלט ער דאָך פאַר א רייכן גראָסערי־מאַן און ריעל עסטייט׳ניק״, האָב איך אויפגעקלערט מיין שותף. איך אַליין בין ניט געווען באַזאָרגט פון דער הויז און כ׳האב ווידער אָנגעבאָטן דיימאנד׳ן א גאַראַנטיע צוריקצוגעבן אים זיין גאַנצן אינוועסטמענט צום ערשטן יאָהר. ער האָט זיך אָבער אפּגעזאָגט פון דער גאַראַנטיע, ווייל אויך ער האט פאַרשטאַנען אז די הויז איז א גוטע,



**יעקב האפמאן (שטייענדיק, צענטער) מיט דער פארוואלטונג פון דער כנרת-טאג-שולע פון וועלכער ער איז געווען פון די ערשטע גרינדער.**

רעכטס צו לינקס, זיצנדיג: אברהם שודראף, דר. ישראל מ. בידערמאן, אברהם מייעראוויץ (דער פרינציפאל), און לייזער קוויטקא. לינקס שטייענדיק ווערט געזען שמעון פריימאן.

אנ׳עלעווייטאר־בילדינג מיט שיינע צימערן, און סוף כל סוף וועט זי אַריינטראָגן א שיינעם ריוח.

דיימאָנד האָט אָנגעטאָן אַנ׳אַלטן סוט און א פּאָר שיך פון זיינע סופּעראינטענדענט־יאָרן און איז אוועק צום אָפיס פון דער איסט ניו יארק סייווינגס באנק וואו מען האָט אים געלאָזט וואַרטן שטונדן לאַנג און דאַן האָט מען אים געזאָגט אַז דער פּרעזידענט איז פאַרנומען און קען אים ניט זעהן.

דיימאָנד האָט זיך ניט געפוילט און איז אויף מאָרגן ווידער געקומען אין באנק אריין און זיך אַוועקגעזעצט לעבן דעמ פּרעזידענט׳ס טיר און געוואַרט ביז ער׳ט אים כאַפּן. ארויספירן אים מיט געוואַלד האָבן די באַאַמטע פון דער באנק ניט געוואָלט, נאָך אַלעמען איז ער דאָך א קאָסטאָמער. אַלזאָ, דזשאָדזש ריטשאַרדס האָט אים ענדליך אריינגענומען צו זיך אין אָפיס און דיימאָנד האָט פאַר אים געשילדערט ווי שווער און ביטער ער האָט א גאַנץ לעבן געהאָרעוועט אויף זיינע פּאָר דאלאר, און איצט איז ער אין געפאַר צו פאַרלירן אַלץ מיט אַלעמען.

— וואו איז דיין פּאַרטנער, האפמאן ? — האָט אים דער באנק־פּרעזידענט א פרעג געטאָן, אָנשטויסענדיג זיך אפשר אז איך האב א האַנט אין שיקן צו אים דעם „אָרימען״ שותף.

— יור האַנאָר, האפמאן שלעפּט גראָסערי־אָרדערס אויפ׳ן פינפטן פלאָר און קען זיך ניט אָפּרייסן פון זיין שקלאַפעריי — האָט מיין שותף אים געענטפערט ווי א חכם.

דער „אַפּיל״ צום דזשאָדזש האָט געהאָלפן. ער האט אונז אַרונטערגעלאָזט א האַלבן פּראָצענט און דיימאָנד האט אויפגעלעבט פון פרייד. שפּעטער, ביים פאַרקויפן די הויז, האט ער מיר ווידער געדאַנקט.

פאַר דיימאנד׳ן איז דאס שוין געווען דער לעצטער ריעל עסטייט מסחר, אָבער פאַר מיר איז עס געווען נאָר אַנ׳אָנפאַנג וואָס האָט געפירט צו פאַרקויפן די גראָסערי און זיך אָפּגעבן בלויז מיט ריעל עסטייט, און עד היום הזה דאַנק איך דעם באַשעפער פאַר פירן מיר אויפ׳ן ריכטיגן דרך און בענשן מיר מיט זיין הימלישער ברכה. מיינע ריעל עסטייט טראַנזאַקציעס האָבן זיך דורך די יאָרן אויסגעשפּרייט ווייט אויסער די

גרעניצן פון קראון הייטס, גרייכענדיג כמעט אין אלע פינף באָראָ׳ס פון דער מעטראָפּאָליע, און אויך אין ריעל עסטייט האָב איך שטאַרק גענאָסן פון די קלוגע עצות פון מיין אומפאַרגעסליכער ביילע׳ן וועלכע האָט געהאַט א רייפען חוש אין מסחר, צוזאַמען מיט א סענסיטיוו־מענשליכן געפיל פאַר א צווייטן, איינגעשלאָסן אויך ניט ווייניגער פאר׳ן וואוילזיין פון אונזערע טענענטס.

פון קראַון הייטס בין איך אָבער ניט אַוועק, טראָץ דעם וואָס מיינע קינדער און אייניקלעך האָבן זיך אַוועקגעצויגן אין אנדערע געגענדן. איך בין נאָך אַלץ דער לענדלאָרד פון דער שענסטער, אידישליכסטער אַפּאַרטמענט־הויז אין קראַון הייטס, די בילדינג אין וועלכער איך אליין האב אויך מיין דירה, און כ׳האב נחת וואס דאס **גאנצע** הויז איז באַוואוינט פון אידן תלמידי חכמים, רבנים, ראשי ישיבות, דאָקטוירים, ביזנעסלייט און אַרבייטער, די מערסטע פון זיי ליובאַוויטשער חסידים, צווישן זיי אויך א היבשע צאָל רוסישע משפחות.

מיין נאָהענקייט צו די ליובאַוויטשער ישיבות און מיין אנטיילנעמען אין זייערע יערליכע באַנקעטן און אנדערע פונקציעס, נעמט זיך פון מיין פערזענליכן בעאבאכטן די וואונדערליכע אַרבייט וואס זיי טוען פאר דערציען אידישע דורות. אויך אין ארץ ישראל בין איך אַנ׳אָפּטער באזוכער אין כפר חב״ד וואו איך און מיין פרוי האָבן זיך ברוך השם פאַרשאַפט א פיינעם חלק.

פאר מיר איז היינט קראַון הייטס פיל, פיל מער ווי א שטיק ריעל עסטייט. קראַון הייטס איז היינט אַדאַנק ליובאוויטש א גייסטיגע פעסטונג פון אידיש לעבן און איך שטאָלציר מיט מיין באַשיידענעם בייטראָג פאר דער רעטונג און ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיגער אידישער פעסטונג.

אין מיינע גראָסערי־יאָרן אין קראַון הייטס, נאָך איידער ליובאַוויטש איז געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך גענומען א גרויסן אָנטייל אין העלפן אידישן חנוך אין געגענד, נאָר דאַן איז עס געווען אַן אַנדער סאָרט חנוך, נענטער צום גייסט פון די פּועלי ציון און צעירי ציון צווישן וועלכע איך האב זיך אויפגעהאָדעוועט אין פּוילן.

די מענדעלע פאָלקס־שולע פון „פאַרבאַנד״ אויף סקענעקטעדי עוו.

און לינקאָלן פּלייס וועלכע איז שפּעטער פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין דער „כנרת" טאָג־שולע, אויף איסטערן פּאַרקוויי און באָפאלא עוו. דעם אונערמידליכן לואיס סיגעל ע"ה, האָט ביי מיר פאַרנומען א גרויסן אָרט. האָבענדיג געהאַט צו טאָן מיט ריעל עסטייט האָב איך שטאַרק צוגעהאָלפן ביים קריגן די פּאַסענדע לאָקאַלן און געביידעס, און בין געווען דער צווייטער פּרעזידענט פון „כנרת" נאך מר. שודראָף.

דער דערפאָלג פון דער „כנרת" טאג־שול אין ברוקלין איז געווען אזוי דערמוטיגענד, אונטער דער דערציערישער פירערשאַפט פון גרויסן מלומד און פּעדאַגאָג, דר. ירחמיאל ווייינגאַרטן (איצט אין ישראל), אז מיר האָבן געגרינדעט נאך א „כנרת" אין די בראָנקס וועלכע פונקציאָנירט נאך מיט אַרום הונדערט קינדער אין שיפּ׳ס צענטער, 2510 גוואַלענטיין עוועניו. אין כנרת האָט מען געלערנט אידישע און העברעאישע לימודים, מיט א גרויסער באַטאָנונג אויף אידיש וויסן, טראַדיציע און ארץ ישראל, און די תלמידים האָבן דאָרט געהאַט א גרויסע פּעולה.

מיט צוויי יאָהר צוריק בין איך באַערט געוואָרן מיט א דינער, פון דער כנרת־שול אין די בראָנקס פון וועלכער דר. יהודה שאַפּיראָ איז דער פּרעזידענט. זיין פאָטער איז געווען פּרינציפּאל פון „כנרת" נאך דר. ווייינגאַרטן. איך האָב אויך מיטגעאַרבייט פון דער נאָהנט מיט דר. ראַדאָפּסקי און נאך אַצאָל וויכטיגע פּעדאַגאָגן און טוער, פון ציוניסטישן ארבייטער־פאַרבאַנד וועמענ׳ס נעמען זיינען מיר זעהר ליב און טייער.

די „כנרת" טאג־שול אין קראַון הייטס האָט אָבער צוליב די ענדערונגען אין געגענד ניט אָנגעהאַלטן מער ווי 10 יאָהר, און אַלס פּרעזידענט האָב איך זיך באַמיט אז די געביידעס פון דער שולע זאָלן אַריבערגעהן פאַר א ביליגן פּרייז און גוטע האַדינגונגען צו „אהלי תורה", א ליובאַווישטער חנוך־אינסטיטוציע וואס איז געגרינדעט געוואָרן פון אַריבערגעקומענע אידן פון רוסלאנד. די פירער פון „אהלי תורה" האָבן שוין ביי מער ווי איין געלעגנהייט דערקלערט אז איך קען באַטראַכט ווערן ווי א מיט־גרינדער פון דער אינסטיטוציע, צוליב מיין העלפן זיי קריגן א דאַך איבער׳ן קאָפּ.

ווי איינער וואס האט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אין ריעל

עסטייט אין קראָון הייטס מיט מער ווי פיר צענדליג יאָר צוריק, האב איך א זעהר וואַרימען געפיל פאַר דער דאָזיגער געגענד, פאר אירע אידישע פנימ׳ער, פאַר אירע שוהלן, בתי מדרשים, און שטיבלעך, פאַר׳ן ברוקלינער אידישן צענטער וואו איך בין א לאַנג יאָריגער מעמבער, פאַר אירע רבנים און ראַבאַיס פון אַמאָל וואס פלעגן שבת געהן אין גאַס מיט א צילינדער־הוט אויפ׳ן קאָפּ, פאַר אירע תלמידי חכמים און ישיבה בחורים פון היינט, און ועל כולם פאַר ליובאַוויטש וואס האָט זיך געגענגעשטעלט דעם שטראָם פון אַנטלויפן און האָט אונז אַלעמען געוויזן אביישפּיל פון אידישן שטאָלץ און פון באַשטעהן אויף אונזערע רעכט ווי גלייכבאַרעכטיגטע בירגער פון דער געבענשטער אַמעריקע.



**האפמאן מיט זיינע אייניקלעך, פאול און ראבין, דעם זונ׳ס קינדער,** פאטאגראפירט מיט דעם דיסטריקט־אטוירני פון ברוקלין, יודזשין גאלד, ביי א דינער פון די ליובאוויטשער ישיבות.

# קאפיטל 23
# די קרובים אויף יענער זייט ים

ווי אלע אריבערגעקומענע אימיגראַנטן ווען ס׳איז געלונגען צוצושווימען צו די גאָלדענע ברעגן פון אמעריקע, האָבן מיר, איך און ביילע, געלעבט און מיטגעלעבט מיט אלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין דער אַלטער היים, אין אונזערע שטעטלעך, אסטראַווע און רוטקע. מיר האָבן זיך אָפט געטראָפן מיט לאַנדסלייט און ,,דורכגעשפּאַצירט״ צוזאַמען אלע געסעלעך פון שטעדטל און איבערגעלעבט צוזאמען א סך זיסע דעראינערונגען פון די פאַרשוואונדענע יוגענד־יאָרן.

פון איין זייט האָבן מיר געדאַנקט ג־ט וואָס מיר זיינען אין אמעריקע און זיך געפילט גליקליך, און פון דער אנדער זייט האָט אונז דאָס האַרץ געצויגן צו די וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אויף יענער זייט ים.

ביילע האָט געהאלטן אין איין בענקען נאָך דער מאַמע׳ן, חנה באַשע, און איר אינגסטע שוועסטער, זעלדע, וועלכע זיינען געבליבן איינע אליין אין רוטקע, אָן אַ קרוב און אָן אַ גואל. די זין, שלמה און חיים, זיינען שוין אויך געווען אין אמעריקע; די עלטסטע טאָכטער, רבקה, איז אַוועק פון דער וועלט יונגערהייט אין פילאדעלפיע; און ביילע האָט חתונה געהאַט מיט איר יוגענד־פריינד יאַנקעל האָפמאַן אין ניו־יארק.

חנה באשע איז טאקע געווען אליין און עלענד אין רוטקע, אָבער איר נאָמען איז געוואקסן ווי א פרומע פרוי און ווי אַ גוטהאַרציגע ארויסהעלפערין צו יעדן איינעם אין נויט. מיר האָבן איר געשיקט פון אמעריקע מער ווי זי האָט געדאַרפט אויף אויסקומען מיט דער הוצאה, האָט זי געטאָן טובות, געגעבן צדקה און געליען גמילות חסדים׳ס. די צייט אין פוילן איז דאַן געווען זעהר שווער פאר אידן. די פוילישע אַנטיסעמיטן, די ענדעקעס און זייערע ארויסהעלפער, האָבן אָנגעפירט מיט אנ׳אָפענעם באיקאָט געגן אידישע סוחרים. נעכטיגע גבירים,

באלעבאטישע אידן, זיינען איבערנאַכט געוואָרן אָרימעלייט. אידן פון דער מזרח־וואַנט אין שוהל זיינען געוואָרן נעבעכ׳דיגע קבצנים. ווער עס האָט געהאט אַ קרוב אין אמעריקע האָט נאָך געהאט אויף וואָס צו האָפן, אויף א בריוו מיט אַ פּאָר דאלאר, אויף א פּעקל קליידער, און אפשר גאָר מיט דער צייט אויך פּאַפּירן צו קומען קיין אמעריקע.

אין שטעדטל האָט מען געוואוסט אז די קינדער שיקן חנה באַשע׳ן מער ווי געווּג, און זי איז געוואָרן אנ׳אדרעס פאר אלע נויטבאדערפטיגע. זי האָט כלומר׳שט אנטליען מענשן געלט, וויסענדיג אין פאָראויס אז זי וועט עס ניט קריגן צוריק.

אונז דאָ האָט געפרעהט דאָס האַרץ צו לייענען די בריוו וואָס זי און זעלדע האָבן אונז געשריבן, און מיר האָבן אויך געהאָפט צו קענען אויסארבייטן פּאַפּירן און אריבערברענגען זיי קיין אמעריקע, ניט קוקענדיג ווי שווער דאָס איז געוועזן דאַן, ווייל דער אמעריקאנער קאָנסול אין ווארשע האָט מערסטענס אָפּגעזאָגט די וויזעס.

מיטאַמאָל קריגן מיר א בריוו מיט א טרויעריגער נאכריכט אז חנה באַשע איז קראַנק און נויטיגט זיך אין גרויסע דאָקטוירים. מיר האָבן געשיקט א גרעסערע סומע געלט אויף נעמען חנה באַשע׳ן קיין ווארשע און אויפזוכן פאַר איר די בעסטע דאָקטוירים און באַזאָרגן איר מיט דער בעסטער אויפזיכט וואָס געלט קען קויפן.

איך האָב דאַן געהאַט אין ווארשע א זעהר נאָהנטע פריינדליכע משפּחה, די שאפּיראס, אויף דער אגראדאווע גאַס נומער 62, און זיי האָבן געעפענט זייער הויז פאַר חנה באשע׳ן און געטאָן פאַר איר אַלץ אין דער וועלט, ווי פאר אנ׳אייגענער מאַמע׳ן. זיי האָבן געקראָגן די בעסטע דאָקטוירים וואָס ווארשע האָט פאַרמאָגט. זיי האָבן איר אויך געהאַלטן א צייט אין אטוואצק וואו די לופט האָט איר געזאָלט העלפן.

די מאדאם שאפּירא האָט אין רוטקע געהייסן אסתר רחל שעמבאָרסקי און זי איז געוועזן איינע פון די געלערנטסטע מיידלעך אין שטעדטל און פון די פיינסטע שפּילערינס אין דעם טעאטער וואָס איך האָב אָרגאַניזירט. איר טאטע איז געווען א פיעכאָטנער מגיד. ער פלעגט אַרומפאָרן איבער די שטעדטלעך און האלטן דרשות, און אפשר טאַקע האָט זי פון אים גע׳ירשנ׳ט דעם טאלאנט אויפצוטרעטן פאר אנ׳עולם. זי

האָט זיך באזונדערס אויסגעצייכענט אין שפּילן די ראָליע פון פריידע די שלעכטע מומע אין יעקב גארדינ׳ס „חאַשע די יתומה״. נאָך מיין אַוועקפאָרן קיין אמעריקע האָט זי ווייטער פאָרגעזעצט מיט׳ן טעאטער און געשאַפן געלט פאר די חלוצים און פאר זייער „הכשרה״ וואו זיי האָבן זיך געגרייט צו קענען פאָרן קיין ארץ ישראל. חנה באַשע האָט זיך אויך געהאלטן זעהר נאהנט מיט איר, און אזוי ווי זי איז געווען א שטארק באַלעזונע, האָט איר חנה באשע געבעטן זי זאָל אָנווייזן זעלדע׳ן וואָס פאַראַ ביכער צו לייענען און אויסהיטן איר פון אזעלכע לייען־מאטעריאלן וואס קענען האבן א שלעכטע ווירקונג אויף א יונג מיידל.

אַדאַנק איר שפּילן אין רוטקער טעאטער האָט זי זיך באקענט מיט א געראָטענעם בחור שאפּירא, וואס איז געקומען פון לאמזשע צו רעזשיסירן א שפּיל אין רוטקע. נאָך דער חתונה האָבן זיי זיך באזעצט אין ווארשע וואו דער מאַן איז געוואָרן א קאָנטראַקטאָר — צוזאמען מיט א פּאָלאַק — צוצושטעלן טירן און פענסטער פאר הייזער וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט געבויט. ער האָט שטארק מצליח געווען אין די ביזנעס, באשעפטיקענדיג א סך אידישע סטאָליארעס און אנדערע בעלי מלאכות.

אין ווארשע האט אסתר רחל שוין געהייסן מאדאם שאפּירא, אבער זי האט געהאט א זעהר ווארים געפיל פאר חנה באשע׳ן און איר משפחה, און ס׳איז איר קיין זאַך ניט שווער געווען צו העלפן חנה באשע׳ן אין איר שווערער קראַנקהייט.

דער גזר איז שוין אָבער ארויס פון הימל, און 29 טעג אין חודש חשון, תרפ״ט (1928), איז חנה באשע אוועק פון דער וועלט.

ווען די ידיעה איז אָנגעקומען צו אונז אין אמעריקע, זיינען מיר אלע געטראָפן געוואָרן ווי פון א דונער אינמיטן העלן טאָג. פאר מיר פערזענליך איז חנה באשע געווען די פערזאניפיקאציע פון א אידישער מאמע וואס אליין האָט זי קיין איין גוטן טאָג אין איר לעבן ניט געהאַט, און אלץ אין איר לעבן האָט זי אוועקגעגעבן נאָר פאַר די קינדער, אָבער אויך זיי, די קינדער, זיינען אוועקגעפלויגן פון נעסט און זי איז געבליבן אליין. זי איז יונג געבליבן אנ׳אלמנה פון איר מאן וועלכער איז געשטאָרבן אין דער ווייטער אמעריקע און איר איבערגעלאָזט דריי יתומים און א קרעטשמע אין מיענזשענין.




**זעלדע געזעגענט זיך מיט דער מאמע׳ס קבר.**

זעלדע קופער, היינט מרס. דייווידסאן, די אינגע׳ע שוועסטער פון ביילע האפמאן, געזעגענט זיך מיט׳ן קבר פון דער מאמע׳ן, חנה באשע, אויפ׳ן רוטקער בית עולם, פאר איר אפפארן קיין אמעריקע.

זעלדע האָט אונז געשריבן אַז די גאַנצע שטעדטל איז געקומען צו חנה באַשע׳ס לויה און אַלע קראָמען זיינען געווען פאַרמאַכט אין איר כבוד וועגן. די גבאים פון שוהל האָבן געבראַכט אַ ספר תורה אין הויז, און אַ מנין האָט דאָרט געדאַווענט די גאַנצע שלושים.

ביילע מיט די ברידער זיינען געזעסן שבעה ביי אונז אין הויז אין ברוקלין און איך האָב זיי געהאַלטן אין איין דערציילן און איבערדערציילן די געשיכטע פון מיין ערשטער באַגעגעניש מיט זייער מאַמע׳ן אין יענער גורל׳פולער זאַוויערוכע־נאַכט אינמיטן וועג ביי מיעזשעניץ, און ווי אַזוי זי האט זיך צוריקגעהאַלטן צו עפענען די טיר אינמיטן נאַכט, מלחמה־צייט, פאַר מיר און מיין בעל עגלה.

גלייך אין דער שבעה־וואָך האָבן מיר באַשלאָסן ניט צו רוהען ביז זעלדע וועט קומען קיין אַמעריקע. נאָך דער מאַמע׳ס טויט איז זי געבליבן איינע אַליין אין שטעדטל. פריער האָט זי ניט געוואָלט קומען ווייל זי האָט ניט געוואָלט לאָזן דער קראַנקער מאַמע׳ן, אָבער איצט איז שוין די העכסטע צייט אַריבערצובריינגען די אינגסטע שוועסטער און פאַראייניגען איר מיט דער משפחה אין דער נייער וועלט.

די שאַפּיראָס אין וואַרשע האָבן איר נאָך דער מאַמע׳ס טויט גענומען צו זיך און איר באַהאַנדעלט ווי אַן אייגן קינד. אַזוי ווי קיין אייגענע קינדער האָבן זיי ניט געהאַט, האָבן זיי זיך געבעטן ביי זעלדע׳ן זי זאָל איינשטימען צו ווערן אַדאָפּטירט ווי זייער טאָכטער און עס וועט איר ניט פעלן קיין פויגל־מילך. זעלדע האָט אָבער פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט בלייבן אין פוילן. זי האט איינגע׳טענה׳ט מיט די שאַפּיראָס צו פאָרן קיין ארץ ישראל — און זי וועט פאָרן מיט זיי — און זאָלן זיי דאָרט בויען פענסטער און טירן פאַר אידישע הייזער, אַנשטאָדט פאַר די פּאָלאַקן. די שאַפּיראָס האָבן איר אָבער אויסגעלאַכט. ווער האָט זיך דאַן אין פּוילן, טראָץ אַלע צרות און באַיקאָטן, געריכט אויף אַזאַ שרעקליכן סוף ? . . .

ס׳איז אָבער ניט געווען פון די לייכטע זאַכן אַריבערצוברענגען זעלדע׳ן קיין אַמעריקע. אַזוי ווי זי איז געווען אַ מינדעריעריגע, איז זי געווען אויסער דער ,,קוואָטע״ און עס האט ניט געהאָלפן קיין תחנונים ביים אַמעריקאַנער קאָנסול אין וואַרשע וועלכער האט נאָר געזוכט אַ פּריטשעפּקע אויף אָפּצוזאָגן די וויזע.



יעקב און בעלא האפמאן אין פילאדעלפיא

בלית ברירה האָבן מיר זיך א קער געטאָן אין דער ריכטונג פון קאנאדע, און מיט ג־ט׳ס הילף איז אונז געלונגען ארויסצוראטעווען זעלדע׳ן פון פוילן און ברענגען איר קיין קאנאדע און פון דאָרט קיין אמעריקע וואו זי איז היינט — אויף לאנגע יאהר — דאָס איינציג־געבליבענע קינד חנה באשע׳ס און די איינציג־געבליבענע שוועסטער פון מיין אומפארגעסליכערביילע. זי וואוינט מיט איר מאַן און משפחה, אַלס מרס. דייווידסאָן, אין ברוקלין, און טיילט זיך זעהר אָפט מיט מיר און מיין משפחה אזויפיל דערַאינערונגען פון די אָפגעלאָפענע יאָרן און פון אזויפיל ליבע און טייערע מענשן וואָס זיינען געווען א טייל פון אונזער לעבן.

ווען זעלדע איז אָפּגעפאָרן פון פוילן האָט שוין די פוילישע רעגירונג ניט געהאט קיין צוטריט צו דאַנציג, און זי האָט געמוזט פאָרן קיין האַמבורג און פון דאָרט קיין קאָפּענהאַגען וואו זי איז אָפּגעפאָרן מיט דער לעצטער פוילישער שיף („פאלסקא״) וואָס איז געפאָרן קיין אמעריקע. די שיף איז געווען איבערפילט מיט אידישע עמיגראנטן ווענען ס׳איז געלונגען ארויסצוכאַפּן זיך פון דער ערב חורבנ׳דיגער פוילן.

פון די ווארשעווער שאפיראס וועלכע האָבן שטאַרק צוגערעדט זעלדע׳ן צו בלייבן מיט זיי אין ווארשע, האָבן מיר ליידער מער ניט געהערט.

# קאפיטל 24

## „איינער פון א שטאדט און צוויי פון א משפחה"

ווי אלע אַמעריקאַנער אידן וואָס זיינען געקומען אַהער פון יענער זייט ים, פאַרפאָלגט אויך מיר די עגבערענדע פראַגע — פאַרוואָס עפּעס דווקא זיי ? . . . פאַרוואָס האט מיר געקומט צו בלייבן לעבן, בעת זיי דאָרט זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויפ׳ן גרויזאַמסטן וועג ? . . . פאַרוואָס ? . . .

קיין ענטפער וועלן מיר, יושבי בתי חומר, אויף די דאָזיגע פראַגן קיינמאל ניט קריגן. גרעסערע פון מיר האָבן געפרעגט די און ענליכע פראגן און זיינען געבליבן אָן אנ׳ענטפער. נאָר דער דיין אמת אליין ווייסט דעם באשייד פון דער דאָזיגער רעטעניש, און אין דאָזיגן טיפן גלויבן אונזערן וואָס מיר האָבן אין דעם דיין האמת, באַשטעהט דער אייגענטליכער סוד פון אונזער קיום, פון אונזער איבערלעבן אלע שונאים, אויך די היינטיגע, אם ירצה השם.

די עגבערנדע פראַגן האָבן אָבער א סך פון אונז געפירט צו פאַראינטערעסירן זיך אין אויפזוכן געראַטעוועטע קרובים און לאַנדסלייט און העלפן זיי. אין א געוויסן זין איז אונזער גאַנצער איבערגעבן זיך צו דער אידישער מדינה, אנ׳אויסדרוק פון דעם געפיל וואס פאַרפאָלגט אונז, אז ווען דאס רעדעלע וואָלט זיך א דרעה געטאָן א טראָפּעלע אַנדערש, וואלטן מיר געבליבן אונטער די בערג מיט אַש און זיי וואָלטן היינט געווען די מעצענאַטן און די ערן־געסט פון ישראל באָנד און יו.דזשעי.עי. דינערס.

די געראַטעוועטע קרובים פון מיין משפחה זיינען לײדער, לײדער זעהר ווייניג אין צאָל, ממש ווי אין פסוק שטעהט „אחד מעיר ושנים ממשפחה", און איך און מיין פרוי האָבן זיך אַלעמאָל באַמיט צו העלפן

זיי, צו זיין מיט זיי בעת אונזערע באַזוכן אין ישראל, צו טיילן זייערע פריידן און ליידן. ווען איך בין צווישן זיי אין ישראל, פיל איך אַז איך בין צוריק אין שטעדטל, אין אָסטראָווע אדער אין רוטקע. איך האָב נאָך ניט פאַרפעלט קיין איין חתונה פון זייערע קינדער און איך בעט ביים אַלמעכטיגן צו האָבן די מעגליכקייט צו טאַנצן אויף די חתונות פון זייערע אייניקלעך.

איינע פון די גרעסטעוועטע קרובים איז סולקע קופּער פון סאָקאָלע וועלכע וואוינט היינט אין רמת גן און האָט נחת פון אירע קינדער און אייניקלעך.

סולקע איז א קוזינע פון מיין פרוי ביילע, סולקע׳ס טאַטע, אלטער, און ביילע׳ס טאַטע, הערש בער, זיינען געווען ברידער. דער פעטער אלטער, ווי מיר פלעגן אים רופן, האָט געוואוינט אין סאקאלע וואו ער האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל און געוואָרן דער טאַטע פון אַכט קינדער. שפּעטער האָט ער געוואוינט אין קוליש, א דאָרף מיט א פערציג אידישע משפחות. סולקע איז געווען פון דער ערשטער פרוי, א קראַסאַוויצע, וועלכע איז נעבעך אוועק פון דער וועלט יונגערהייט. סולקע די יתומה האָט זיך געהאָדעוועט אין פרעמדע היימען, ווי דער גורל וואָלט איר צוגעגרייט צו די שווערע איבערלעבונגען וואס האָבן אויף איר געוואַרט.

פון די 9 קינדער וואס דער פעטער אלטער האט געהאַט איז נאָך דער מלחמה געבליבן די איינ־איינציגע סולקע. אויך אלטער און נאך צוויי קינדער האָבן אייגענטליך איבערגעלעבט די מלחמה אין די וועלדער אַרום ביאַליסטאָק, אבער ווען זיי זיינען געקומען אין דאָרף (קוליש) וואו זיי האָבן געוואוינט פאר דער מלחמה און געהאַט א הויז מיט א באַלעבאַטישקייט, זיינען זיי דערשאָסן געוואָרן פון די פּאָלאַקן. עס האט זיי אויפגעצעאָרנט וואס ס׳איז געבליבן אימיצער פון די 40 אידישע פאַמיליעס פון דאָרף.

פון א משפחה מיט 9 קינדער איז געבליבן נאָר איין סולקע, און זי האָט געהאַט איר אייגענעם פעקל צרות. זי איז שוין געווען פאַרהייראַט צו א פיינעם יונגערמאַן און די מאמע פון א 2־יאָריג קינד, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. זיי זיינען געלאָפן און געזוכט א




יעקב האפמאן פאטאגראפירט מיט א געראטעוועטער קוזינע, סולקע קופער פון סאקאלע, מיט דריי פון אירע שיינע טעכטער. דאס בילד איז גענומען געווארן אין זומער פון 1967, נאך דער 6־טאג׳יגער מלחמה, אין פראנט פון קאנווענשאן זאל פון דער אמעריקאנער ציוניסטישער ארגאניזאציע.

באַהעלטעניש פון די באָמבעס אין דער הויך און פון די נאַצישע מערדערייען אונטן, ביז זיי האבן זיך איינגעבעטן ביי א פויער הינטער ביאַליסטאָק ער זאל זיי ארײנלאזן אין זיין שייער.

געהאָפט האבן זיי צו איבערלעבן דעם פייער־מבול אין דער באַהעלטעניש, אבער איין מאל ווען דער יונגער טאַטע איז ארויס מיט'ן קינד אין דרויסן צו זוכן עפּעס צו דערכאַפּן דאס האַרץ פון דעם קינד, האט זיי א דייטש דערזעהן און דערשאָסן אויפן אָרט.

דער פויער האט זיך דערשראָקן און געזאָגט סולקע'ן אז זי מוז פאַרלאָזן דעם שייער. די דייטשן האבן געוואָרנט די פויערים אין דארף אז זיי וועלן באַצאָלן מיט'ן לעבן פאר אויסבאַהאַלטן אידן. סולקע איז געפאַלן דעם פויער צו די פיס און אים, אויך אָנגעגעבן אין נדן אז זי האט א רייכע משפחה אין אַמעריקע און ווען די מלחמה וועט זיך ענדיגן, איז אַלץ וואָס זי וועט קריגן פון די קרובים, וועט זי זיך טיילן מיט אים.

דער פויער האָט איר געלאָזט אין שייער, און די גאַנצע צייט פון דער מלחמה איז איר פוס ניט אַרויסגעטראָטן אין דרויסן פון דער באַהעלטעניש.

נאָך דער מלחמה איז סולקע געקומען קיין ביאַליסטאָק און זיך געטראָפן מיט נאָך צובראָכענע־שערבלעך אזוי ווי זי. זי האָט געלעבט אין איין הויז מיט א גרופּע מענער און פרויען, פאַר'אָבל'טע און פאַר'אַלמנ'טע. די מענער זיינען געגאַנגען אַרבייטן און די פרויען האָבן געקאָכט און געריייניגט און געפירט די באַלעבאַטישקייט. מיט איינעם פון די מענער, חיים וורובעל, האט זי זיך באַפריינדעט און זיי האָבן מיט מזל חתונה געהאַט.

וורובעל האט אויך פאַרלוירן א פרוי מיט קינדער, ברידער און שוועסטער. זיין לעבן האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין אַריינשפּרינגען אין א גרוב וואוהין די דייטשן האָבן אַריינגעוואָרפן דערשאָסענע אידן. די דייטשן האָבן אים געהאַלטן פאר טויט און אים געלאָזט ליגן צווישן אלע אנדערע הרוגים.

חיים איז געוועזן אנ'אינזשעניר און ער האט געקראָגן אַרבייט ביים בויען הייזער. ער האט געהאט א גוטע שטעלע ביי דער פוילישער

רעגירונג, און סולקע האט געבוירן פיר קינדער, דריי מיידלעך און א אינגל, וועלכע זיינען געגאַנגען אין א פּוילישער שקאָלע און מורא געהאַט אז זייערע חברים זאָלן זיך ניט דערוויסן אז זיי זיינען אידן.

סולקע און איר מאַן האבן זיך דורכגעשריבן מיט אונז און מיר האָבן זיי אָפּט געשיקט פּעקלעך מיט קליידער און אויך אַריינגעלייגט עפּעס אין די קליידער, כדי זי זאל קענען האלטן ווארט און האבן גענוג צו טיילן זיך מיט׳ן פויער וואס האָט איר אויסבאַהאַלטן.

דאס לעבן איז זיי אבער אין פּוילן ניט איינגעגאַנגען. וואס וועט זיין מיט די קינדער ? . . . וועלן זיי א גאַנץ לעבן מורא האָבן פאַר׳ן סוד אז זיי זיינען אידן ? . . .

ווען די פּאָלאַקן האָבן זיך דערוואוסט אז חיים און סולקע טראַכטן פון אַרויספאָרן פון לאַנד, איז חיים אַרעסטירט געוואָרן און געזעסן אין קאָזע זעקס מאָנאַטן. ערשט ווען גאמולקא איז געקומען צו דער מאַכט האָט מען אים באַפרייט און דערלויבט צו פאָרן קיין ישראל. מיט ג־ט׳ס הילף און אַביסל אויך מיט דער הילף וואָס ביילע און איך האָבן געשיקט פון אַמעריקע זיינען זיי געקומען קיין ישראל מיט די קינדערלעך, דער בכור צבי, 11 יאָהר אַלט ; שרה, 9 יאָהר ; חנה, 8 יאָהר ; און אסתר, 6 יאָהר. מיר זיינען געווען אויף די חתונות פון די קינדער, אַלע אויסגעדינטע פון צה״ל, און טייערע, שטאָלצע אידן וואָס פּאַראַדירן מיט זייער אידישקייט.

דער זון צבי איז א גרויסער מעכאַניקער ביי עראָפּלאַנען און ער האָפּט צו שיקן זיינע צוויי קינדער אין א ישיבה. ווען ער איז געווען דאָ אויף א באַזוך מיט עטליכע יאָהר צוריק, האָט אים א גרויסע קאָמפּאַניע אָנגעבאָטן צו בלייבן מיט זיי פאר צוויי מאָל אַזויפיל וויפיל ער קריגט אין ישראל, האָט ער זיי געענטפערט אז ער זוכט ניט קיין רייכטום און זיין היים איז ישראל.

די אַמאָליגע סולקע די יתומה איז היינט א שטאָלצע אידישע מאַמע און באָבע אין רמת גן. זי האָט מיר אפילו פאַראינטערעסירט אין העלפן אויפבויען א נייע שוהל אין געגענד וואו זי וואוינט. דער מאַן אירער, חיים וורובעל, איז ליידער געשטאָרבן ניט לאַנג צוריק, אָבער זי געפינט א טרייסט אין דעם נחת פון די קינדער און די אייניקלעך.

א צווייטע פון מיינע גרעסטעוועטע קרובים אין ישראל וועמענ׳ס שמחות איך פאַרפעל ניט, איז די משפּחה פון א גרעסטעוועטען זון פון מיין שוועסטער ענע ליפשיץ פון זעמבראווע. ענע אליין איז אומגעקומען מיט איר גאַנצער משפּחה אין זעמבראווע, אבער ס׳איז געווען באַשערט אז איין זון אירער זאָל זיך ראַטעווען. און אויפשטעלן א נייע נעסט אין אונזער אייגן לאנד.

די רעטונג פון דעם זון און שנור פון מיין שוועסטער איז אויך פאַרבונדן מיט׳ן ביטערן גורל פון מיינעם א קוזין אין אסטראווע, וועזע האפמאן, וועמענ׳ס טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט ענע׳ס זון. ווען די מלחמה האט אויסגעבראָכן איז וועזע געקומען צו די קינדער קיין זעמבראווע, פונוואַנען ער איז מיט דער טאָכטער און אירע צוויי קינדער, אוועקגענומען געוואָרן פון די רוסן אויף א נסיעה צום וויַיטן סיביר. דער איידים, מיין פלימעניק, איז געווען ערגעץ־וואו מיט דער פוילישער אַרמיי.

אויף איינער פון די סטאַנציעס וואו דער עשאַלאָן האט זיך אָפּגעשטעלט איז וועזע מיט זיין טאָכטער און אייניקלעך אַרונטער פון באַן און געפונען שוץ ביי א רוסישן פויער וועמען ער האט אַלס רימאַזש צוגעזאָגט צו פאַרריכטן אלע זיינען געשפּאַנען און אלע אַנדערע לעדערוואַרג־זאַכן.

איין מאל איז וועזע ארויס אינמיטן נאַכט אויפ׳ן פעלד אויפקלייבן א פּאָר קאַרטאָפל, צו שטילן דעם הונגער פון די קינדער. א פויער וואָס האָט אים געכאַפּט ביים „פאַרברעכן״ האָט אים דערשאָסן, און די קינדערלעך זיינען שפּעטער אויסגעגאַנגען פון הונגער.

נאך דער מלחמה האט זיך די אומגליקליכע טאָכטער זיינע געטראָפן אומגעריכט מיט׳ן מאַן און זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעשלעפּט צו די לאַגערן אין דייטשלאַנד און פון דאָרט קיין ישראל. דער רבונו של עולם האָט זיי געבענטשט מיט אַנדערע צוויי קינדער, א אינגעלע און א מיידעלע, וועלכע זיינען שוין היינט קיין עין הרע אליין בעלי משפּחות.

דער זון איז א טרענירער פון נייע רעקרוטן אין דער ישראל־אַרמיי. אויך די טאָכטער האָט געדינט אין דער אַרמיי, און ביידע האָבן היינט




**ביי א חתונה אין תל אביב.**
יעקב האפמאן (צווייטער פון רעכטס) אויף דער חתונה פון א שוועסטער׳ס אנ׳אייניקל, גיטל, א נאמען נאך מר. האפמאנ׳ס מוטער.

קיין עין הרע שיינע אידישע היימען אין וועלכע איך פיל זיך ווי אנ׳אייגענער.

ניט נאר איך און מיין פרוי, נאר אויך מיינע קינדער וועלכע זיינען אָפטע באַזוכער אין ישראל, האַלטן זיך זעהר נאָהנט מיט די גערעטעוועטע משפחות. מיין פלימעניק, מיין שוועסטער׳ס זון, דער געוועזענער פוילישער סאָלדאַט, האָט שווער געאַרבייט אין ישראל, שלעפענדיג ליים און ציגל צו נייע בנינים. ער איז אַוועק פון דער וועלט נאָך אַכט יאָהר אין ישראל.

זיין פרוי, וועזע׳ס געראַטעוועטע טאָכטער לעבט אין רמת גן און שעפט פולע הויפענס מיט נחת פון אירע קינדער און אייניקלעך.

און איך דאָ פונדערווייטענס נעם נקמה אין די שונאים פון אונזער פאָלק דורך העלפן די געראַטעוועטע בלוט און פלייש פון מיין משפחה און קוק זיך צו מיט פאַרגעניגן ווי די קינדער און אייניקלעך פון די נעכטיגע קרבנות זיינען היינט די העלדישע בויער, וועכטער און באַשיצער פון אונזער אייגן היימלאַנד.



האפמאן מיט זיין אייניקל



יהודית ראזענטאל (יעקב האפמאנ׳ס שוועסטער) מיט איר קינד

# קאפיטל 25
# די פארווירקליכונג פון א חלום

ווען אימיצער זאָל מיר צודריקן צום וואַנט און צווינגען אויסצוקלייבן די איין־איינציגע געשעעניש וואָס האָט מיר אַמטיפּסטן באַווירקט און באַאיינדרוקט אין מיינע 77 יאָהר אויף דער ערד, וואָלט איך ניט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אויסקלייבן די גרינדונג פון דער אידישער מדינה אין יאהר 1948.

א ודאי איז דער חורבן פון אייראָפּעאישן אידענטום מיט אַלע אונזערע טייערע און ליבּע שטעדט און שטעדטלעך, געווען און איז דער גרעסטער אומגליק וואָס איז באַפאַלן דעם אידישן פאָלק. דער חורבן האָט געטראָפן יעדן איינעם פון אונז, באַזונדערס אונז געבּוירענע פון יענעם זייט ים, מיט אַזעלכע טיפע וואָרצלען אין דער ערד פון אייראָפּע.

אָבער חורבן איז ליידער ניט קיין נייעס אין דער אידישער געשיכטע וועלכע איז דורכגעווייקט מיט בּלוט, אינקוויזיציעס און פּאָגראָמען. מיר ווערן אויפגעציטערט, אבער ניט איבערראַשט. די האַנט פון א שונא אויף אונזער קאָפּ, איז ניט קיין אומדערוואַרטעטע געשעעניש. ליידער, ליידער, האָט אונז דער גלות צוגעוואוינט צו צרות, צו די ערגסטע צרות.

אַנדערש, גאָר אַנדערש, איז אָבער דאָס געבּורט פון דער אידישער מדינה.

איך האב אין מיין לעבן דורכגעמאַכט א סך פערזענליכע שטורעמס, גוטע און שלעכטע, געפילט דעם זיסן טעם פון גליק און אויך פאַרזוכט דעם ביטערן כוס פון אומגליק, די צוויי עקסטרעמע דערפאַרונגען וואָס יעדער בשר ודם מוז אין זיין לעבן דורכמאַכן, אבער קיין זאַך האט מיר אזוי ניט אויפגערודערט ביז צו די טיפסטע טיפענישן פון מיין נשמה ווי דאס אויפקומען פון א אידישער ארץ ישראל אין מיינע טעג און פאַר מיינע אויגן.

צייטענווייז דוכט מיר אז מיר דאָ אין אמעריקע באַגרייפן נאך אלץ ניט וואס ס׳איז געשעהן יענעם ה׳ אייר תש״ח ווען ד״ר בן גוריון האט אין תל אביב׳ער מוזעאום פּראָקלאַמירט דעם אויפגאַנג פון מדינת ישראל.

ביי מיר איז דר. הערצל׳ס ציוניזם ניט קיין ניי געבוירענע אידעע וואס די אידישע וועלט האט פון דעם פריער ניט געהערט. ביי מיר איז עס א פאָרזעצונג פון „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״ און פון „כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים״.

די באַלפור דעקלאראציע פון 2־טען נאָוועמבער, 1917 ; די יו־ען רעזאָלוציע פון 29־טען נאָוועמבער,1947 ; און די גרינדונג פון דער מדינה מאי דעם 14־טען, 1948, זיינען ניט בלויז היסטאָרישע געשעענישן אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, נאר אויך טיפע איינקריצונגען אין מיין אייגענעם פערזענליכן לעבן און דאַרפן אזוי זיין אין לעבן פון יעדן איד׳ן.

ווען איך בין נאָך דער לעצטער מלחמה געווען אין אייראָפּע, אויפ׳ן וועג קיין ישראל, און זיך אָפּגעשטעלט, ווי אלע אַנדערע טוריסטן, אָנצוקוקן דעם פּאַלאַץ אין ווערסאַי וואו ס׳איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער פרידן נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן פאַר מיינע אויגן געשוועבט די פיגורן פון ענגלישן אויסערן מיניסטער, לאָרד אַרטור באַלפור, און פון אונזער אייגענעם דר. חיים וויצמאן אויף ווען׳ס שויס די באלפור־דעקלאראציע איז געבוירן געווארן.

איך זעה אין דער אידישער מדינה די פאַרווירקליכונג פון אַלץ וואס איך און אלע אנדערע חברים מיינע אין רוטקע און אסטראווע האבן גע׳חלומ׳ט, געהאָפט און געטרוימט. אונזערע בענקענדע לידער וועגען ציון, וועגן ירושלים און וועגן דעם כנרת, אונזער קלאַפּן מיט דער ווייס־בלויער פּושקע אויף מערק און יארידן, אונזערע הכשרה׳ס וואס מיר האבן געעפּענט אויף צוצוגרייטן זיך צו פאָרן קיין ארץ ישראל, אלץ האָט זיך אנגעטאָן אין הויט, פלייש און ביינער מיט דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה.

אויף אלע מיינע רייזעס אין ישראל זעה איך די פּאַרהאַוועטע יוגענד אין שטעדטל אין א בלימל־טאג, קלייבענדיג א גראָשן צו א גראָשן פאַר׳ן קרן קיימת אויף אויסלייזן דעם באָדן פון פרעמדע הענט. די מערסטע פון

זיי האָבן לײדער ניט דערלעבט, צו זעהן דעם חלום פאַרווירקליכט, אבער זײערע חלומות זײנען ניט געגאַנגען פאַרלױרן. די שטיקער באָדן וואס זײערע געזאַמעלטע גראָשענס האבן אויסגעלייזט, זײנען היינט אידיש באָדן.

איך געדענק ווי יאַנקל דער שמיד האט אין רוטקע אָפּגעלאַכט פון אונז יונגוואַרג מיט אונזער קאָכן זיך אין ציוניזם. איין מאָל האט ער מיר צוגערופן צו זיך אין שוהל און מיר געגעבן א משל פון א חתונה אין שטעדטל, ווי יונגוואַרג לויפט פאָראויס פון חתן־כלה ווען מען פירט זיי פון דער חופה אין זאַל אריין, אבער ווען חתן־כלה קומען אַריין אינווייניג אין זאַל, דאַן טרייבט מען די יונגוואַרג אַרויס . . . דאַן אויפ׳ן אָרט איז דער וויין געווען א שאַרפער, א שטעכיגער, אָבער היינט ? . . . הלואי וואָלטן דאַן אויך די עלטערע און טאַקע נאָך מער יונגוואַרג געלאָפן פאָראויס פון חתן־כלה ! . . .

דער ציוניסטישער געדאַנק האָט אין מיר ווידער שטאַרק אויפגעבליט אין אַמעריקע א דאנק דעם ברוקלין דזשואיש סענטער וואו מיין טייערער פריינד, ראַבאַי דר. איזראעל לעווענטהאל, האט אַרויס געבראַכט אויף דער בימה די גרעסטע אידישע טריבונען וואס האָבן אונז געוועקט און דערמאָנט אז מיר זײנען אויך דאָ אין גלות. צו דערמאָנען נאר עטליכע פון זיי ; דר. ווייצמאַן, דוד בן גוריון, מאיר ווייסגאַל, גאלדע מאיר, נחום סאקאלאוו, חיים נחמן ביאַליק, אבא הלל סילווער, סטיפען ווייז, פראפ. זעליג בראדעצקי. סיי אין די רוהיגע יארן פאַר דער מלחמה און סיי אין די מלחמה־יאָרן, האָבן זײערע רעדעס אויפגעברויזט אונזערע געמיטער און אונז צוגעשמידט מיט זײערע גליענדע ווערטער, צום אידישן פאָלקס־גורל און צום קאַמף פאר׳ן אידישן פאָלק און פאַרן אידישן היימלאנד.

איך וועל קיינמאָל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן די טרערן וואס איך האָב געזעהן רינען פון דר. ווייצמאַנ׳ס קראַנקע אויגן אויף א ריזן־פאַרזאַמלונג אין ס. ניקאָלאַס אַרענאַ נאָכדעם ווי די יו־ען האָט דעם 29־טען נאָוועמבער אָנגענומען די רעזאָלוציע פאר א אידישער מדינה. אימיצער האָט אים צוגעטראָגן א פאַפּיר, מסתמא א טעקסט פאַר א רעדע, אָבער די אויגן זײנען אים געווען פאַרלאָפן מיט טרערן און ער

האט ניט געקענט זעהן. האט ער זי פּאַפּיר אַריינגעלייגט אין קעשענע און גענומען ריידן פון האַרצן, אויסענווייניג, אָבער פון טיף טיף אינווייניג אין זיין נשמה.

אויף דער פאַרזאַמלונג איז אויך אויפגעטראָטן פּראָפעסאָר פאבריגאט, דער דיפּלאָמאַט פון אורוגוואי, וועלכער האט געשפּילט א גרויסע דעצידירענדע ראָליע אין מאָביליזירן א מערהייט שטימען פאר דער רעזאָלוציע.

צווישן אידן האט דאַן קורסירט א געשיכטע אז איידער פּראָפעסאר פאבריגאט איז אָפּגעפאָרן צו דער יונייטעד ניישאנס סעסיע אין ניו יארק, האט אים זיין מוטער אריינגערופן צו זיך און אים געבעטן ער זאָל זעהן אז די אידן זאָלן צוריקקריגן זייער היימלאַנד. דערביי האט זי אים דערציילט אז זי וויל פאַר אים אַנטפּלעקן איצט א סוד וואס זיין טאַטע האָט איר פאַרשוואוירן ניט צו דערציילן אים. זי האָט אַרויסגענומען פון א שופלאָד א תפילין־זעקעלע און אים געזאָגט „דאס איז דיין טאַטענ׳ס . . . ער איז געווען א איד״ . . .

נאָך א מאָמענט וואס פאַרזיסט דעם לעבן און גיט אים א ציל און תכלית, איז געווען צו זעהן און הערן פּרעזידענט זלמן שזר ביים ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים, אין יאָהר 1966, אויף דער טריבונע פון בניני האומה אין ירושלים. ער האט זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף דער ראָליע פון דעם דור וואס האָט שוין געלעבט אין דער צייט ווען דר. הערצל האט געבויט די צוויי ווערטער „אידישע מדינה״. ער האט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפ׳ן האַרצן, ווי ער וואָלט גענומען א שבועה, און אויסגערופן אין זיין עכט דראַמאַטישן נוסח : „מיר האָבן געטאָן אַלץ כדי די פּאָז וואס ווערט געשטורעמט פון אלע זייטן זאל ווי געהעריג איבערגעגעבן ווערן פון דור צו דור און צום נייעם דור וואס קומט נאך אונז און נאך אייך, כדי ווייטער צו טראָגן די אויפגאַבע פון פאָלק וואס דערנענטערט זיך מיט יעדן טאג צו זיין גאולה שלימה״.

איך האָב בעת מעשה ספּעציעל פאַרצייכענט די אויפבּרויזענדע ווערטער, ווייל איך האָב געפילט אין זיינע רייד די שטימע פון ישראל סבא צוזאַמען מיט דער שטימע פון עם קשה עורף און האָב זיי מיטגענומען מיט זיך. שפּעטער אין אָווענט האָב איך געהאַט דעם כבוד



יעקב האפמאן (לינקס) אין א פארקאכטן שמועס מיט פרעזידענט זלמן שזר ביי א באנקעט אין ירושלים.

צו זיצן לעבן שזר׳ן, ביי א באַנקעט, און אין גאַנג פון שמועס האט ער מיר א פרעג געטאָן וואו איך וואוין. ווען איך האב אים געזאָגט אז איך וואוין אויף דער זעלבער גאַס מיט׳ן ליובאוויטשער רבי׳ן, האט זיין געזיכט אויפגעלויכטן און ער האט זיך ביי מיר נאָכגעפרעגט וועגן דער אַרבייט פון ליובאוויטש און צי איך העלף זיי ארויס. ער איז געווען שטאַרק צופרידן צו הערן אז איך בין א געטרייער פריינד און שטיצער פון די ליובאוויטשער ישיבות אין אַמעריקע און ישראל, און ער׳ט מיר געבעטן איבערצוגעבן אין זיין נאָמען א גרוס צום רבי׳ן.

צוריקגעהענדיג צום ברוקלין דזשואיש סענטער, קען איך ניט פאַרביי געהן און ניט דערמאָנען מיין לאַנג יאָריגן פריינד און געטרייען ציוניסטישן טוער הערשל כרמלי (קאַרמעלי) וועלכער האָט שטענדיג געברויזט מיט פלענער צו מאַכן דעם צענטער נאך מער אקטיוו פאַר׳ן ציוניזם און פאר דער מדינה. מיר פלעגן פארן צוזאַמען צו אַלע ציוניסטישע קאָנפערענצן און קאָנגרעסן און איך האָב אַלעמאָל פיל געלערנט פון זיין אויסגעהאַלטענקייט אין פראַגן פון אידעען און פון זיין איבערגעבענהייט צום אויפבוי פון ישראל. דעם לעצטן מאָל האָב איך אים געזעהן אין א שפּיטאָל אין טבריה, אויף איינעם פון מיינע אָפטע באַזוכן אין ישראל.

כרמלי איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין כפר סילווער וואו ס׳איז אין צוגאָב צו דער אַגריקולטור־שולע אויך אויפגעשטעלט געוואָרן — א דאנק דעם מעצענאט יעקב גודמאן — א העברעאישע הויך־שול מיט א לערן־פּראָגראַם פאר אמעריקאנער אידישע יוגענטליכע. אויפ׳ן פראָנט פון דער אָפיס־געביידע אין כפר סילווער איז אויך דערמאָנט די ביישטייערונג פון מיר און מיין פרוי.

ווען איך גיב א טראַכט איבער דעם מרחק זינט דער צייט ווען איך בין אַלס יונג בחור׳ל אין רוטקע פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אידעע פון שיבת ציון און געקלאַפּט מיט דער קרן קיימת פּושקע, זעה איך היינט אין דעם אויפקום פון דער מדינה דעם נצחון פון אידישן פאָלק געגן אַלע זיינע שונאים.

אפילו דער גרעסטער פון אַלע אונזערע חורבנות האָט ניט אָפּגעשוואַכט אונזער ווילן און ניט פאַרמינערט אונזער דראַנג

צוריקצוקומען אַהיים, אזוי ווי ס׳איז אונז צוגעזאָגט געוואָרן פון דעם רבונו של עולם אליין דורך זיינע נביאים.

און ווען א איד ווי איך האָב דערלעבט צו זעהן דאס מיט מיינע אייגענע אויגן, צו שטעלן אַ טראָט אויף פרייען אידישן באָדן און צו אָטעמען מיט פרייע אידישע לופט, און דערצו נאך אויך צו האָבן א קליינעם באַשיידענעם חלק אין די אלע גרויסע דערגרייכונגען, איז עס פאַר מיר דאָס גרעסטע און דאָס וויכטיגסטע אין אלע מיינע 77 יאָהר אויף ג־ט׳ס ערד.

און פאַר דעם אַלעם גיב איך אַ לויב און אַ דאַנק צום רבונו של עולם.



**יעקב האפמאן און זיין פרוי, מיט זייערע קינדער און אייניקלעך**

פון רעכסט צו לינקס ווערן אויפ׳ן בילד געזעהן (זיצענדיג): דוד און גלעדיס (גיטל) סילבער, איידים און טאכטער פון די האפמאנס; די מאמע מרס. ביילע האפמאן; אוירמא און הערבערט (הערש בער) האפמאן, זון און שנור פון די האפמאנס. שטעהענדיג, פון רעכטס צו לינקס, די אייניקלעך מיט׳ן זיידען: עימי סילבער, א תלמידה אין דער מידוואוד טאג־שול; ארי׳ יצחק (לארי) סילבער, א תלמיד אין דער פלעטבוש ישיבה האי סקול; יעקב האפמאן, פנחס האפמאן, א גראדואירטער פון דער ישיבה ד׳פלעטבוש, און ראבין האפמאן, א תלמידה אין ישיבת רמ״ז.

דאס בילד איז גענומען געווארן קורץ פאר מרס. האפמאנ׳ס טויט, כ״ו שבט, תשל״ו, יאנואר דעם 28־טען, 1976.



**אויף א ציוניסטישן צוזאמענקונפט אין ברוקלין דזשואיש סענטער לכבוד דער דעדיקאציע פון א געביידע אין כפר־סילווער, אויפן נאמען פון יעקב און ביילע האפמען.**

פון רעכטס צו לינקס אויפן בילד: ראבאי בנימין קרייטמאן, דר. מילטאן שיף, ראבאי דר. ישראל ה. לעווענטהאל, יעקב האפמאן, מעיאר אברהם ביעם, העראלד כרמלי, און זשאק טארטשינער.

# יעקב האפמאן, ווערט באערט פאר זיינע מעמוארען

די מעמואַרען פון יעקב האָפמאַן, וואָס האָבען זיך געדרוקט פאַר׳ן לעצטען האַלבען יאָר אין „אַלגעמיינעם זשורנאַל״, אונטער׳ן נאָמען „יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק״, וועלען אינגיכען דערשיינען אין בוך־פאָרם, מיט אַ צוגאָב פון פילע נייע מאַטעריאַלען און בילדער וואָס זענען נאָך ביז היינט נישט דערשינען.

די דאָזיגע באַקאַנטמאַכונג איז געמאָלדען געוואָרען אויף אַ לאָנטשאָן וואָס איז פאָרגעקומען דאָנערשטאָג, דעם 17־טן מערץ אין רעדאַקציע פון „אַלגעמיינעם זשורנאַל״ אין ערע פון יעקב האָפמאַן, מיט׳ן אָנטייל פון דעם פערמאַנענטען רעדאַקציע־סטעף און אַלע מיטגלידער פון דער דרוקעריי און פון פאַרוואַלטונג, וועלכע האָבען אויסגעדריקט זייער באַוואונדערונג פאַר דעם זכרון און פען פון דעם מחבר, וועלכער האָט נאָך פינף און פופציג יאָר אין אַמעריקע אָפּגעפרישט אַזויפיל עפיזאָדען און דעראינערונגען פון אידישען לעבען אויף יענער זייט ים און שפעטער פון אימיגראַנטישען לעבען אין אַמעריקע.

מר. האָפמאַן האָט דערהאַלטען פילע בריוו פון לייענער פון גאַנצען לאַנד און קאַנאַדע, ווי אויך פון אַנדערע לענדער, וועלכע האָבען אים געדאַנקט פאַר זיינע מעמואַרן, וואָס האָבן ביי זיי אַרויסגערופען דעראינערונגען פון זייער אייגענעם לעבען. אַ גרויסע צאָל פון די לעזער האָבען געבעטען, אַז די קאַפּיטלען, וואָס האָבען זיך געדרוקט אין פאַרלויף פון 6 חדשים זאָלען דערשיינען אין אַ בוך.

גרשון יאַקאָבסאָן, רעדאַקטאָר פון „אַלגעמיינעם זשורנאַל״, האָט אין זיין רעדעביים לאָנטשאָן אָנגעוויזען אויף דעם גרויסען געשיכטליכען ביייטראַג וואָס מר. האָפמאַנ׳ס מעמוארען פאַרמאָגען. דער שרייבער פון אידישען אימיגראַנטען־לעבען אין אַמעריקע האָט מר. יאַקאָבסאָן געזאָגט, וועט שעפּען אוצרות פון „יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק״ אין וועלכער מר. האָפמאַן שילדערט זיינע ערשטע טריט אין אַמעריקע און ווי אַזוי ער האָט פריער אַליין, און דערנאָך מיט זיין פרוי, זיך איינגעאָרדענט און אויפגעהאָדעוועט פיינע אידישע דורות, טראָץ די שוועריגקייטן אויף זייער גרינעם וועג.

„איר האָט נישט בלויז געשילדערט אייער אייגענעם לעבען, נאָר אויך דעם לעבען פון גאַנצען אימיגראַנטישען דור, וועלכער האָט זיך געפּלאָגט און דורכגעמאַכט אָן אַ שיעור צרות ביז זיי זענען געקומען צו אַ ברעג, שוין זייענדיג אין אַמעריקע״, האָט מר. יאַקאָבסאָן געזאָגט. דער אָפּרוף פון די לעזער אויף מר. האָפמאַנ׳ס סעריע איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער, און נישט ווייניגער אנטוזיאַסטיש וועט זיין דער אָפּרוף אויפ׳ן בוך ווען ער וועט דערשיינען, האָט מר. יאַקאָבסאָן צוגעגעבען.

ניסן גאָרדאָן, וועלכער האָט מיטגעאַרבעט מיט מר. האָפמאַנ׳ען ביים צוגרייטען די מעמוארען צום דרוק, האָט אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון די צענדליגער טויזענטער לייענער באַדאַנקט מר. האָפמאַנ׳ען פאַר מיטנעמען אונז אויף איינער פון די אינטערעסאַנסטע און באַלערענדסטע רייזעס איבער די שליאַכן פון אידישען לעבען אין אייראָפּע און אַמעריקע. ער האָט אויך אָנגעוויזען, אַז מר. האָפמאַן איז נישט נאָר אַ „נאה דורש״ אין דערציילען פון אידישען לעבען אין דער אַמאָליגער אָסטראָוו און רוטקע, לאָמזשע און זעמבראַווע, ביאַליסטאָק און וואַרשע, נאָר אויך אַ „נאה מקיים״ דורך העלפען אין דער



**ביים מיטאג לכבוד יעקב האפמאן אין רעדאקציע פון „אלגעמיינער זשורנאל״.**
פון רעכטס צו לינקס: חיים בלאכמאן, אברהם סובל, נפתלי גרינבערגער, אהרן דאקס, שמואל הרשקוביץ, גרשון יעקבסאן, יעקב האפמאן, שלמה לעוו, ניסן גארדאן און שלמה שמיר.

פאָרזעצונג פון אַלטן אידישען לעבענס־שטייגער ווי ער ווערט פאַרפלאַנצט אין הייליגען לאַנד און אין די ישיבות וועלכע ער שטיצט מיט אַ ברייטער האַנט.

ביי אידען פירט מען זיך, האָט ניסן גאָרדאָן געזאָגט, צו אויסרופן ביי אַ סיום, „חזק, חזק ונתחזק". מיר ווינטשען אייך צו שטאַרקען זיך אויף דער עלטער אין אייער פאַרצווייגטער געזעלשאַפטליכער אַרבעט און דאָס גאַנצע אידישע לעבען זאָל דורך אייך געשטאַרקט ווערען, האָט גאָרדאָן געוואונטשען דעם גאַסט.

מר. האָפמאַן אַליין איז געווען שטאַרק גערירט פון דעם כבוד און ער האָט מיט גרויס עמאציע אויסגעדריקט זיין דאַנקבאַרקייט פאַר קענען דערציילן זיין לעבענס־געשיכטע צו אַמעריקאַנער אידען. איך האָף, אַז די קומענדע דורות אונזערע אין אַמעריקע וועלען נישט פאַרגעסן די „גאָלדענע עפּאָכע" פון אידישען לעבען אין די קליינע פוילישע שטעטלעך וואו עס האָט פאַר טויזענט יאָר געשפרודעלט מיט „תורה און חכמה", האָט מר. האָפמאַן געזאָגט.

ער האָט דערציילט ווי ער איז יונג אַוועק פון דער היים און פון חדר, אָבער דערפאַר באַמיט ער זיך זיין גאַנצען לעבען גוטצו־מאַכען דעם פאַרלוסט דורך שטיצען אינסטיטוציעס וואו אידישע קינדער ווערען דערצויגען, אָן אונטערשייד פון וואָס פאַראַ ריכטונג ס׳זאָל נישט זיין, פון „כנרת" פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד ביז אַ ישיבה פון דער עדה החרדית אין מאה שערים.

מר. האָפמאַן האָט מיט באַזונדערער אָנערקענונג אונטער־געשטראָכען די פּאָפּולאַריטעט פון דעם „אַלגעמיינעם זשורנאַל". ער האָט דערהאַלטען אָפּרופען פון דער גאַנצער אידישע וועלט, פון נאָענט און פון ווייט, זאָגאַר פון אַזעלכע ערטער וואו ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט אַז דאָרט זענען דאָ אידיש לייענער.

אלגעמיינער זשורנאל 3/25/77

# ביילע (בעלאַ) האָפמאַן ע״ה

ליבע פרוי פון דזשייקאָב, טייערע מוטער פון הערבערט און גלעדיס סילבער, געטרייע שוועסטער פון זעלדע דייווידסאָן און ליבענדע באָבע פון פאָול, לאַרי, ראָבין און עימי.

**די לויה קומט פאָר היינט דאָנערשטאָג, יאַנואַר 29טן 1976**

**12 בייטאָג, פון ריווערסייד־ברוקלין, 1 אָושען פּאַרקווי (לעבען פּראָספּעקט פּאַרק), ברוקלין.**

---

# די יונייטעד ליובאַוויטשער ישיבות

לאָזט וויסען מיט גרויס צער און טרויער דעם פאַרלוסט פון האשה הכבודה והחסודה, בעלת צדקה וחסד

# מרת ביילע (בעלאַ) האָפמאַן ע״ה

געטרייע לעבענס באַגלייטערין פון אונזער גרויסען פריינד און שטיצער, פון די וועטעראַנען און עמודי התווך פון אונזערע ישיבות דאָ און אין ארץ ישראל

**ר׳ יעקב האָפמאַן שי׳**

**און טייערע מוטער, באָבע און שוועסטער**

**די לויה וועט פאַרקומען היינט, דאָנערשטאָג, כ״ז שבט (יאַנואַר 29־טען 1976), 12 בייטאָג פון ריווערסייד טשאַפּעל אין ברוקלין, אָושען פּאַרקוועי און פּראָספּעקט פּאַרק.**

תהא נשמתה צרורה בצרור החיים.

**הרב שמרי׳ גוראַרי׳, חדב״ן, יו״ר ועד הפועל**

דער מוסד חנוך על טהרת הקודש

# אהלי תורה

1267 איסטערן פּאַרקוועי, ברוקלין

טיילט דעם גרויסען צער און טרויער פון אונזער איבערגעבענעם
פריינד און גרויסען שטיצער

**ר׳ יעקב האָפמאַן שי׳**

און זיינע ליבע קינדער

אויפ׳ן פאַרלוסט פון זייער טייערער פרוי און מוטער

# האשה מרת ביילע (בעלא) האָפמאַן

ע״ה

די לויה וועט פאַרקומען

**היינט, דאָנערשטאָג, כ״ז שבט 1976 12 בייטאָג**

**פון ריווערסייד־ברוקלין, 1 אָושען פּאַרקוועי, ברוקלין.**

ה ה נ ה ל ה

---

אגודת החזנים ד׳אמריקה וקנדה

236 סעקאָנד עוועניו, ניו יאָרק

באַדויערט מיט גרויס צער און טרויער דעם פאַרלוסט פון
דער חשוב׳ער

# מרס. ביילע (בעלא) האָפמאַן ע״ה

פרוי פון אונזער פראָמינענטען ערן־מעמבער און פּאַטראָנייזער,
גרויסער נדבן און עסקן

**ר׳ יעקב האָפמאַן שי׳**

און רופט אָפצוגעבן דער נפטרת דעם לעצטן כבוד ביי דער לויה

**היינט, דאָנערשטאָג, יאַנואַר 29, 1976 12 בייטאָג**

**פון ריווערסייד־טשאַפּעל, אָושען פּאַרקוועי און**

**פּראָספּעקט פּאַרק, ברוקלין.**

זאָלן זיי מער פון קיין צער נישט וויסען.

**חזן משה באָציאַן**
פּרעזידענט

**חזן יעקב ברייטמאַן**
טשערמאַן מעמאָריעל־קאָמיטע

# די שיינעביילע פון מיענזשעניץ

**אויפ'ן פרישן קבר פון מרס. בעלא האָפמאַן ע"ה, פרוי פון דעם באַוואוסטען געזעלשאַפטליכען טוער פאַר ישיבות און ארץ ישראל מר. דזשייקאָב האָפמאַן.**

פון **נ. ווילנער**

מיענזשעניץ איז אַ קליין דערפל אויפ'ן וועג צווישן אָסטראָווע און רוטקע, צוויי קליינע שטעטלעך אין לאָמזשער געגענט. בעלי עגלות און סוחרים פון ביאַליסטאָק, לאָמזשע און וואַרשע פלעגן זיך, אויף זייערע וואַנדערונגען, אָפּשטעלן אין מיענזשעניץ צו דערכאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ מאָלצייט אָדער איבערשלאָפן אַ נאַכט, איידער זיי האָבען זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין.

מיענזשעניץ, אַ קליין דערפל, וואָס איז איצט קיין מאַפּע ניט צו געפינען, איז אָבער טיף איינגעקריצט אין זכרון און אין האַרצען פון דזשייקאָב האָפמאַן, איינער פון ברוקלינ'ס גרייסע ריעל עסטעיט לייט און אַ האַרציגער איד וואָס איז אַקטיוו אין שטיצט תורה אין ישראל מיט אַ ברייטער האַנט.

דאָ אין מיענזשעניץ האָט ער, איידער ער איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע אין 1921, צום ערשטן מאָל דערזען די שיינע ביילע, און גלייך אויפ'ן אָרט איינגעזעהן, אַז זיי זיינען אַ זיווג מן השמים. ער איז יונג אַוועק פון אָסטראָווע פון הויז פון זיין טאַטן יצחק דער חזן, און געוואָרען אַ סוחר פון פעל, פאָרענדיג פון שטעטל צו שטעטל, פון יאַריד צו יאַריד. יענע נאַכט איז געווען אַ שרעקליכע שניי־זאַווערוכע און ס'איז געווען אוממעגליך צו פאָרן ווייטער, איז ער געבליבען אין מיענזשעניץ אין דער קרעטשמע פון דאָרף, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרען פון ביילע'ס מאַמע, אַן אלמנה מיט אַכט קינדערלעך אויף די הענט.

קורץ נאָך דעם איז אויך ביילע געקומען קיין אַמעריקע, צו משפחה אין פילאַדעלפיע, און עס האָט ניט לאַנג געדויערט און יעקב און ביילע זיינען געגאַנגען צו דער חופה אין אַ מזל'דיגער שעה און זייער גליקליך לעבן האָט אָנגעהאַלטען ביז מיט צוויי וואָכן צוריק, ווען זי איז אַוועקגענומען געוואָרן, פון אים נאָך אַ קורצער קראַנקהייט.

„ווען איך שיינקייט איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן... אַלע האָבן איר גערופן די שיינע ביילע, אָבער ניט ווייניג שעהן איז אויך געווען איר נשמה, איר אידיש האַרץ, איר גוטסקייט", אַזוי רעדט זיך אַרונטער מר. האָפמאַן פון האַרצען, קוקענדיג אויף בילדער פון זייערע יונגע יאָרן נאָך דער חתונה מיט 53 יאָר צוריק.

„די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע זיינען געווען ווייט פון אַ פיקניק", דעראינערט זיך מר. האָפמאַן, קוקענדיג אויף אַ בילד פון אים מיט דער פרוי און די קינדער, דער זון צבי דוד (הויר־בערט) אין זיין פרוי און די טאָכטער גיטל (גלעדיס) אין איר מאַן דוד סילבער, און די איי־ניקלעך, וואָס פון אַלעמען האָט זיי דער רבונו של עולם געבענשט מיט פיל נחת. ניט לאַנג האָבן זיי אַלע געפראַוועט די בר מצוה פון אַן אייניקל ביים כותל מערבי אין ירושלים. עס איז געווען אַ גרייסע איבערלעבונג פאַר אַלעמען, אָבער מער ווי אַלץ פאַר דזשייקאָב האָפמאַנ'ען אַליין, וועלכער איז צוגעבונדען צו ישראל מיט אַלע פעדים פון זיין נשמה. ער שטיצט אַלעמען אין ישראל, פון אינסטיטוציעס פון דער הסתדרות ביז אַ ישיבה פון די נטורי קרתא אין ירושלים. אויף זיינע יערליכע רייזעס אין ישראל איז ער אַן אָנגעלייגטער גאַסט אין דער ליובאַוויטשער ישיבה אין כפר חב"ד, זייענדיג אַ שכן טוב פון ליובאַוויטש אין ברוקלין און אַ גרייסער עסקן און טוער פאַר די ליובאַוויטשער ישיבות אין אַמעריקע.

בעלאַ, ווי זי האָט געהייסן אין אַמעריקע, האָט מיטגעליטן מיט'ן מאַן אין די ערשטע שווערע יאָרן, פריער אין די לעדער־גודס ביזנעס, שפּעטער אין אַ גראָסערי, און געהאַט אַ גרויסן חלק אין דער שפּעטערער הצלחה אין ריעל עסטעיט.

צווישן די הונדערטער בריוו און טעלעגראַמעס מיט מיטגעפיל־אייסדרוקן האָט מר. האָפמאַן אין האַנט אַ נחום אבלים פון דער שוהל וואָס ער און זיין פרוי האָבן אויסגעבויט אין „מעיז אביב״, לעבן תל אביב, אַ שכונה וואו עס וואוינען וועטעראַנען פון צה״ל און וואו מר. האָפמאַן דאַווענט פאַר׳ן עמוד בעת יעדן באַזוך זיינעם אין ישראל.

„...אַלע, אַלע די וועמען זי האָט אַזוי ברייטהאַרציג געהאָלפן, אַלע האָבן פאַרלוירן אַ ליבן האַרציגן פריינט, אָבער מער פון אַלעם איז מיין אבידה!״... ווידערהאָלט מר. האָפמאַן זיין טרויער, אַוועקוואַנדערענדיג ווידער צו יענע יונגע יאָרן ווען אַ שניי־זאַווערוכע האָט אים באַקענט מיט דער שיינער ביילע פון מיעַנזשענין.

אלגעמיינער זשורנאל 2/13/76

קרובים און פריינד זיינען געבעטען צו קומען צו דער

# הקמת מצבה

איפ׳ן קבר פ׳ן אונזער ליבער און אומפאַרגעסליכער פרוי, מוטער און באָבע

# ביילע (בעלאַ) האָפמאַן ע״ה

## זונטאָג ג׳ תמוז, יוני 19טן, 12 בייטאָג

**אויף דער אַלטער מאָנטעפיאָרע סעמעטערי**
ספרינגפילד בולוואַרד, קווינס
האָפמאַן פאַמיליע פלאַט, בלאָק נומער 105.

**איר אָנדענק וועט שטענדיג לעבן אין אונזערע הערצער:**

**דער מאַן: יעקב האָפמאַן**
**זון און שנור: הערש בער און אוירמא האָפמאַן**
**טאָכטער און איידים: גיטל און דוד סילבער**
**און אייניקלעך**




**האפמאןביים קבר פון רמב״ם**



# א יאָרצייט ליכט

מיט פיל ווייטאָג און טרויער דערמאָנען מיר דעם
ליכטיגן אָנדענק פון אונזער אומפאַרגעסליכער פרוי,
מוטער און באָבע



## ביילע (בעלא)
## האָפמאַן ע״ה

**(די שיינע ביילע**
**פון מיענזשענין)**

צו איר ערשטן יאָרצייט
וואָס פאַלט אויס

## קומענדען מאָנטאָג
## כ״ז שבט

**פעברואַר 14טן 1977**

**דו לעבסט אייביג אין אונזערע הערצער !...**

**דער מאַן: יעקב האָפמאַן**
**זון און שנור: הערש בער (הערבערט) און חיי׳ לאה**
**די טאָכטער און איידים: גלעדיס און דוד סילבער**
**און די אייניקלעך**

# אַ נשמה־ליכט צום צווייטן יאָרצייט פון ביילע (בעלאַ) האָפמאַן ע״ה

## (פרייטאָג כ״ו שבט, פעברואַר 3)

פון **יעקב האָפמאַן**

עס איז גרינג צו געדענקען און שווער צו פאַרגעסען יענע גליקליכע צייטען אין דער אַלטער היים־שטעטל רוטקע אין פוילען, ווי אַזוי מיר האָבען זיך באַקענט אַזוי יונג, ווי מיר האָבען זיך ליב געהאַט און ווי די גאַנצע שטעטל האָט באַוואונדערט די יונגע שיינע ביילע פון מיעזשעניץ. אַזוי האָבען איר אַלע גערופען, די שיינע ביילע.

ביילע איז געווען טעטיג מיט מיר צוזאַמען אין ציוניסטישען קלוב וואו מיר האָבען אָנגעפירט מיט חלוצ׳ישער אַרבעט. מיר האָבען צוזאַמען געשפילט טעאַטער אין דראַמאַטישע פיעסען. אָט ווי היינט געדענק איך ווי אַלע פאַרזאַמעלטע אין טעאַטער האָבען געשענקט זייער פולע אויפמערקזאַמקייט צו דער שיינער, יונגער מיידעל מיט אַזאַ שיינעם פנים און בליק, מיט אַזאַ האַלטונג אויף דער בינע, מיט אַזאַ טאַלאַנט.

זי האָט פאַרלאָזט איר געבורט־שטעטל רוטקע צו 18 יאָר און איז געקומען קיין אַמעריקע, מיטברענגענדיק מיט זיך אַלע שיינע חלומות און האָפענונגען וואָס מיר האָבן צוזאַמען געשפונען.

און אַ דאַנק ג־ט, וואָס ער האָט אונז ווידער צונויפגעבראַכט דאָ אין אַמעריקע, וואו מיר האָבען חתונה געהאַט, געאַרבעט שווער אין שעפער באַזונדער, און אין אייגענעם געשעפט צוזאַמען, דערצויגען ג־ט צו דאַנקען פיינע קינדער און אייניקלעך, און געפירט אַ שיינע אידישע היים, מיט שבת און יום טוב, מיט צדקה פאַר נויט־באַדערפטיגע, מיט וואַרימקייט און איבערגעבענהייט צו ארץ ישראל, און מיט אָפענע טירען פון פריינדשאַפט און נאָענטקייט פאַר דער גאַנצער משפחה.

אַלע האָבען איר רעספעקטירט פאַר איר גוטסקייט און באַשיידענקייט. זי האָט גוט פאַרשטאַנען די וועלט און האָט געקענט דיסקוטירן וועלט־פראָבלעמען מיט קלוגשאַפט און אינטעליגענץ. זי האָט זעהר פיל געלייענט פאַרשיידענע אידישע און ענגלישע צייטונגען און זשורנאַלען און געהאַט איר אייגענע אָפשאַצונג וועגען אַלץ און אַלעמען.

ווען זי פלעגט קומען שבת אין שוהל האָבען איר אַזויפיל פריינד און באַקאַנטע באַגריסט מיט „שבת שלום״. זי איז געווען אַ טיף־רעליגיעזע אידישע מאַמע און איר גייסט האָט אָנגעפילט און דורכגעדרונגען אונזער היים.

מיטאַמאָל האָט זיך דער מזל אונז איבערגעקערט און די קרוין פון אונזער היים איז אַוועקגענומען געוואָרען.

שוין צוויי יאָר אַז זי איז נישטאָ, אָבער איר ליכטיג פנים און שמייכעל, יענע גאָלדענע יוגענט־צייטען פון דער אַלטער היים שטעטל און די וייטערע גליקליכע יאָרען צוזאַמען, וועלן זיך פון מיר קיינמאָל נישט אָפטאָן.

די שיינע ביילע לעבט אייביג אין מיין האַרץ.

## צווייטער טייל

# אין גאַנג פון לעבן

## פערזענליכקייטן, בילדער און באגעגענישן

מוירפּי׳ס־שול און „יאָנג איזראָעל״ .......... 235
ברוקלין דזשואיש סענטער, אייב סטארק אין „יאָנג דזשודיא״ .......... 239
מיין שכנה׳שאַפט מיט ליובאַוויטש .......... 245
מיט אַ דעלעגאַציע אין וואַשינגטאָן .......... 251
איינדרוקן פון דער 18טער יערליכער קאָנווענשאָן פון זי־אָ־איי .......... 254
אייזיק באַשעוויס זינגער .......... 260
אלי וויזעל .......... 264
מיט פּראָפעסאָר וועלוול גרין ביי אַ ליובאַוויטשער דינער .......... 266
חבר מאיר בראון .......... 271
דר׳ יהודא שאַפּיראָ, אַ לערער און אַ וועג־ווייזער .......... 273
אַ מערקווירדיקע געשיכטע מיט אַ מיידל פון באָסטאָן .......... 275
רביצין אסתר יונגרייז און „הנני״ .......... 285
די באַלפור דעקלאַראַציע .......... 288
מיין ערשטע באַגעגעניש מיט געראַטעוועטע משפחה אין ישראל .......... 294
דער בורמאַ וועג .......... 299
אין דער היסטאָרישער צפת .......... 302
אין חיפה ביים ברעג ים און אויפן שפּיץ כרמל .......... 307
נצרת .......... 313
מיט אַ הסתדרות טור ביי פּרעזידענט יצחק בן־צבי .......... 316
לואיס סיגאַל און קרית סיגאַל .......... 320
אין דער שול פון מעוז־אביב .......... 328
גענעראַל מאָטע גור, באַפרייער פון ירושלים אין אונזערע טעג .......... 333
אין קבוץ גשר הזיו .......... 334
מיט אַמעריקאַנער ציוניסטן אין ירושלים .......... 338
אונטער דער חופה מיט אַ ספר־תורה אין חברון .......... 343
די מכביאדא – אַ יום־טוב פון אידישן כח און אידישן גייסט .......... 350
איך פאַרשפּעטיג אַן ערּאָפּלאַן און גיי צו דער פּריצייטיקער לוי׳
פון וויצע־מעיאָר פון תל־אביב, יוסף בורשטיין, ע״ה .......... 355
יו. עס. נימעץ .......... 359
יעקב האָפמאַן שילדערט זיין אָנצינדן דעם „נר תמיד״
אויף אַמעריקע׳ס גרעסטער קריגס־שיף אין האַפען פון חיפה .......... 366
אַ שטימע פון אַ לאַנדסמאַן .......... 380
באַמערקונגען ביים 31־סטן יערליכען דינער פון די יונייטעד ליובאַוויטשער ישיבות
12/20/70 .......... 387

# מוירפּי׳ס שוהל און „יאנג איזראעל״

צו די שוהלן אין קראון הייטס אין וועלכע איך האב געדאווענט, געהערט אויך די יאנג איזראעל שוהל אויף איסטערן פּארקוויי און טראי עוועניו.

כ׳האב דאַן געוואוינט אין 1586 יוניאן סטריט און האב געדאווענט אין רוקח׳ס שוהל וועלכע אנדערע האבן גערופן „מוירפּי׳ס שוהל״, און איר אמת׳ער נאמען איז געווען „חובבי תורה״, אויפ׳ן זעלבן בלאק וואו ס׳איז שפּעטער צוגעקומען די „יאנג איזראעל״.

רוקח איז געווען א איד אנ׳עושר, א פאבריקאנט פון פארשיידענע כשר׳ע פּראדוקטן, ווי זייף, פּוידער, פארעוווע פּעטס. ער האט מיט דער צייט אויפגעבויט א ריזן־פאבריק אין ניו דזשוירזי און זיך אפּגעגעבן מיט פּראדוצירן נאך א סך פּראדוקטן. די שוהל האט געטראגן זיין נאמען ווייל ער איז געווען פון אירע הויפּט בויער און שטיצער.

ווען מר. רוקח איז געשטארבן און זיין זון, א דאקטאר, האט איבערגענומען דעם געשעפט, האט די ביזנעס געמוזט פארקויפט ווערן פאר א קלייניקייט.

מוירפּי׳ס האט די שוהל געהייסן ווייל די לאנד אויף וועלכער די שוהל איז געבויט געווארן האט באלאנגט צו אנ׳איירישמאן מיט׳ן נאמען מוירפּי וועלכער האט דארט געהאט א סאַלון.

אין יאהר 1940 איז נאך די קראון הייטס געגענד געווען באזעצט פון א סך אידן, א סך פון זיי ארטאדאקסישע, און שבת, צו קבלת שבת און שבת אינדערפרי, איז רוקח׳ס אדער מוירפּי׳ס אדער די „חובבי תורה״ שוהל געווען געפּאַקט מיט מתפּללים, מערסטענס עלטערע אידן.

איז געקומען די „יאנג איזראעל״ און געעפנט א שוהל וואס איז גאנץ שנעל אָנגעפילט געווארן מיט יונגע מענשן, די מערסטע פון וועלכע זיינען געקומען פון מוירפּי׳ס שוהל.

די געביידע פון „יאנג איזראעל״ האט פריער באלאנגט צו א אידישן קלאָב צו וועלכן עס האבן באלאנגט יוגענטליכע פון גאנץ ברוקלין. ווען דער קלאב האט ניט געקענט נאכקומען די פינאנציעלע אבליגאציעס און די איסט ניו יארק סייווינגס באנק האט איבערגענומען די געביידע, האבן זיך א צאל אידן געווענדעט צום באנק־פּרעזידענט, דזשארדזש ריטשארדס, און ער האט פארקויפט די געביידע צו „יאנג איזראעל״ פאר 30 פּראצענט ביליגער ווי דער מארטגעדזש איז געווען.

איינער פון די הויפּט־פירער פון דער נייער „יאנג איזראעל״ שוהל, מר. ליס, האט געוואוינט ניט ווייט פון מיר אויף יוניאן סטריט און איז געווען א קאסטאמער אין מיין גראסערי. איך בין געווען נאהנט באפריינדעט מיט מר. ליס׳ן און דער גאנצער משפחה, און ער האט מיר באוואויגן צו ווערן א מעמבער אין דער „יאנג איזראעל״ שוהל. מר. ליס האט שפּעטער געקויפט א שיינע הויז אויף פּרעזידענט סטריט (פונוואנען ער איז שוין אוועק קיין פלעטבוש און בעל הארבאר).

די יאנג איזראעל שוהל האט געהאט א שיינעם רב, א בעל דרשן אויף אידיש און ענגליש, און אלע האבן אים שטארק ליב געהאט. נאך 15 יאהר מיט דער שוהל איז ער אוועק אויף אנ׳אנדער שטעלא אין קווינס. פון קווינס האט ער עולה געווען קיין ארץ ישראל וואו ער איז ליידער אוועק פון דער וועלט אין א פריען עלטער.

ביז היינטיגן טאג בענק איך נאך די שיינע שלש־סעודות׳ן אין דער יאנג איזראעל שוהל, מיט׳ן רב׳ס דברי תורה און מיט די שיינע זמירות אין וועלכע איך פלעג זיך באטייליגן. היינט איז די יאנג



די האפמאן משפחה אין ניו יארק, פאטאגראפירט צוזאמען מיט יעקב און בעלא האפמאן (צענטער)

איזראעל געביידע דער עיקר א סיניאר סיטיזענס צענטער וואס ווערט אויסגעהאלטן פון די ליובאוויטשער חסידים.

אויך מוירפי׳ס שוהל איז שוין ניט מער דאס וואס אמאל און איז אריבער צו די ליובאוויטשער. דער לעצטער רב פון דער שוהל האט געוואוינט אין מיין אפארטמענט־הויז אויף 706 איסטערן פארקוויי און ער האט פאר מיר פילע מאל אויסגעגאסן זיין ביטער האַרץ אויפ׳ן גורל פון א רב וואס מוז נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אויף די עלטערע יארן.

אויך איינער פון די לעצטע גבאים פון מוירפי׳ס שוהל, אוירווינג גייבעל, האט געוואוינט אין 706 איסטערן פארקוויי און ער האט מיר גאנץ אָפט געלאדן צו גיין מיט אים אין שוהל און דאווענען ביים עמוד. איין מאל א שבת ראש חודש איז נאך געווען די שוהל גאנץ פיי׳ן באזוכט, און נאכ׳ן דאווענען איז סערווירט געווארן א גרויסארטיגער קידוש פון א בר מצוה וואס איז יענעם שבת אויפגערופן געווארן.

מיט פערציג יאהר צוריק זיינען די צוויי שוהלן אויף איין בלאק, חובבי תורה און יאנג איזראעל, געווען קאנקורענטן און געקעמפט פאר מתפללים.

היינט זיינען זיי שוין ביידע ארונטער פון דער סצענע אין דער זיך־ענדערענדער ברוקלין.

# ברוקלין דזשואיש סענטער, אייב סטארק און „יאנג דזשודיא"

די געשיכטע איז געשעהן אין יאהר 1965.

די עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע דיסטריקט 14 אין ברוקלין, אנגעפירט פון דזשאדזש אלבערט שאַנזער, העראלד קאַרמעלי וגם אני בתוכם, האט באשלאסן, צוזאמען מיט די רבנים און באַאַמטע פון ברוקלין דזשואיש סענטער אויף איסטערן פארקוויי, צו פּראַווען א יום טוב לכבוד דער ציוניסטישער יוגנד־באַוועגונג „יאנג דזשודיא", וועמענס ציל איז געווען און איז צו פארפלאנצן ליבע צו ישראל צווישן דער אידישער יוגנד אין אמעריקע.

דער בארא פרעזידענט פון ברוקלין, אייב סטאַרק, האט אונז אלעמען איינגעלאדן צו קומען צו אים אין זיין אפיס, צוזאמען מיט א דעלעגאציע פון „יאנג דזשודיא", און ער האט מיט זיין אפיציעלן סטעמפּל פון בארא פרעזידענט פּראקלאמירט דעם טאג פון אקטאבער 24־טן, 1965, אלס „יאנג דזשודיא טאג".

דיסטריקט 14 האט לכבוד דער שמחה איינגעאָרדנט אנ׳אָוונט מיט א שיינעם דינער אין מיין כבוד וועגן און דערמוטיגט זיך און אנדערע אין דער ארבייט צווישן דער יוגנד פאר׳ן ציוניסטישן אידעאַל. דער גאסט־רעדנער ביי דער פייערונג איז געווען דזשאַק טאָרטשינער, דאַן פרעזידענט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, וועלכער האט אנגעוויזן אויף דער חלוצ׳ישער ראליע פון „יאנג דזשודיא", ווי פילע יונגע בחורים און מיידלעך זיינען געפאָרן צו באַזעצן זיך אין ישראל, און אין א סך פאַלן אין געגנערשאפט פון זייערע עלטערן.

אייב סטארק, דער ברוקלינער בארא פרעזידענט איז פאר פילע יארן געווען מיינער א נאהנטער פערזענליכער פריינד. ער איז געווען אנ׳אקטיווער איד און א געטרייער ציוניסט נאך איידער ער איז געווארן בארא פרעזידענט, און זיין קלאָדינג־סטאָר אויף פיטקין עוו. אין בראנזוויל איז געווען א טרעף־פּלאץ פאר אלע אידישע צוועקן, באזונדערס פאר ישראל. ער איז געווען א איד א בעל טובה. האט קיינמאל ניט אפּגעזאגט א טובה, אפילו ווען ס׳איז אים אנגעקומען שווער.

ער פלעגט קומען צום דאווענען אין ברוקלין דזשואיש סענטער, אבער ניט אלע שבת. ווען איך האב אים אלס גבאי פון סענטער איין מאל א פרעג געטאן פארוואס ער קומט ניט אָפטער, האט ער מיר געענטפערט אז ער האט דריי שוהלן וואו ער דארף גיין שבת דאווענען. ער האט מיר אבער צוגעגעבן אז דער סענטער געפעלט אים אַמבעסטן.

ער איז געווען א באליבטע פיגור אין דער אידישער בראנזוויל, צווישן יונג און אַלט. ער האט באווירקט א סך מענטשן צו געבן גרויסע געלטער פאר ישראל און פאר אנדערע אידישע צוועקן. א סך כחות האט ער אוועקגעלייגט אויפצובויען א „קלאב״ פאר יונגע מענטשן אין בראנזוויל, און כאטש היינט זיינען שוין קיין אידן כמעט ווי ניטא אין בראנזוויל, פונקציאנירט דער „קלאב״, און זיין נאמען איז נאך אלץ פארבונדן מיט א סך פון דאס גוטע און פיינע וואס איז נאך פארבליבן אין בראנזוויל.

נאך א שיינער אָוונט מיט חברים ציוניסטן אין ברוקלין דזשואיש סענטער איז געווען א פרייליכער חנוכה־אָוונט וואס איז דורכגעפירט געווארן אויף דער איניציאַטיווע פון העראלד קארמעלי, דאן טשערמאן פון דער נאציאנאלער באארד פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע.

ס׳איז געווען א חבר׳ישע מסיבה און א ציוניסטישער צוזאמענקונפט פון דיסטריקט 14. עס זיינען אויך געקומען אידן פון איסטערן פארקוויי געגענד און אלע האבן שטארק הנאה געהאט פון דער פיינער חנוכה־סעודה און פון דעם פיינעם קאנצערט פון חזן חאצקעלע ריטער, באגלייט אויף דער פיאנא פון זיין טאלאנטפולן זון.

דער הויפט־רעדנער פון אָוונט איז געווען אברהם רעדלהיים, דאן פרעזידענט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע און אנ׳עכט איבערגעבענער ציוניסט.

דער ברוקלין דזשואיש סענטער איז געווען און איז די היים פון א סך ציוניסטישע קאנפערענצן און פייערונגען. זאָלן די דערמאנטע צוויי פייערונגען, פאר „יאנג דזשודיא״ און לכבוד חנוכה, דינען ווי א מוסטער פאר הונדערטער ענליכע ימים טובים וואס איך און מיינע חברים פון דיסטריקט 14 האבן געפראוועט צווישן די ווענט פון סענטער.



**האפמאנ׳ס אייניקל פאול, גראדואירט פון פלעטבוש ישיבה**




**א פלאקער פון מודיעין ווערט געבראכט צום בארא האל פון ברוקלין, בעת אייב סטארק איז געווען בארא פרעזידענט.**

דער אינגעלע אין צענטער איז פינחס האפמאן, יעקב האפמאן׳ס אנ׳אייניקל. די מיידעלע לינקס איז די טאכטער פון ראבאי קרייטמאן פון ברוקלין דזשואיש סענטער.

פאטאגראפירט ביים חנוכה־פלאקער, פון רעכטס צו לינקס: יעקב האפמאן, מר. קרייטמאן, אורמא האפמאן און איר מאן הערבארט. אויפן בילד ווערן געזען: האפמאן'ס צוויי אייניקלעך און די טאכטער פון די קרייטמאנ'ס.

# מיין שכנה׳שאפט מיט ליובאוויטש

אין מיין יוגנט בין איך זייער פרי, צו בלויז 13 יאהר, אוועק פון דער היים אין אסטראווע און דורכגעוואַנדערט די גאנצע לאמזשער גובערניע. צו 15 יאהר בין איך שוין געווען א סוחר פאר־זיך און זיך באַזעצט אין דער דערבייאיגער רוטקע וואו איך בין אריינגעצויגן געווארן אין אלע יוגענטליכע אקטיוויטעטן, ציוניסטישע און קולטורעלע.

איך ווייס אליין ניט פארוואס איך בין אזוי יונג אוועק פון מיינע ליבע עלטערענ׳ס היים און פון חדר. איך האב זיך דאָך געפונען אין אזא שיינער, ווארימער און ליכטיגער אידישער היים. מיין טאטע איז דאך געווען פון די אָנגעזעענסטע באלעבאַטים אין אסטראווע. די שוהל אויף דער אסטראלענקער גאַס, באקאנט ווי דער אלטער בית מדרש, איז דאך אינגעלוויז געווען מיין צווייטע היים און כ׳האב הנאה געהאט און זיך צוגעהערט צום לערנען משניות און אנדערע ספרים.

ס׳קען זיין אז ס׳איז מיר איינגעפאַלן נאכצופאלגן דעםביישפיל פון מיינע צוויי עלטערע ברידער וועלכע האבן זיך איינגעאָרדנט יונגערהייט אין זעמבראווע און געמאכט גוטע געשעפטן. האט זיך מיר אויך פאַרוואָלט צו פארלאזן אסטראווע און ווערן א באלעבאס פאר־זיך, כאטש מיינע ליבע עלטערן זיינען געווען שטארק געגן מיין פארלאזן די היים.

מיין פארלאזן דעם חדר אין אזא פריען עלטער ליגט מיר אויף מיין געוויסן און זינט איך בין געקומען קיין אמעריקע און זיך אביסל איינגעאָרדנט פיל איך אויף זיך א פליכט גוטצומאַכן מיין יוגענדליכן פעלער דורך העלפן אויפהאָדעווען אידישע דורות מיט א אידיש וויסן. איך באַמי זיך צו שטיצן אידישע דערציאונגס־אינסטיטוציעס וואו עס

ווערן דערצויגן שטאָלצע און געטרייע אידן, אידן תלמידי חכמים און געלערנטע. ווען איך בין נאך געווען א גראסערי־מאן און שווער געהארעוועט האב איך געהאלפן די ערשטע מענדעלע מוכר ספרים שולע און אויך געהאלפן גרינדן צוויי „כנרת״ טאג־שולן.

וואוינענדיג אויף איסטערן פארקוויי לעבן דעם ליובאוויטשער רבי׳ן שליט״א און די וועלט־באַרימטע ליובאוויטשער צענטראלע אויף 770 איסטערן פארקוויי, האט מיר די טעטיקייט פון די ליובאוויטשער שטארק פאראינטערעסירט.

פאָרנדיג צו איינער פון מיינע אפּארטמענט־הייזער אין פלעטבוש פאָר איך אָפט פאַרביי די נייע געביידע פון דער ליובאוויטשער ישיבה אויף אושען פארקוויי, שטעל איך זיך גאנץ אָפט אָפּ און כאַפּ א קוק אינווייניג און דאס האַרץ קוועלט אָן פון נחת זעענדיג ווי אידישע קינדער לערנען תורה. איך האב א באזונדער פארגעניגן אריינצוקוקן אין דער קלאס־רום וואס איך האב געקויפט אין דער ישיבה אויפ׳ן נאמען פון מיין זעליגער פרוי ע״ה, ווי א זכות פאר איר ליכטיגן אָנדענק.

הרב גוראריי׳, דער אָנפירער פון די ליובאוויטשער ישיבות אויף דער גאנצער וועלט, איז מיינער א נאָנטער פריינד און איך בין א שטארקער פארעהרער פון זיין אונערמידליכער ארבייט צו פארשפרייטן ישיבה־חינוך אין אמעריקע, אויפשטעלענדיג ישיבות אין אזעלכע שטעט און שטעטלעך וואו דער נאמען ישיבה איז געווען אינגאנצן אומבאקאנט.

ליובאוויטש איז מיר באזונדערס נאָהנט ווייל זיי ציען אריין און דערנענטערן צו אידישקייט קינדער פון אסימילירטע היימען און די קינדער מאכן דערנאך די עלטערן פאר גוטע און שטאָלצע אידן. נאך קיינמאל פריער איז צווישן דער אידישער יוגענט געווען אזא פאַרלאַנג צוריקצוקומען צו זייער פאָלק, און ליובאוויטש העלפט זיי אומעטום,



„770" — די ליובאוויטשער צענטראלע אויף 770 איסטערן פארקוויי

איינגעשלאָסן אויך אויף די קעמפּוסן פון פילע אוניווערזיטעטן איבער דער לענג און ברייט פון אמעריקע.

ווי א שכן פון ליובאוויטש אויף איסטערן פּארקוויי אָבסערוויר איך פון דער נאָהנט ווי סטודענטן פון פארשיידענע קאלעדזשעס קומען קיין ליובאוויטש אין קראון הייטס און די ישיבה־בחורים גיבן זיך אָפּ מיט זיי, האַלטן פאר זיי לעקציעס, דיסקוסיעס, און נעמען זיי אויך אריין צו די „פארברענגענס" פון ליובאוויטשער רבי׳ן.

אין אמעריקע, א לאנד פון לוקסוס, רייכטום און אסימילאציע, זיינען די ליובאוויטשער ישיבות געווען די ערשטע צו פּראָקלאַמירן די לאָזונג אז „אמעריקע איז ניט אַנדערש" און מען קען אויך דאָ אויפהאָדעווען אידישע דורות וואס זאלן טריי און מוטיג טראָגן אונזער אייביגע ירושה.

די ליובאוויטשער ישיבות באלייכטן דעם אידישן האָריזאָנט אין פילע שטעט און שטעטלעך אין אמעריקע, בראש מיט דער צענטראלער ישיבה אין ברוקלין, וואו עס לערנען היינט תלמידים פון אַלע וועלט־טיילן.

איך וויל אויך דערמאנען אז ליובאוויטש האט א גאנצע ריי ישיבות אין ארץ ישראל און איך האב געהאט דעם פארגעניגן צו באזוכן די גרויסע ישיבה אין כפר חב״ד וואו עס לעבן אריבערגעקומענע ליובאוויטשער חסידים פון רוסלאנד.

מיין שכנה׳שאַפט מיט ליובאוויטש האט מיר געגעבן א געלעגנהייט צו זיין נאָהנט צו א מעכטיגן צענטער פון אידישקייט, פון אידישער וואַרימקייט און פון א טיפער אידישער פאַראינטערעסירונג מיט אלע אידישע פּראָבלעמען.

ס׳איז א שכנה׳שאַפט מיט וועלכער ס׳איז פאראן פיל צו שטאָלצירן.



יעקב האפמאן פאטאגראפירט צוזאמען מיט הרב ר׳ שמרי׳ גוראריי, טשערמאן פון עקזעקוטיוו קאמיטעט פון די יונייטעד ליובאוויטשער ישיבות ביים יערליכן דינער פון די ישיבות, כ״ז כסלו תשל״ח (דעצעמבער 19־טען, 77׳), אויף וועלכן מר. האפמאן איז באערט געווארן מיט׳ן „כתר שם טוב״ אווארד.



**אויף א יונייטעד דזשואיש אפיל דינער לכבוד יעקב האפמאן אין ברוקלין דזשואיש סענטער.**
רעכטס לעבן האפמאן זיצט ראבאי ישראל לעווינטהאל. ביים מייקראפאן איז העראלד כרמלי. ביים אויבנ־אן טיש ווערן געזען: זשאק טארטשינער, מעיאר אברהם ביעם, און דזשאדזש אלבערט טשאנזער.

# מיט א דעלעגאציע אין וואשינגטאן

אידישע דעלעגאציעס אָפּצושרייען סטייט־דעפּארטמענט פּאליטיק געגן ישראל און אידישע זאָרג איבער וואשינגטאנ׳ס פּאליטיק אין מיטל־מזרח זיינען פּיל עלטער ווי פּרעזידענט קארטער׳ס אריינמעמען זיך אין קאפּ אנ׳איינריידעניש פון א „פּאלעסטינער מדינה" אויפן מערב־ברעג פון ירדן. אין 1956, נאך ישראל׳ס דערפּאלגרייכע סיני־מלחמה אין קאאפּעראציע מיט ענגלאנד און פראנקרייך וועלכע האבן זיך געגנגעשטעלט נאסער׳ס נאציאנאליזירונג פון דעם סועץ קאנאל, איז דער דאמאלסט׳דיגער פּרעזידענט, גענעראל דוואיט אייזענהאואער און זיין סעקרעטערי אף סטייט דזשאן פאסטער דאלעס, באשטאנען דווקא אז ענגלאנד און פראנקרייך מוזן אפּשטעלן די מלחמה געגן מצרים און ישראל מוז זיך צוריקציען פון סיני.

די אייזענהאוער־דאלעס פּאליטיק האט, ווי אלע אנערקענען שוין היינט, אריינגעשפּילט אין די הענט פון די שונאים פון ישראל און אויך פון די שונאים פון אמעריקע. די לאַגע אין מיטל מזרח און ישראל׳ס פּאליטישע לאגע וואלטן געהאט גאר אנ׳אנדער פּנים, ווען ניט אייזענהאוער־דאלעס׳עס דראָהונגען מיט סאנקציעס געגן ישראל און זייער צווינגען דער אידישער מדינה אפּצוגעבן נאסער׳ן צוריק, די טעריטאריעס פון וועלכע ער האט ווייטער געשטעלט אין געפאַר דעם קיום פון ישראל.

ווען ניט דעם פאטאלן טעות פון אייזענהאוער־דאלעס אין 1956, וואלטן מיר געהאט אויסגעמידן די מלחמות פון 1967 און 1973. צענליגער טויזענטער לעבענס וואלטן ניט פארשניטן געווארן און די סאוועטן וואלטן ניט געהאט קיין דריסת הרגל אין מיטל מזרח.

די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין אמעריקע האט דאן באשלאסן צו שיקן א דעלעגאציע קיין וואשינגטאן, צו פּרובירן אפּקילן אביסל דעם צאָרן פון ווייסן הויז און פון סטייט דעפּארטמענט געגן ישראל. די דעלעגאציע וועלכע איז אנגעפירט געווארן פון דאמאלסטיגען פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, ראבאי נוסבאום פון לאס אנדזשעלעס, איז באשטאנען פון מענדל פישער, הערלאלד כרמלי, דזשאדזש אלבערש דזשענער, בען לאסער און מיין ווייניקייט. אונזער פארבינדונגס־מענש אין וואשינגטאן איז געוועזן קאנגרעסמאן עמעניועל סעלער, דער דיען פון קאנגרעס, וועלכער האט פאר אונז באשטעלט צו טרעפן זיך פריער מיט אלע אידישע קאנגרעסלייט, ווי אויך מיט א גרופּע פון 59 סענאטארן און קאנגרעסלייט אין דער קאנגרעס־געביידע. זיי האבן אונז אלע פארזיכערט אז זיי וועלן ארויסטרעטן געגן אייזנהאוער׳ס סאנקציעס, ווי אויך צו באמיען זיך פאר א גרעסערער הלוואה פאר ישראל.

מיר האבן דאן געוויילט אין וואשינגטאן א פּאָר טעג און געקלאפּט אין די טירן פון פארשיידענע רעגירונגס־מענשן און געמאָנט ביי זיי יושר.

אייזענהאוער און דאלעס האבן ליידער אויסגעפירט. ישראל האט זיך צוריקגעצויגן פון סיני און די קערנער פון די קומענדע צוויי מלחמות זיינען דאן פארזייט געווארן.



**קאנגרעסלייט אייבראהאם מאלטער און עמנואל סעלער, (זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס) נעמען אויף די ציוניסטישע דעלעגאציע אין וואשינגטאן.**

צווישן די דעלעגאטן ווערן געזען: הערעלד כרמלי, מענדל פישער, ראבאי נוסבוים, יעקב האפמאן און דזשאדזש אלבערט טשאנזער.

# איינדרוקן פון דער 81־טער יערליכער קאנווענשאן פון זי־אָ־עי

כאָטש איך בין אַ יאָרן לאַנגער דעלעגאַט צו די קאָנווענשאָנס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע (זי־אָ־עי), האָט מיר דאָך די האיאָריגע 81־טע נאציאָנאַלע קאנווענשאן שטארק באַאיינדרוקט און באגייסטערט, דערמיט וואס די מערסטע נייע פירער פון דער זי־אָ־עי זענען נאך גאנץ יונגע מענטשן, איבערפילט מיט ליבע צו אידן און צו ציון און פול מיט דראַנג און ענערגיע ביי־צוטראגען זייער חלק און זייער שותפות צו אונזער אידעאַל און צו זיין פאַרווירקליכונג — מדינת ישראל.

דער ביז איצטיגער פרעזידענט דר. יוסף שטרענשטיין און זשאק טאָרטשינער,ביידע וועטעראַנען און וויכטיגע פיגורען אין אַמערי־קאַנער ציוניזם, האָבן געפירט דעם פאָרזיץ מיט גרויס טאַקט. זייערע רייד האבן געגעבן אויסדרוק צו די גרויסע געשיכטליכע טעג וואס מיר לעבען איצט אַדורך און צו די אויפגאַבן וואָס שטייען איצט פאר אונז אידן אין אַמעריקע.

די קאנווענשאָן איז אפגעהאַלטן געוואָרן אין שאָרהעם האָטעל פון דעם 6־טען סעפטעמבער ביז זונטאג, דעם 10־טען סעפט., ווען ס׳איז פאָרגעקומען דער גרויסארטיגער שלום־באַנקעט. דורך די פינף טעג פון דער קאָנווענשאן זענען אויפגעטראָטען אַ צאָל אנגעזעענע דיפּלאָמאטען, סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט, ווי אויך א צאָל דיפּלאָ־מאַטן פון דער ישראל־רעגירונג. עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ און צייט אויסצורעכענען אַלעמען, אבער אמסשטאַרקסטען האבן אויסגענומען דער ביז־איצטיגער פרעזידענט דר. שטערנשטיין און דער נייער ישראל־אַמבאַסאדאָר צו די יונייטעד ניישאָנס, פּראָפעסאָר יהודה בלום.



**בײַם הויפּט־טיש פון דער זי־א־עי קאַנווענשאַן אין וואַשינגטאָן.**
פון רעכטס צו לינקס: דר. יוסף שטערנשטיין, דער ביז איצטיגער פּרעזידענט; יעקב האפמאן, און דער נייער ישראל אַמבאַסאַדאָר צו דער יו־ען, פּראָפעסאָר יהודה בלום.



**די וועלט־בארימטע אקטריסע עליזאבעט טעילאר פאטאגראפירט מיט יעקב האפמאן אויף זי־א־עי קאנווענשאן אין וואשינגטאן, אין 1978**

דער נייער ישראל אמבאסאדאָר אין דער יו־ען האָט אין זיין רעדע געשילדערט ווי ער האט זיך אין עלטער פון 14 יאָר געראַטע־וועט פון קאָנצענטראַציע־לאַגער און ווי ער האט געפונען זיין וועג צום אידישן היימלאַנד, וועמענס פאָרשטייער אויף דער אינטער־נאַציאָנאַלער ארענע ער איז איצט. ער איז געזעסן ביים הויפּט־טיש מיט זיין שיינער פרוי און זיך פריינדליך באגריסט מיט אלעמען, און אלע האָבן זיי וואַרעם אַפּלאָדירט.

אַ באזונדער איינדרוק האָט געמאכט די וועלט בארימטע אקטריסע עליזאַבעט טיילאָר, וועלכע האט זונטאג נאַכט ביים באַנקעט געהאלטען אַ רעדע פול מיט ליבע און איבערגעבענהייט צו ישראל און באדאנקט פאר׳ן כבוד וואָס ווערט איר צוגעטיילט. כאָטש זי איז אַ גרויסע אַקטריסע, האָב איך — און אויך אלע אנדערע — געפילט, אז דאָסמאָל איז עס ביי איר נישט קיין שפיל, נאר זי מיינט עס טאקע זעהר ערנסט און אויפריכטיג, זי האט אַרויסגעוויזן אירע אמת׳ע געפילן צו ישראל און צום אידישן פאָלק.

שרייבענדיג וועגן דער ציוניסטישער קאָנווענשאָן קען איך נישט פאַרבייגיין אָן אויסדרוקען מיין פאַרערונג פאר פרעמיער מנחם בעגין וועמען איך האָב געהאט דעם כבוד צו זען און הערען פאַראכטאָגן מיטוואך אין ניו יאָרק, ביי דער אויפנאַמע פון דער פרעזידענטען־קאָנפערענץ. זיין האַלטן זיך פעסט אין קעמפּ דעיוויד און זיין וואונדערליכע רעדע פון ווייסן הויז, זיצענדיג צוזאַמען מיט פרעזידענט דזשימי קאַרטער און פרעזידענט סאַדאט פון עגיפטן, האָבן אונז, אידן אין אמעריקע, פאַרשאַפט גרויס כבוד און נחת.

די ציוניסטישע אָרגאניזאַציע אין אמעריקע, בראש מיט איר נייעם פרעזידענט, אייוואן נאָוויק פון פיטסבורג, האבן פאר זיך איצט די קאָלאָסאַלע אויפגאַבע צו שטיין ביי דער זייט פון פרעמיער בעגין און העלפען אים, אז די האָפענונג פאר שלום וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן אין קעמפּ דעיוויד זאָל חס ושלום נישט אויסגעלאָשן ווערן.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך ווינטשן אַ גוט, געבענטשט און גליקליך יאָר צו אלע מיינע קרובים און פריינד, רבנים און ראשי ישיבות, געזעלשאַפטליכע טוער פאר ישראל און פאר היגע וואוילטעטיגע צוועקן, צו מיינע גוטע שכנים, דער ליובאַוויטשער רבי שליט״א און הרב ר׳ שמרי׳ גוראַרי׳ שליט״א; צו די רבנים פון ברוקלין דזשואיש סענטער, דר. ישראל לעווענטאל און דר. דוד היימאָוויץ, צו די פירער פון דער הסתדרות אין אמעריקע און פון רעליגיעזן דעפּאַרטמענט, צו אַלע אידן אין ישראל און אין די תפוצות, און גאָר באַזונדערס צו אונזערע ברידער הנתונים בצרה ובשביה אין סאָוועט רוסלאַנד.

תכלה שנה וקללותיה, תחל שנה וברכותיה.

אַלגעמיינער זשורנאַל 9/29/78



ראבאי דר. יוסף שטערנשטיין אין א חבר׳ישן שמועס מיט יעקב האפמאן



יעקב האפמאן און מרס. פעי שענק, פארשטייערין פון דער אידישער אגענטור און וויכטיגע ציוניסטישע טוערין, אויף א דינער פון דער הסתדרות עברית אין 1977.

# באשעוויס זינגער

אונזער גאַסט באַשעוויס זינגער איז איינער פון די גרויסע אידישע שרייבער פון אונזער צייט און זיין טאַלאַנט ווי אַ שילדערער האָט אים אויך געוואונען גרויס אַנערקענונג און פּאָפּולאַריטעט אין דער ענגלישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

פאַר די וואָס לייענען באַשעוויס זינגער׳ן אין אָריגינאַל דאַרף מען ניט צופיל מאריך זיין ביים פאָרשטעלן אים. ער גיט אויסדרוק, אַ קינסטלערישן און אויך אַ געוואַגטן אויסדרוק, צו דער געשיכטע פון פּוילישן אידענטום פון 17־טען, 18־טען און 19־טען יאָהרהונדערט, צו די צווייפלען און נסיונות פון דעם אינדיווידועלן פּוילישן איד וואָס זיינען אויך געווען די צווייפלען און נסיונות פון כלל פּוילישע אידן.

באַשעוויס זינגער איז דער עיקר אַ מייסטער פון דיאַלאָג, אַרויס־ברענגענדיג אין געגענזייטיגען געפעכט פון ווערטער, גאַנצע וועלטן און אידעען, אָן אונטערשייד צי דער געפעכט איז צווישן אַ מאַן מיט פרוי אין דער וואַרשעווער אונטערוועלט, אָדער צווישן אַ רב פון דער אַלטער וועלט אין אַ גאַליציש שטעדטל מיט זיין זון וואָס איז געוואָרן אַ שנה ופירש׳ניק.

איך באַגריס דעם גרויסן קינסטלער צו זיין באַזוך ביי אונז און מיר אַלע ווינטשן אים ווייטערן דערפאָלג אין זיין שעפערישער אַרבייט.

קענענדיג דעם גרויסן שרייבער פון דער נאָהענט האָט מיר זעהר שטאַרק געפרעהט ווען ער האָט געקראָגן די נאָבעל־פּרעמיע פאַר ליטעראָטור אין 1978. די שוועדישע אַקאַדעמיע האָט ביים מעלדן די נייעס דערקלערט אַז באַשעוויס זינגער האָט געקראָגן די גרעסטע

ליטעראַרישע אינטערנאַציאָנאַלע וועלט־אויסצייכענונג פאַר זיין דער־ציילונגס־קונסט וואָס האָט אירע וואָרצלען אין דער פּויליש־אידישער קולטור־טראַדיציע און וואָס ברענגט צום לעבן אוניווערסאַלע מענשליכע ווערטהן.

איך בין צוגעצויגן געוואָרן צום וועלט באַרימטן שרייבער נאָך מיט יאָרן צוריק, האָבענדיג איינגעזעהן זיין גרויסקייט און ווערענדיג פאַר׳כישופ׳ט פון דער שיינקייט פון זיינע באַשרייבונגען פון אידישן לעבן. ווי אַ מענש פון צוויי וועלטן האָב איך דורכגעמאַכט ניט נאָר אַמעריקאַנער אידישע דערפאַרונגען, נאָר איך קען נאָך פילן יעצט דעם אידישן לעבן אין שטעדטל, מיט איר שיינקייט און פראַכט.

קיין אַנדער שרייבער האָט ניט מצליח געווען אַזוי ווי באַשעוויס זינגער. זיינע דערציילונגען באַאיינדרוקן מיר אַזוי ווי זיי וואָלטן יעצט פּאַסירט מיט מיר.

איך האָב געהאַט דעם כבוד איינצולאַדן אים פאַר אַ לעקציע אין ברוקלין דזשואיש סענטער נאָך מיט 12 יאָהר צוריק. זינט דאַן איז זיין נאָמען און פּרעסטיזש פיל געוואַקסן און ער איז היינט באַוואוסט איבער דער גאַנצער וועלט.

דאס איז דער טעקסט מיט וועלכן איך האב פארגעשטעלט אייזיק באשעוויס זינגער בעת זיינער א לעקציע פאר׳ן פארום וואס איך האב עטאבלירט צום אנדענק פון מיין ג־טזעליגער פרוי **בעלא** ע״ה.



**האפמאן מיט יצחק באשעוויס זינגער**



**יצחק באשעוויס זינגער (2־טער לינקס) בעת דער לעקציע אין ברוקלין דזשואיש סענטער, פרעזענטירט פון יעקב האפמאן אין אנדענק פון זיין פרוי בעלא ע״ה.**

פון רעכטס צו לינקס: אוירמא האפמאן (א שנור), יעקב האפמאן, ראבאי דוד היימאוויץ, באשעוויס זינגער און הערבארט האפמאן.

# אלי וויזעל

נאָך איינער פון די וואָס האָבן מיר באַווירקט אין מיינע טעטיקייטן אין אידישן לעבן, באַזונדערס פאַר ישראל און פאַר אידישער דערציאונג, איז דער באַוואוסטער אידישער שרייבער אלי וויזעל.

אַזוי ווי די אַמאָליגע נביאים הויבט ער אויף זיין קול צו דער וועלט, צו אידן און צו ניט־אידן, און רעדט פון אידישע ליידן, פון אידישע קרבנות און פון די אידן וואָס זיינען פאַרשפאַרט הינטער׳ן אייזערנעם פאָרהאַנג, די פאַרשטומטע אידן.

ער איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער מלחמה, האָבענדיק דורכגעמאַכט דעם אייראָפּעאישן גיהנם און געזעהן מיט זיינע אויגן די טייכן אידיש בלוט וואָס האָבן פאַרפלייצט דעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט.

און איצט רעדט ער צו דער פאַרדאָרבענער וועלט וואָס האָט דאָס אַלץ צוגעזעהן און געשוויגן. ער האַלט רעפעראַטן פאַר פאַר־שיידענע אָרגאַניזאַציעס, אויף קאַלעדזש־קעמפּוסן, און אומעטום און אַלעמאָל רעדט פון אים אַרויס דאָס וויי־געשריי פון דעם ליידענדען אידן, צוזאַמען מיט אַ תפילה און אַ געבעט פאַר אונזער אַלט־נייער היימלאַנד, פאַר דער צוקונפט פון דער אידישער מדינה.

אלי וויזעל איז אַ איד וואָס טראָגט אין זיך אַ שליחות ניט צו שווייגן, ניט צו פאַרגעסן אַליין און ניט צו לאָזן אַנדערע פאַרגעסן. ער איז אַ מאָנער און אַ דערמאָנער. זיין ניצול ווערן פון דער שחיטה האָט אין אים אָנגעצונדען אַ פייער, אַ פאַראַנט־

וואָרטליכקייט און אַ פליכט וואָס ער זוכט צו דערפילן יעדע מינוט פון זיין לעבן.

פון דעם ערשטן טאָג וואָס איך האָב אים געהערט ריידן מיט יאָרן צוריק ביז׳ן היינטיגן טאָג, פיל איך דעם גרויסן געשריי פון זיין נשמה, זיין רוף צו ראַטעווען וויפל און וואָס נאָר מען קען.



**האפמאן מיט אלי וויזעל.**
ביים דינער פון דער הסתדרות עברית, אין פעברואר 1977

# מיט פראפעסאר וועלוול גרין ביי א ליובאוויטשער דינער

זונטאָג דעם 21־טען מאי, 1978, איז מיין שכן ביים סקאַלערשיפ־דינער פון די ליובאַוויטשער ישיבות אין רוזוועלט האָטעל, ביים הויפט־טיש, פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַר מיר אַלס פראָפעסאָר וועלוול גרין פון דער יוניוואוירסיטי אף מיניסאָטאַ און דער הויפט־רעדנער וואָס איז ספּעציעל געקומען פון מינעאַפּאָליס צו אַדרעסירן די פאַרזאַמלטע ביים דינער.

אַ שיינער יונגערמאַן מיט אַ אידישן חן און מיט אַ ליבן שמייכל, איז ער שפּעטער אין פּראָגראַם אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע וואָס איז געווען, ווי מען זאָגט, אַ קונסט־שטיק. אַליין איז ער אַ פראָפעסאָר פון מיקרא־ביאלאגיע און האָט אויך צו טאָן מיט אַמעריקע׳ס ספּעיס־פאָרשונגען, אָבער גערעדט האָט ער ווי אַ פייער׳דיגער איד און ווי אַ טרייער ליובאַוויטשער חסיד פאַר וועמען אַ וואָרט פון ליובאַוויטשער רבי׳ן איז אַ הייליג געבאָט.

כ׳האָב אים נאָך זיין רעדע דערציילט אַז כאָטש איך בין ניט קיין חסיד אין אָנגענומענעם זין פון וואָרט חסיד, בין איך אָבער אַ גרויסער פּאַטריאָט פון דער וואונדערליכער דערציאונגס־אַרבייט וואָס דער ליובאַוויטשער רבי פירט אָן איבער דער גאַנצער אידישער וועלט, דיריגירט פון זיין צענטראַלע אין 770 איסטערן פּאַרקוויי, אַ פּאָר טריט פון דער הויז וואו איך וואוין אין קראַון הייטס געגענד אין ברוקלין.

מיין שמועס יענעם אָוונט מיט׳ן פראָפעסאָר האָט מיר געמאַכט פאַר אַ נאָך גרעסערן פּאַטריאָט פון ליובאַוויטש, ווייל עס

האָט מיר געוויזן ווי ווייט און ווי טיף ליובאַוויטש גרייכט מיט אירע רעטונגס־גאַרטלען וואָס זי וואַרפט אַריבער אין אַזויפיל פאַרוואָרפענע אינזלען וואו אַסימילאַציע קעניגט און וואו אידישע גלייכגילטיקייט באַהערשט די אָפיציעלע אידישע פירערשאַפט.

איך האָב דערציילט דעם פּראָפעסאָר אַז איך שרייב אַ בוך און איך האַלט עס פאַר אינטערעסאַנט צו דערציילן וועגן אַזאַ איד׳ן ווי ער, ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַ פרומער איד און ווי אַזוי ער איז געקומען צו ליובאַוויטש.

וועלוול גרין איז געבוירן געוואָרן אין וויניפעג, קאַנאַדע, אין אַ פרייער אידישער היים. דער טאַטע, אַ מיטגליד פון פועלי ציון האָט אים געגעבן אַ וועלטליכע אידישע דערציאונג. אברהם גאלאמב איז געווען זיינער אַ לעהרער. ער האָט אויסגעשטודירט אויף מיקרא־ביאָלאָגיע און איז אין 1949 געקומען קיין אַמעריקע. נאָך דער חתונה מיט אַ מיידל פון אַנ׳אַסימילירטער היים אין 1956 האָבן זיי געלעבט אין קאַליפאָרניע און דורך דער צייט זיינען זיי געבענטש געוואָרן מיט פינף קינדער, צוויי מיידלעך און דריי אינגלעך.

די ענדערונג אין זיין לעבן און אין לעבן פון זיין גאַנצער פאַמיליע איז געשעהן אין 1963 אין מינעאַפּאָליס, מינעסאָטאַ, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן פאַר פּראָפעסאָר אין דער אָרטיגער אוניווערזיטעט. דאָ אין מינעאַפּאָליס האָט ער זיך באַקענט מיט דעם שליח פון ליובאַוויטשער רבי׳ן, אַנ׳אַמעריקאַנער חסיד מיט׳ן נאָמען משה פעלער, און ס׳האָט לאַנג ניט גענומען און דער 36 יאָריגער פּראָפעסאָר האָט פאַר זיך דערזעהן אַ נייע וועלט, אַ אידישע וועלט. ער האָט דערהערט די עשרת הדברות און דער־זעהן דעם פלאַקער פון באַרג סיני.

ווען זיין פאָטער האָט זיך דערוואוסט אַז זיין זון איז געוואָרן

אַ ליובאַוויטשער חסיד, האָט ער אים געזאָגט „דו האָסט גוט געטאָן מיין זון... דער ליובאַוויטשער רבי איז אַ פיינער איד״...

וועלוול גרין איז געווען זייער געטריי זיינע טאַטע־מאַמע כל זמן זיי האָבן געלעבט און זיי געבראַכט בלומען יעדן ערב שבת.

היינט האָבן פּראָפעסאָר גרין און זיין פרוי, אַנ׳אָפּעראַ זינגערין, אידישן נחת פון זייערע קינדער. איין אינגל לערנט אין דער ליובאַוויטשער ישיבה אין מאָנטרעאַל, די צוויי אַנדערע לערנען אין שיקאַגאָ, און אַ טאָכטער לערנט אין ישראל.

ער וואָלט בעסער געוואָלט זיין אין ישראל איידער ביים באַנקעט אין ניו־יאָרק, אָבער ער איז, זאָגט ער, אַ סאָלדאַט אין דעם ליובאַוויטשער רבינ׳ס אַרמיי און דער רבי האָט געהייסן זיין ביים דינער.

ס׳איז ווירקליך געווען פאַר מיר אַ פרייד צו באַגעגענען זיך מיט אַזאַ איד ווי פּראָפעסאָר וועלוול גרין, און ניט ווייניגער פרייד איז עס פאַר מיר געווען צו פילן אַ שותפות אין דער הייליגער אַרבייט פון ליובאַוויטש וואָס ברענגט אַריין אין אונזער אידישער אַרמיי אַזעלכע באַוואוסטזיניגע סאָלדאַטן.





**דר. וועלוול גרין מיט יעקב האפמאן ביים דינער פון די ליובאוויטשער ישיבות**



**ביי א דינער פון די ליובאוויטשער ישיבות.**

פון רעכטס צו לינקס: הרב ר׳ שמרי׳ גוראַרי, פירער פון די ליובאוויטשער ישיבות, יעקב האפמאן און זיין זון הערבאַרט.

# חבר מאיר בראון

איך קען ניט פארבייגעהן און ניט דערציילן אין מיינע דעראינערונגען וועגן חבר מאיר בראון, דעם פאטער פון נאציאנאלן ארבייטער פארבאנד.

ער איז געווען ניט נאר איינער פון די איידעלסטע פערזענליכקייטן וואס די באוועגונג האט פארמאָגט דאָ אין אמעריקע. ער האט אויך פארנומען א חשוב אָרט אין דער ציוניסטישער וועלט באוועגונג, זייענדיג אינגאנצן איבערגעבן צום אידישן פאלק און דער נאציאנאלער היים, ארץ ישראל.

זיין פועלי־ציוניזם איז געווען באזירט אויף אהבת ישראל און אויף אידישער עטיק, אויף אידישן יושר און צדק. דאס טראדיציאנעל־אידישע האט ער מיטגעבראכט מיט זיך פון דער אלטער היים, און די גרינדונג פון „פארבאנד״ איז געווען זיין בייטראג צו פארהיטן די אריינשטראָמענדע אידישע אימיגראנטן פון ווערן פארלוירן און צוריבן אונטער די רעדער פון אמעריקאנער שמעלץ־טאָפּ.

א סך פון די ערשט אנגעקומענע אידישע וואָנדערער זיינען טאקע פארלוירן געגאנגען און האבן זיך אוועקגעלאזט אויף פרעמדע וועגן און שטעגן. דורך דעם „פארבאנד״ זיינען אבער גאר א סך אפגעראטעוועט געווארן און זיינען געליבן טרייע אידן און ציוניסטן. דער פארבאנד האט זיי געגעבן א ציוניסטישן אדרעס, א ציוניסטישן אינהאַלט און אָנהאַלט.

איך האב געהאט די פריווילעגיע צו זיין זייער נאָהנט באפריינדעט מיט חבר מאיר בראון און אויך מיט זיין ברודער וועלכער האט געוואוינט אין קראון הייטס געגענד פון ברוקלין און איז געווען א

לעהרער אין דער קראון הייטס ישיבה וואו מיין זון האט געלערנט אין זיין קלאַס.

ווען מאיר בראון איז געשטארבן האט זיין ברודער געזאגט קדיש אין ברוקלין דזשואיש סענטער וואו מיר האבן ביידע צוזאמען געדאווענט.

מאיר בראון באלאנגט אין דער גאלעריע פון די בויער און באפעסטיגער פון א אידיש לעבן אין אמעריקע.




**„פארבאנד״-פרויען פאר קופת חולים. דריי פון די פירענדע פרויען אין דער באוועגונג פרעזענטירן א טשעק פאר קופת חולים, צו יעקב האפמאן, טרעזשערער פון קאמפיין.**

פון רעכטס צו לינקס: גנענדל באנטשעק, פרעזידענטין פון דער פרויען דיוויזיע, יעטא גאלדשטיין, טרעזשורער, האפמאן און הילדא לאסטער, סעקרעטארין.

# דר. יהודה שאפירא, א לעהרער און א וועג־ווייזער

דר. יהודה שאפירא, דער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, איז אַ אינטערעסאַנטע און באַליבטע פערזענליכקייט אין דער גאַנצער אידישער וועלט.

זיין פאָטער ע"ה איז געווען פרינציפאל פון דער ערשטער כנרת טאָג־שול אויף 1267 איסטערן פּאַרקוויי, ברוקלין, בעת איך בין געווען פרעזידענט פון דער שולע, און ניט קיין וואונדער וואָס פון אַזאַ שיינער, שטאָלצער אידישער היים איז אַרויסגעקומען אַזאַ שיינע, צובליטע בוים.

דר. שאפירא איז אַ באַוואוסטער געלערנטער, שריפט־שטעלער, לעקטאָר און פּראָפעסאָר וועמען מיר איז אויסגעקומען צו זעהן און הערן אויף פילע אונטערנעמונגען פון דער באַוועגונג וואָס ער פירט אָן און וואו איך בין אַ לאַנג יאָריגער מיטגליד.

ס'איז אַלעמאָל אַ פאַרגעניגן צו הערן אים ווי ער שילדערט די אַקטיוויטעטן און די ראָליע פון דער הסתדרות אין ישראל, פאַר צוזאַמענקונפטן פון אַמעריקאַנער אַרבייטער־פירער.

ער איז אויך אַ פּאָפּולערער קאָמענטאַטאָר אויף ראַדיאָ סטאַנציע דאַבעליו. אי. ווי. די. און זיינע באַלייכטונגען פון די נייעס פון טאָג ווערן אויפגענומען מיט גרויס דאַנקבאַרקייט אין טויזענטער אידישע היימען.



**דר. יהודא שאפירא (לינקס) מיט זיין פריינט יעקב האפמאן**

# א מערקווירדיגע געשיכטע מיט א מיידל פון באסטאן

ווען אימיצער וואלט מיר דערציילט די דאזיגע געשיכטע וואלט איך עס אנגענומען פאר אנ׳אויסטראכטעניש, פאר א ווילדער פאַנטאַזיע.

אבער אזוי ווי דאס האט פאסירט מיט מיר אליין, קען איך עס ניט אָפּלייקענען, און אויך דער לייענער מעג מיר גלויבן אז יעדעס ווארט איז כולו אמת.

ס׳איז א געשיכטע פון דער אידישער אמעריקע פון היינט. אט לייענט און שטוינט, פונקט ווי איך האב געשטוינט ביים צוקוקן די דראַמע אין דערווירקליכקייט פון לעבן.

דער אָנפאַנג פון דער מעשה איז אין א פרייטאג צו־נאכט פון זומער 1973, נאך קבלת שבת, אין דער לאַבי פון ברוקלין דזשואיש סענטער. אלע מתפללים זיינען שוין ארויס פון שוהל, און אויף א באַנק איז געבליבן זיצן א יונגע שיינע מיידל. ווער איז זי? . . . ווי קומט זי דאָ אין סענטער? . . .

איך בין צו איר צוגעגאנגען, געזאגט גוט־שבת, און איר אויפגעקלערט אז זי קען דאָ ניט בלייבן איינע אליין, מיט די צוויי גויים וואס פאַסן־אויף אויף דער געביידע. זי האט מיר געפּאָלגט און געזאגט אז זי וועט גיין קיין ליובאוויטש, קיין 770 איסטערן פארקוויי, א בלאָק אוועק פון סענטער.

איך בין געווען צופרידן וואס זי האט א שייכות מיט ליובאוויטש און פארשטאַנען אז זי איז מסתמא איינע פון די פילע אנדערע בעלי

תשובות וואס זוכן זיך אָפּ און ווערן ארויפגעפירט אויף א דרך הישר דורך די ליובאוויטשער.

אויף מארגן שבת צו־נאַכט נאך הבדלה, גייען מיר ווידער אלע ארויס פון שוהל, און די זעלבע שיינע מיידל זיצט אויף דער זעלבער באַנק אין לאבי פון סענטער. כ׳בין צו איר ווידער צוגעגאנגען און איר אויפגעקלערט אז זי קען דאָ ניט בלייבן איינע אליין.

כ׳האב אבער געזעהן אז זי איז אין א פארצווייפעלטער שטימונג. טרערן האבן זיך איר געוויזן אין די אויגן. כ׳האב אויך באמערקט אז זי איז זייער אָרים געקליידעט.

אזוי ווי איך האָב אין הויז אנ׳אלמער מיט שיינע פרויען־קליידער, פון מיין פרוי און פון מיין טאכטער, האב איך איר געבעטן ארויפצוקומען און אויסקלייבן זיך וואס פארא מלבושים זי וויל.

— פארוואס דינגסטו ניט קיין צימער פאר זיך ? — האב איך איר א פרעג געטאן.

— ווייל איך האב ניט מיט וואס צו באצאלן — האט זי געענטפערט מיט אראפגעלאזטע אויגן פון וועלכע ס׳האבן גערונען טרערן.

— וויפיל קאָסט דינגען א רום ? . . . האב איך איר ווייטער געפרעגט.

— 40 דאלאר א חודש — האט זי געענטפערט.

כ׳האב איר געגעבן 40 דאלאר און איר געזאגט אז זי קען דאס מיר צוריקצאלן ווען זי וועט קענען. אויב דו וועסט זיך נויטיגן אין נאך הילף, קענסטו מיר טעלעפאנירן און איכ׳ל דיר העלפן, האב איך איר געוואונטשן א גוטע נאכט און זי איז אוועק, ווארשיינליך צו באצאלן פאר׳ן צימער וואס זי האט געזאָלט דינגען אבער ניט געהאט מיט וואס צו באצאלן.

דריי און א האַלב יאהר שפּעטער, ווען אונזער סצענע טראגט זיך אריבער פון איסטערן פּארקוויי קיין בארא פּארק.

מוצאי שבת דעם 8־טן יאנואר, 1977, בין איך געווען דער ערן־גאסט אויף א מלוה מלכה פון דער ישיבה ומתיבתא באר שמואל, איינע פון די שיינע חנוך־אינסטיטוציעס וואס ברוקלין פּארמאגט. כ׳האב באזוכט פריער די ישיבה, געזעהן די קלאסן, ווי מען לערנט מיט קינדער, און געווען צופרידן צוצולייגן א האנט און א פּלייצע צו העלפן דערציען אידישע דורות.

ווי עס פּירט זיך אויף אזעלכע סארט פונקציעס צו לויבן און באזינגען דעם ערן־גאסט פון וועלכן מען האָפט בשכר זה צו קריגן א שענערע ביישטייערונג, הער איך ווי דער רעדנער, הרב ר׳ חיים צבי קרוגער, א באוואוסטער רב וועלכער פארנעמט זיך מיט פראגן פון הייראט און גט׳ן און שווער פון דעם ראש ישיבה פון „באר שמואל״, רעכנט אויס צווישן מיינע פילע שבחים (ווייט פון נוסח פון בלויז מקצת שבחו בפניו), אז איך האב געהאלפן אנ׳עלענדע מיידל פון באסטאן וואס איז געווען אין גרויס נויט.

כ׳האט שוין געהאט פארגעסן די געשיכטע מיט דער מיידל. הרב קרוגער האט מיט זיין דערציילן אביסל אָפּגעפרישט מיין זכרון, אבער כ׳האט מיר געוואונדערט פונוואנען ער ווייס די געשיכטע.

אין אמעריקע אויף א מלוה מלכה אדער א דינער, צוגעהען זיך אלע גלייך נאכ׳ן „אפיל״ און ס׳איז „וישכחהו״ ביז׳ן נעקסטן דינער אדער מלוה מלכה. אזוי איז אויך געווען נאך יענער מלוה מלכה אין בארא פּארק. כ׳האב מיר געאיילט צו גיין אהיים און אפילו ניט געהאט קיין געלעגנהייט צו פרעגן ביי הרב קרוגער פונוואנען ער ווייס די געשיכטע מיט דער מיידל.

דעם קומענדן מאנטאג נאך דער מלוה מלכה, יאנואר דעם 10־טען, דערציילט מיר דער „סופער״ פון מיין הויז, 706 איסטערן



**אויף דער מלוה מלכה פון דער ישיבה „באר שמואל״ אין בארא פארק. צוזאמען מיט בארימטע רבנים און ראשי ישיבות, לכבוד מר. האפמאן (2־טער פון רעכטס).**
דער צווייטער פון לינקס איז הרב ר׳ חיים קרוגער, באוואוסטער רב, דער גאסט רעדנער פון אוונט.





פורים אין ארץ ישראל, מיט פארשטעלטע קינדער

פארקווײ, אז א שײנער יונגערמאן איז דא געװען בײטאג און זיך נאכגעפרעגט אויף מיר. אזוי ווי איך בין ניט געווען אין הויז, האט דער יונגערמאן איבערגעלאזט פאר מיר א קאָנווערט מיט א בריוו.

איך עפען אויף דעם בריוו און געפין אינווייניג א טשעק אויף 250 דאלאר פאר דער ישיבה „באר שמואל״, צוזאמען מיט א בריוו אין ענגליש און העברעאיש, אז דאס איז א ביישטייערונג פאר דער ישיבה אויפ׳ן נאמען פון יעקב האפמאן, „פון מיר, די געוועזענע מיידל פון באסטאן וועלכער דו האסט געהאלפן מיט דריי און א האלב יאהר צוריק . . . איך בין גליקליך פארהייראַט און האב א פיינעם מאַן און צוויי שיינע קינדערלעך״ . . .

ווער איז פאַרט די מיידל ? . . . ווי קומט זי צו דער מלוה מלכה אין בארא פארק ? . . . איך האב געלייענט דעם בריוו איין מאל און נאכאמאל און געטראכט ביי זיך וואס פארא טייער פאלק אידן זיינען און ווי אומפארשטענדליך פאר אונז עס זיינען די וועגן פון ג־ט׳ס פירן זיין וועלטל.

אבער ווער איז פאַרט די געוועזענע מיידל פון באסטאן ? . . .

אזייגער 7 אין אָוונט, דעם זעלבן מאנטאג יאנואר דעם 10־טען, קלינגט דער גלעקל פון מיין טיר. איך גיב א קוק דורכ׳ן שפּאַלט אין טיר און זעה יא און זעה ניט. זאל עס טאקע זיין די מיידל פון באסטאן מיט איר משפחה ? . . .

ווי נאָר איך האב געעפנט די טיר און געזאגט „העלאו״ האט זי מיר א פרעג געטאן : דערקענסט די מיידל וואס איז געזעסן אין לאָבי פון ברוקלין דזשואיש סענטער מיט דריי און א האלב יאהר צוריק ? . . . דאס איז מיין מאַן און מיינע צוויי סאַבערלעך . . .

אלע האבן זיך מיט מיר ארומגעכאַפּט און מיר געקושט. ווי א טאטע׳ן און א זיידע׳ן און געדאנקט פאר דער פריינדשאַפט וואס איך

האב ארויסגעוויזן צו אנ׳עלענדער מיידל וואס האט ניט געהאט קיין אייגענע 40 דאלאר צו באצאלן פאר א צימער.

האָסט דערהאַלטן די קארטלעך וואס איך האב דיר געשיקט פון ישראל און פון אנדערע פלעצער? ... האט זי געוואלט וויסן.

דעם אמת געזאגט האב איך מסתמא ניט געוואוסט פון וועמען די קארטלעך קומען און האב זיי ערגעץ־וואו פארלייגט. איך האב איר באדאנקט פאר געדענקען א פריינדשאפט, אפילו אויב דאס איז פון אנ׳אומבאקאנטן פריינד, און האב זיי אלעמען מכבד געווען מיט פרוכט און געטראנק, און צוזאמען מיט די יונגע, גליקליכע עלטערן אנגעקוואָלן פון זייערע צוויי שיינע פרינצעסינס, 2 יאהר און 1 יאהר אַלט.

און זיצענדיג יענעם אָוונט ביי מיר אין הויז האט זיך אויפגעוויקלט די גאנצע געשיכטע מיט דער מיידל פון באסטאן.

דער מאן איז א געוועזענער ישיבה־בחור פון ניו־יארק וואס איז אוועק שטודירן אין באסטאן וואו ער האט זיך באקענט מיט א שיינער קריסטליכער מיידל, א סטודענטקע אין זעלבן קאלעדזש. זיי האבן זיך פארליבט איינער אין צווייטן, אבער דער בחור האט געזאגט אז ער קען אפילו ניט טראכטן וועגן חתונה האבן, איידער זי וועט ווערן א אידישע, און א אידישע אויף אנ׳אמת. אויף דעם בחור׳ס עצה איז זי געקומען קיין ברוקלין, צו די ליובאוויטשער, און זיך געוואלט פארשרייבן אין דעם מיידל־אינסטיטוט פאר פרייע מיידלעך וואס ווילן ווערן פרום.

די מיידל איז געווען שטארק פארליבט און איז געווען גרייט צו פאָלגן אלץ וואס ער האט פון איר פארלאנגט. זי איז געקומען אין ליובאוויטש, אויף איסטערן פארקוויי, אבער ס׳איז ניט לייכט — זאגט זי — פאר א קריסטליכע מיידל וואס וויל זיך מגייר זיין. מען

האט איר אָפּגערעדט, מען האט איר ניט צוגעלאָזט צו א שבת׳דיגן טיש אויס מורא אז זי וועט זיך אָנריירן אין די וויין. אפילו אין שוהל האט מען איר ניט ארויסגעוויזן קיין פריינדשאַפט, און דערפאר איז זי אריין אין סענטער וואו זי איז געווען נאך איינע צווישן די פרויען־דאוונערינס.

זי האט אבער געוואוסט פון פריער אז אזוי פארלאַנגט דער אידישער דין ווען א ניט־איד וויל זיך מגייר זיין, און זי איז געבליבן פאר׳עקשנ׳ט און אַנטשלאָסן. זי איז בייגעשטאנען אלע שווערקייטן און אויסגעהאַלטן, ביז, ביז ענדליך, די ליובאוויטשער האבן זיך איבערצייגט אז זי וויל ווערן א גיורת אויף אנ׳אמת. זי איז אריינגענומען געווארן אין דעם מיידל־אינסטיטוט און זיך אויסגעצייכנט בעסער ווי א סך אידישע מיידלעך.

עס האט ניט גענומען לאַנג און א בית־דין פון רבנים האט גוטגעהייסן איר מגייר זיין זיך. זי איז געווען אין מקווה און גענומען אויף זיך צו זיין א גוטע און פרומע אידישע טאכטער, און נאך דער חתונה מיט איר געוועזענעם ישיבה־בחור פון ניו־יארק, זיינען זיי ביידע אוועקגעפארן קיין ארץ ישראל און געדונגען א דירה אין מאה שערים.

קיין אמעריקע זיינען זיי איצט געקומען אויף א באזוך צו דעם מאנ׳ס עלטערן וועלכע זיינען שטיצער פון דער ישיבה „באר שמואל״, און טאקע ביי זיי אין הויז האבן זיי געזעהן די איינלאַדונג צו דער מלוה מלכה מיט מיין בילד, און זיי האבן באשלאָסן אז זיי מוזן פערזענליך קומען צו דער מלוה מלכה און אויך געבן א ביישטייערונג פאר דער ישיבה אין מיין כבוד וועגן.

אזוי ווי זיי קענען הרב קרוגער׳ן פון פריער נאך, האבן זיי אים טעלעפאנירט און אים געבעטן צו דערמאנען אין זיין רעדע אז יעקב האפמאן האט געהאָלפן אנ׳עלענדע מיידל פון באסטאן.

ביי דער מלוה מלכה האט זי צוליב דער מחיצה ניט געהאט קיין געלעגנהייט צוצוגעהן צו מיר, איז זי דעריבער איצט געקומען מיט דער גאנצער משפחה צו מיר אין הויז און מיר באַדאַנקט און דערציילט אין פריידן אלץ וואס זי איז דורכגעגאנגען ביז זי איז געווארן א אידישע טאכטער און א גליקליכע אידישע פרוי און מאמע.

געוויינליך גלויבן מיר דאך אז פאר גוטע מעשים באצאלט מען דער עיקר אויף יענער וועלט.

פאר מיין גוטער טהאַט פאר דער עלענדער מיידל פון באסטאן האב איך געקראגן מיין שכר שוין דאָ אויף דער וועלט, זיצענדיג יענעם מאנטאג אָוונט און זעהן ווי זי און איר מאַן שיינען ביידע פון גליק.



**האפמאן מיט קינדער פון דער ישיבה.**
דער „פלאק״ אף׳ן וואנט איז אין כבוד פון בעלא האפמאן.

# ר' יעקב האפמאן אויף מלוה מלכה פון ישיבה ומתיבתא באר שמואל, דעם מוצאי שבת

ר' יעקב האפמאן, דער באַוואוסטער תורה־מעצענאט און פילאַנטראָפּ, וועט דעם מוצאי־שבת באַערט ווערן מיט'ן אַוואַרד פון „כתר תורה" אויף דער מלוה מלכה פון דער ישיבה ומתיבתא באר שמואל וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין מנורה־האַל, 5000 14־טע עוו., באָראָ פּאַרק, ברוקלין. מר. האַפמאַן איז אַן איבערגעבענער פריינד פון דער ישיבה וואו ער איז נאָך לעצטען יאָר געוועזן אויף אַ פּערזענליכען באַזוך און האַט אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פאַר דעם שיינעם חנוך וואָס די קינדער באַקומען דאָרט, ווי אויך פון דער גשמיות־דיגער אויפמערקזאַמקייט וואָס ווערט געגעבען יעדען קינד, מיט נאַרהאַפטע פיינע מאָלצייטן טעגלעך.

די ישיבה באר שמואל וועט אים אויסדריקען דעם מוצאי־שבת גרויס אָנערקענונג פאַר זיין פריינדשאַפט, באַזונדערס פאַר זיין אויפריכטען און באַנייען דעם בית מדרש פון דער ישיבה, אין אָנדענק פון זיין ג־טזעליגער פרוי ע"ה.

ערן גאַסט פון דער מלוה מלכה וועט זיין איינער פון די מייסדים פון דער ישיבה באר שמואל און פון אירע נאָענטסטע און איבערגעבענסטע פריינד און שטיצער, ר' מרדכי יוסף הכהן קנאָפּף, אין אָנערקענונג פון זיין אומערמידליכער הילף פאַר דער ישיבה דורך דער גאַנצער צייט זינט איר גרינדונג.

אַוואַרדס וועלען אויך פרעזענטירט ווערען צו די חשוב'ע עסקנים און חובבי תורה: ר' יצחק קירזנער, „תומך תורה"; און ר' אברהם מאַנן, „עמוד החסד". טשערמאַן איז דער באַוואוסטער עסקן און חובב תורה ר' אברהם וויינבערגער.

די ישיבה ומתיבתא באר שמואל האָט זיך קונה שם געווען אַלס איינע פון די חשוב'סטע מוסדות התורה אין לאַנד. פיל אונסדאָרפער תלמידים ווי אויך פריינד פון דער ישיבה און די הונדערטער עלטערן וועלען זיך צוזאַמענקומען צו דער פייערליכער מלוה מלכה.

די ישיבה באר שמואל איז באַזונדערס באַקאַנט מיט די הונדערטער תלמידים וואָס זענען אַרויסגעקומען פון דעם חשוב'ן מקום תורה און איז היינט אויך מפורסם מיט אירע תלמידים וועלכע זענען גרויסע בני תורה און ווערען פאַררעכענט צווישען די חשוב'ע לומדים אין די ישיבות גדולות.

# רביצין אסתר יונגרייז און ,הנני׳

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי אַזוי איך האָב זיך באַקענט מיט דער ,הנני׳ — באַוועגונג און פערזענליך מיט רביצין אסתר יונגרייז, די גרינדערין און אָנפירערין פון דער באַוועגונג וועלכע האָט אומגעהויערע פאַרדינסטן פאַר דער גייסטיגער רעטונג פון טויזנטער אידישע יוגענטליכע.

אַזוי ווי מיינע שוועסטער־קינדער און זייער פאַמיליע זיינען אַקטיוו אין ,הנני׳, האָבן זיי מיר איינגעלאַדן צו אַ דינער פון דער באַוועגונג. רביצין יונגרייז האָט זיך אָפּנים פון מיינע קרובים דער־וואוסט וועגן מיין חזנ׳ישן טאַלאַנט און זי האָט מיר מכבד געווען צו אָנפירן מיט׳ן בענשן. דער עולם האָט זעהר פיין מיטגעזונגען דעם בענשן און איך בין זינט דאַן אַ שטענדיגער אַנטיילנעמער אין אַלע מסיבות פון ,הנני׳.

רביצין יונגרייז, די מאַמע פון ,הנני׳, איז אַ פרוי וואָס האָט איר עקשנות און טאַלאַנט פאַרווירקליכט אַ גרויסע אידעע וואָס האָט געראַטעוועט פילע אידישע נשמות פון אַסימילאַציע. מיט איר באַשיידענקייט, מיט איר אידישן חן, מיט איר דינאמיזם, באַגייסטערט זי אירע צוהערער. 20 טויזנט אידן האָבן מיט באַגייסטערונג איר געהערט אין מעדיסאָן סקוועיר גאַרדען און זיינען בעאיינדרוקט געוואָרן.

איר סטיל פון ריידן, איר אַפּעלירן, איר פאָרמולירן אַ געדאַנק, איז פול מיט ערנסט, פאַטאָס און דראַמע. ווען זי רעדט הערשט אַ שטילקייט אַרום און אַרום. אַלעמענ׳ס געדאַנקען זיינען קאָנצענטרירט אויף אירע רייד.

זי רעדט פון האַרצן און גרייכט די הערצער פון אירע צוהערער ווען זי פירט אַריין אין העכערע ספערן.

איך באַטראַכט עס פאַר אַ זכות און אַ פּריווילעגיע צו האָבן די מעגליכקייט צו זיין אַ מיטאַרבייטער און מיטהעלפער אין איר באַוועגונג.



האפמאן מיט אסתר יונגרייז

# די באלפור דעקלאראציע

גלייך נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע האָט זיך אָנגעצונדן אַ פייער פון ציוניזם אין אידישע הערצער.

איין קליינעקייט, אידן וועלן ענדליך קריגן צוריק זייער היים־לאַנד ! . . .

שוין לאַנגע יאָר־הונדערטער ווי מיר זיינען מתפלל און בעטן ,כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים׳. יעדער איד וואַרט מיט האָפנונג און אומגעדולד צו האָבן אַ פרייע אידישע מדינה וואו אונזערע ברידער און שוועסטער וועלן לעבן ווי פרייע מענשן אין אונזער אויס־געבענקט לאַנד.

און איצט, האָבן זיך מיינע געדאַנקען געוועבט, וועט דאָס אַלץ געשעהן אין דער ווירקליכקייט ? . . . שוין מער ניט קיין חלום ? . . . וועלן טאַקע די שונאים וואָס האָבן אַזוי לאַנג פאַרגאָסן אונזער בלוט, וועלן זיי טאַקע איינזעהן די גערעכטיקייט פון אידישן פאָלק׳ס צוריק־קומען צו זיין היים ? . . .

גלייך נאָך דער לעצטער מלחמה האָב איך פאָרענדיג פון ישראל זיך אָפגעשטעלט אין פאַריז און בין געווען אַ בעלן צו פאָרן קיין ווערסאַי וואו דער שלום פון דער ערשטער וועלט מלחמה איז אונטערגעשריבן געוואָרן. כ׳האָב געזעהן דעם גרויסן עס־צימער וואו העגרי דער קעניג האָט געהאַט זיין וואוינונג, אויך דעם גרויסן הויף מיט אַ סך הייזער און פערד. איך האָב זיך גוט איינגעקוקט אין דעם טיש אויף וועלכן דער שלום אָפּמאַך איז אונטערגעשריבן געוואָרן און וואו ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן די באַלפור דעקלאַ־ראַציע.

די גאַנצע אידישע וועלט האָט דאַן גראַטולירט לאָרד באַלפור׳ן פאַר זיין נאָבעלער פריינדשאַפט צו אידן, און קוקענדיג איצט אויפ׳ן דיפּלאָמאַטישן טיש האָב איך געטראַכט אַז ס׳איז געקומען די צייט צו נעמען זיך צו דער אַרבייט פאַר אונזער היימלאַנד און צו באַנייען דאָס וואָס איך האָב אָנגעפאַנגען אין דער אַלטער היים, אין דער קליינער פּוילישער שטעדטל, רוטקע.

איך האָב דאַן ניט גערוהט. די באַלפור דעקלאַראַציע האָט מיר געוועקט און גערופן, מיר און אויך אַלע אַנדערע אידישע יוגענטליכע.

איך געדענק ווי היינט ווי יאַנקל דער שמיד ווען ס׳איז ניט געווען צום האַרצן אונזער ציוניזם, פלעגט זיך מיט אונז רייצן און זאָגן: „ווען מען פירט אַריין חתן־כלה פון דער חופה אין שיינעם זאַל אַריין, טרייבט מען אַרויס די אינגלעך וואָס זיינען זיך פריער אָנגע־לאָפן״ . . .

די עלטערע אידן האָבן זיך ווייניג וואָס געקימערט וואָס עס קומט פאָר אין דער אידישער וועלט, אָבער די יוגענד האָט אין יעדער שטעדטל אָנגעפאַנגען צו טאָן לויט אירע מעגליכקייטן. אין רוטקע בין איך געווען דער ,בעל דבר׳, ווייל איך האָב געהאַט צייט און געדולד וואָס די אָרגאַניזיר־אַרבייט האָט געפאָדערט, און דער עיקר ווייל איך האָב באַגריפן די היסטאָרישקייט פון גרויסן מאָמענט.

מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ ציוניסטישן קלוב פאַר ציוניסטישע אַקטיוויטעטן און אויך געגן די פּוילישע אַנטיסעמיטן וועלכע האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער די אידן און אָנגעטאָן צרות. מיר זיינען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט גרעסערע שטעדט פונוואַנען מיר פלעגן באַקומען אינסטרוקציעס און אויך זשורנאַלן מיט באַריכטן פון אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער ציוניסטישער וועלט.

קומענדיג אין אַמעריקע בין איך פאַרוויקעלט געוואָרן אין




אין ווערסאי ביים היסטארישן פאלאץ וואו דער שלום נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה איז אונטערגעשריבן געווארן. יעקב האפמאן איז אין צענטער פון בילד (מיט די שליאפע אין האנט).

אייגענע שווערע פּראָבלעמען און אַביסל מסיח דעת געווען פון מיין ציוניסטישער אַרבייט, אָבער דער היסח הדעת האָט ניט געדויערט לאַנג. ווי נאָר איך בין באַפרייט געוואָרן אַביסל פון די דאגות הפרנסה האָב איך זיך צוריק פאַרבונדן, גייסטיג, מאָראַליש און פינאַנציעל מיט אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ארץ ישראל.

מיין באַזוך אין ווערסאַי האָט מיר נאָך מער צוגעבונדן צו מיין יוגענטליכן ציוניזם, איבערהויפּט נאָך ווען די אידישע וועלט האָט געהאַט דורכגעמאַכט אַזאַ שרעקליכן חורבן און אונז געוויזן מער ווי ווען עס איז פריער אַז מיר מוזן האָבן אונזער אייגענע היימלאַנד.

אַ גרויסע ראָליע אין מיין ציוניסטישער דערוואַכונג און באַנייאונג האָט געשפּילט דער ברוקלין דזשואיש סענטער אויף איסטערן פּאַרקוויי. די טריבונע פון סענטער האָט רעאַגירט אויף אַלץ וואָס איז געשעהן אין דער אידישער וועלט. אַלע פּראָבלעמען זיינען דאָרט דעבאַטירט געוואָרן פון די איינפלוסרייכע און אָנגעזעענסטע אידישע פערזענליכקייטן. די פּאָרומס פון סענטער האָבן צוגעצויגן אינטעליגענטע אידן פון גאַנץ ניו יאָרק וועלכע האָבן געוואָלט זיין אינפאָרמירט פון דער ערשטער האַנט איבער אַלץ וואָס געהט פאָר. איך אַליין האָב זיך אויך באַמיט ניט צו פאַרפעלן קיין איין פאָרום, איבערהויפּט ווען עס זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אונזערע טענות צו דער וועלט, די טענות וואָס די אָפּיציעלע פירער פון אַמעריקאַנער אידענטום האָבן ליידער דאַן פאַרשוויגן אויפ׳ן פאַרלאַנג פון פּרעזידענט רוזוועלט.

פּרעזידענט רוזוועלט האָט מורא געהאַט אַז טאָמער וועט ער דערלויבן אַ שיף מיט 900 אידישע וואַנדערער אַרויפצושטעלן אַ פוס אויפ׳ן אַמעריקאַנער באָדן, וועט אַמעריקע פאַרלירן די מלחמה געגן היטלער׳ן. ער האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די אידישע פירער וועלכע זיינען געבליבן שטום און אומבאַוועגליך. דאָס איז ליידער אַ טרויעריגע געשיכטע וואָס טאָר קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

איך דערמאָן בלויז אַ טייל פון די נעמען פון די וואָס זיינען אויפגעטראָטן אין סענטער; גאָלדע מאיר, דוד בן גוריון, דאָקטאָר חיים ווייצמאן, פּראָפעסאר אַלבערט איינשטיין, נחום סאָקאָלאָוו, רבי גאָלדמאן, חיים נחמן ביאַליק, נחום גאָלדמאן, סטיפען ווייז, אונזער אייגענער ראַבאַי לעווענטהאל, מאַרטין בובער, דר. אבא הלל סילווער, פּראָפ. זעליג בראָדעצקי, סעמיועל האוזמאן. זיי און נאָך פילע אַנדערע אנשי שם האָבן פון דער טריבונע פון סענטער געשטורעמט געגן אַ וועלט מיט שונאים און געמוטיגט אונז אידן ניט צו פאַרלירן די האָפנונג און אָנגעהן און פאַרשטאַרקן אונזער אַרבייט פאַר׳ן ציוניזם.

מיין נאָהענטקייט צום ציוניזם האָט מיר געמאַכט פאַר אַן׳עד ראיה צו אַ היסטאָרישן מאָמענט, צו שטעהן לעבן דר. חיים ווייצמאן אין דער נאַכט פון שבת, דעם 29־טן נאָוועמבער, 1947, נאָך דער אָפשטימונג אין לעיק סוקסעס פאַר אַ אידישער מדינה.

געווען איז עס אויף אַ ריזיגער מאַסן־פאַרזאַמלונג אין סיינט ניקאלאס ארענא ביי דער ערעפנונג פון דער 24־טער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן פון דעם ישראל הסתדרות קאַמפּיין אין אַמעריקע און קאנאדא, און עמיצער האָט צוגעטראָגן דר. ווייצמאנ׳ען אַ פּאַפּיר צו לייענען. די אויגן האָבן אים שוין דאַן ניט געדינט צו גוט ביים לייענען, אָבער טרערן האָבן זיך פון זיינע אויגן געגאָסן ווי פון אַ טייך.

אין דרויסן זיינען געשטאַנען טויזנטער מענשן וואָס האָבן ניט געקענט אַריינגעהן אינוויינינג. ס׳איז געווען אַ שטאַרקע איבערלעבונג צו שטעהן לעבן דעם קומענדיקן ערשטן פּרעזידענט פון ישראל. ער האָט אַריינגעלייגט די פּאַפּיר אין קעשענע און לייכט אַ וויש געטאָן די טרערן אין די אויגן.

די אידישע מדינה איז געבוירן געוואָרן אין מזל׳דיקער שעה.

# מיין ערשטע באגעגעניש מיט גערעטעטע משפחה אין ישראל

נאך דעם וואָפנשטילשטאַנד פון דער מלחמת השחרור בין איך געווען צווישן די ערשטע טוריסטן פון אמעריקע צו פאָרן קיין ישראל.

ערשטנס האט מיר געצויגן ווי מיט א מאַגנעט אָנצוקוקן די אויסגעבענקטע און אויסגעקעמפטע אידישע מדינה. אלע מיינע יונגע יארן אין אסטראווע און רוטקע זיינען געווען אנגעפילט מיט ציוניסטישע ארבייט און א בענקשאפט צו פאָרן קיין ארץ ישראל. אויך אין אמעריקע בין איך מיט מיין האַרץ און נשמה געווען אין ארץ ישראל און כ׳האב געארבייט געטריי און איבערגעבן צו שטארקן די ציוניסטישע באַוועגונג. היינט, ווי קען מען עס איינזיצן רוהיג און ניט לאזן זיך אין וועג אריין קיין ארץ ישראל ? . . .

צווייטנס האב איך געגאַרט צו זעהן מיין עלטערע שוועסטער ענע׳ס א גערעטעוועטן זון און זיין פאמיליע. ענע און איר מאן און קינדער, מיטן אויסנאם פון דעם איינציגן גערעטעוועטן זון, זיינען אלע אומגעבראכט געווארן פון די נאציס. איז מיר פשוט אויסגעגאנגען די נשמה צו זעהן די גערעטעוועטע האלאוועשקעס פון מיין גרויסער משפחה פון וועלכער ס׳איז געבליבן אחד מעיר ושנים ממשפחה.

און דריטנס האב איך אלס ריעל־עסטייט מאַן געוואלט זעהן דעם באָדן וואס כ׳האב נאך איינגעקויפט אין מצפה ירושלים אין 1928, דורך דער פארמיטלונג פון משה ריבלין, א אידישער שרייבער פון ירושלימ׳ער אָפּשטאַם.

אין זומער 1949, ווען איך האב באשלאסן צו פאָרן, איז געווען שווער צו קריגן א בילעט. די עראפלאנען קיין ישראל זיינען געווען איבערפילט. אין איין הייסן זומער־טאג קריג איך א טעלעפאן אז איינער האט אויפגעגעבן זיין בילעט, און אויב איך וויל, קען איך פארנעמען זיין אָרט. כ׳האב זיך איינס־צוויי איינגעפּאַקט און בין שוין געווען אויפ׳ן לופט־פעלד.

ס׳איז געווען, געדענק איך, א זונטאג אין חודש יולי, און ווען איך שרייב די ווערטער לעב איך איבער נאָכאַמאָל די שפּאַנונג ווען דער עראפּלאן האט זיך דערנענטערט צו די ברעגן פון ישראל, נאך א קורצן אָפּשטעל אין רוים. דורך די בערג מיט ווייסע וואלקנס האט זיך פאר אונז מיטאַמאָל אויסגעשיילט ווי א שיינע שבת׳דיגע טישטוך, אונזער טייער און הייליג לאנד. אלע פאסאזשירן זיינען געווארן ווי איין משפחה, געוויינט פון פרייד צוזאמען און געזונגען חלוצ׳ישע לידער צוזאמען. די קאסטאם־באאמטע אין זייערע יוניפאָרמען, די שיינע אידישע מיידלעך אין זייערע באפוצטע קליידער וואס האבן דערליידיגט אונזערע דאקומענטן, אלץ איז צוגעגאנגען פּינקטליך און העפליך און אלץ האט צוגעגעבן פרייד און דערוואַרטונג ביים שטעלן די ערשטע טריט אויפ׳ן הייליגן באָדן.

אין האטעל ביים תל אביב׳ער ים־ברעג האב איך ניט געקענט צומאכן מיט אַן׳אויג. עס האט מיר געצויגן אין דרויסן, אנצוקוקן אידן, און מער ווי אלץ — צו פאָרן קיין יפו וואו מיין שוועסטער׳ס זון מיט זיין משפחה וואוינען. יפו איז נאך דאן געווען אינגאנצן צושאָסן פון די שלאַכטן מיט די אראבער וועלכע האבן דארט פריער געוואוינט.

די וועג קיין יפו און יפו אליין איז געווען איין לאנגע רייה פון טיפע זאַמדן און חרוב׳ע הייזער, גאר ווייט פון איר היינטיגן בליענדען אויסזעהן, מיט גאסן באפוצט מיט בלומען, שיינע הייזער, קלענערע און גרעסערע, און א באפעלקערונג וואס איז קיין עין־הרע געוואקסן גרויס שטאדטיש און איז א טייל פון תל אביב.

אין 1949 האט זיך די טעקסי וואס האט מיר געבראכט קיין יפו, אָפּגעשטעלט לעבן א חרוב׳ע 2־פאמיליע הויז וואס איז אונטערגעשפּאַרט געווארן פון פולעס כדי זי זאל ניט איינפאַלן. ס׳איז מיר געווען א וואונדער ווי אזוי מען לאָזט עס צו אז מענטשן וואס האבן איבערגעלעבט דעם גיהנם, זאלן ווייטער איינשטעלן דעם לעבן אין אזא חורבה.

אבער אנשטאָט האבן טענות צו לייטן האב איך גלייך נאכ׳ן צוקושן זיך מיט מיינע טייערע און ליבע פלימעניקעס און זייערע קינדערלעך, א מיידעלע פון 6 יאהר און א אינגעלע פון 4 יאהר, זיך גענומען נאכפרעגן וואו מען קען קריגן א לייטיש הויז פאר דער משפחה. אימיצער האט מיר רעקאמענדירט דעם נאמען „ראסקאָ" מיט אנ׳אפיס אויף דער אלענבי־גאס לעבן דער גרויסער שול. נו, האב איך געטראכט, איך בין דאך א באזיצער פון ראסקא־סטאַק וואס איך האב געקויפט דורך דעם געוועזענעם פרעזידענט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, משה טורטשינער, וועלן זיי מיר אודאי ארויסהעלפן איצט.

איך בין גלייך פון יפו געפאָרן צום אפיס פון „ראסקא" און זיך באקענט דארט מיט׳ן פארוואלטער, דער זייער פריינדליכער דר. האפמאן (ניט קיין קרוב מיינער), און ער׳ט מיר גלייך אויפגעזוכט מיין נאמען און וויפיל סטאַקס איך האב, אלץ פארצייכענט אין זיינע רעקארדס. זיי פארענדיגן איצט, האט ער מיר געזאגט, זעקס 1־פאמיליע הייזער אין חולון, און, אויב איך וויל, איז ער גרייט צו נעמען מיר מיט מיינע קרובים אנצוקוקן די הייזער.

געזאגט און געטאן. מיר זיינען גלייך פון זיין אפיס געפארן קיין חולון און כ׳האב, ווי מען זאגט אין אמעריקע, גלייך געמאכט א „דיעל", געקויפט א הויז פאר 4 טויזנט דאלאר. עס האט מיר שטארק הנאה געטאן צו זעהן מיינע קרובים אין א שיינער, נייער וואוינונג, אבער צו דער זעלבער צייט איז עס געווען טראגיש אָנצוקוקן ווי די

נייע עולים האבן דאן געלעבט אין „מעברות״, איןביידלעך וואו עס האט זומער אריינגעדרונגען די זון, און די רעגענס אין ווינטער.

די צוויי קליינע קינדערלעך פון 1949 זיינען שוין היינט פארהייראט און האבן אייגענע קינדערלעך. דער אינגעלע איז אן אינסטרוקטאר אין דער ישראל־ארמיי און לערנט יונגע סאלדאטן ווי צו פארטיידיגן דאס לאנד.

מיין שוועסטערס זון איז נאך אכט יאהר אין ישראל געשטארבן, אבער, מיין שוועסטער האט דערלעבט צו זעהן פיל נחת פון אירע קינדער און אייניקלעך.

און אויך איך האב פון זיי פיל נחת פון דער ווייטענס, און נאכמער ווען איך באזוך זיי יעדעס יאהר אין ישראל.



האפמאן מיט געראטעוועטע משפחה



אפגעראטעוועטע משפחה פון חורבן־אייראפע. שמואל האפמאן, א פלימעניק, און זיין פרוי, אין ארגענטינע.



אפגעפונענע קאזינס וואס האבן זיך אפגעזוכט נאכן לייענען די לעבענס־געשיכטע פון דער האפמאן משפחה אין „אלגעמיינעם זשורנאל״, פארעפענטליכט אין ווינטער פון 1976־1977

# די בורמא־וועג

ווען איך בין געווען אין ישראל אין 1949, גלייך נאך דעם געבורט פון דער מדינה, בין איך געווען שטארק נייגעריג צו זעהן פון דער נאָהנט דעם בורמא־וועג וואס די אידישע קעמפער האבן אויסגעפלאַסטערט אונטער'ן האָגל פון קוילן, כדי צו ראַטעווען ירושלים פון הונגער און באַלאַגערונג.

פאָרענדיג מיט א טור פון תל אביב קיין ירושלים האט דער „גאַיד" אונז זייער א סך דערציילט ווי אויפ'ן גאנצן וועג זיינען פאָרגעקומען ביטערע שלאַכטן. די אראבער האבן זיך באפעסטיגט אין דער הויך, אויף די בערג, און איזאָלירט ירושלים. די באפעלקערונג האט ניט געהאט גענוג שפייז און וואַסער און עס האט אויך געפעלט וואפען וואס איז געווען אזוי נויטיג פאר דער פארטיידיקונג פון דער שטאט. די לאַגע איז געווען א פארצווייפלטע, און אויב די אראבישע בלאקאדע וואלט אנגעהאלטן נאך אביסל, ווער ווייסט וואס עס וואלט חס ושלום דאַן פאַסירט.

דער קאַמף איז געווען א פאַרביסענער פון ביידע זייטן. פאר די אידישע קעמפער איז ניט געבליבן קיין אנדער ברירה ווי דורכצוברעכן די בלאקאדע מיט א נייעם כביש, מיט א נייעם שאָסיי.

די בורמאַ־וועג איז אויסגעפלאַסטערט געווארן מיט פילע אידישע לעבנס. עד היום שטייען נאך די פארזשאווערטע סקעלעטן פון אידישע טאַנקען וואס זיינען געבליבן הענגען אין דער לופטן.

די צאָל קרבנות וואס די בורמא־וועג האט אָפּגעקאסט איז געווען א לאנגע און א שווערע. ווען איר באזוכט דעם מיליטערישן בית עולם אין ירושלים, זעהט איר דארט יונגע אידישע בלומען וואס זיינען דאַן אויסגעריסן געווארן אינמיטן זייער וואַקסן און בליען.



דער „בורמא״ וועג קיין ירושלים (כביש הגבורה)

צווישן די געפאַלענע אין דער מלחמת השחרור איז אויך געווען דער אמעריקאנער אידישער קוירנעל דייוויד מארקוס וועלכער איז געקומען העלפן זיינע ברידער אין קאַמף, אבער האט ניט דערלעבט צו זעהן דעם זיג. ער האט געפונען זיין רוה אין וועסט פּאָינט, די אמעריקאנער מיליטערישע אקאדעמיע אין ניו־יארק סטייט פון וועלכער ער האט גראדואירט.

די העלדן פון דעם בורמא־וועג זיינען די וואס מיר זיינען אלע שולדיג אנ׳אייביגען חוב פון דאנקבארקייט פאר דעם וואס ירושלים איז היינט די הויפט־שטאט פון ישראל, מיט אלע רעגירונגס־אפיסעס און אינסטיטוציעס.

היינט ווען גאנץ ירושלים איז איין פאראייניגטע שטאט, לאמיר ניט מסיח דעת זיין פון די אומשטערבליכע העלדן פון דעם בורמא־וועג אין 1948.




האפמאן באגריסט דעם הסתדרות קאמפיין

# אין דער היסטארישער צפת

מיין ערשטער באַזוך אין צפת אין יאהר 1949, איז פאר מיר געוועזן א טיפע, פערזענליכע איבערלעבונג.

אלס יונג קינד אין חדר אין אסטראווע האט אונז דער מלמד דערציילט וואונדערליכע זאכן וועגן צפת, די שטאָט וואו ר׳ יוסף קאַרו האט מחבר געוועזן דעם שולחן ערוך, וואו דער אר״י האט ארומגעשוועבט אין די הויכע הימלען, וואו ר׳ שלמה אלקבץ האט געזונגען זיין „לכה דודי״ און וואו נאך און נאך גרויסע און הייליגע אידן האבן געלעבט, געווירקט און געשאַפן. נאך ירושלים, חברון און טבריה, איז צפת די פערטע אין דער רייה פון ארץ ישראל׳ס פארהייליגטע שטעט פון וועלכע מיר האבן גע׳חלומ׳ט אין חדר און געטראכט ווי גליקליך איז דער יעניגער וואס איז זוכה צו באטרעטן דעם באָדן פון אזעלכע הייליגע פלעצער.

און אָט גיי איך איבער די אלטע געסעלעך פון צפת און איך פיל ווי מיין האַרץ פולסירט עפעס האַסטיגער ווי געוויינליך. א חלום פון מיינע חדר־יארן ווערט פאַרווירקליכט. די הייזער אין צפת זיינען דורכגעלעכערט פון אראבישע קוילן פון דער מלחמת השחרור אין 1948. די אראבער זיינען געוועזן אין דער הויך, אויף די בערג ארום, און די אידן מיט זייערע נאַקעטע פויסטן אונטן אין טאָל. אבער די „מעטים״ האבן באַזיגט די „רבים״ און די אראבער זיינען אנטלאָפן פון שרעק. צפת׳ער אידן דערציילן אז מיטאמאל האט אָנגעפאַנגען צו דונערן, כאטש ס׳איז געוועזן נאך צו־פרי פאר׳ן רעגען־סעזאָן, און די אראבער האבן געמיינט אז די אידן וואַרפן אויף זיי באָמבעס, אפשר גאר די אטאם־באמבע, און זיי זיינען אנטלאפן דערציטערטע.

באָבע, וואו איז דאָ די שוהל פון ר׳ יוסף קאַרו ? — האב איך א

פרעג געטאן ביי אנ׳אלטינקער פרוי וואס איז ארויסגעקומען פון א האלב־חרוב׳ער הייזקע אין דעם אלטן טייל פון שטאָט. „און ווי קענט איר קריכן אין אייער עלטער אויף די הויכע טרעפּ ?״ . . .

די אלטינקע האט מיר אנגעקוקט מיט א ליכטיגן שמייכל און געענטפערט אין אנ׳עכטן צפת׳ער אידיש וואס איז אביסל ענליך אויפ׳ן אידיש פון בעסאראביע:

— ג־ט צו דאנקען איך קען נאך גיין אויף די אייגענע פיס צו מיינע הונדערט יאהר . . . די וועג צו ר׳ יוסף קאַרו׳ס שוהל איז דארט גלייך און דערנאך לינקס . . .

דער איד וואס פּאַסט־אויף אויף דער קאַרו־שוהל האט ארויסגענומען א שולחן ערוך פון ערשטן דרוק און מיר געלאזט אָנרירן זיינע בלעטער, פאר מיר איז דאס געווען א גרויסער זכות וואס איך קען קיינמאל ניט פארגעסן.

שפּעטער זיצנדיג אין א רעסטאראן אויף דער שיינער רחוב ירושלים האט די באלעבאסטע זיך געוויצעלט אויפ׳ן חשבון פון די צפת׳ער זקנים און זקנות. ביי אונז אין צפת, האט זי געזאגט, לעבן מענטשן לאַנג . . . מיינער א שכן, א איד פון א יאהר 100 האט געשלאגן זיין אייניקל פון א יאהר 60 פאר באליידיגן זיין טאטע׳ן פון א יאהר 120 . . .

צו זיין א צפת׳ער איז אין ישראל א גרויסער יחוס, ווי עס זינגט זיך אין דער בארימטער ליד „אני מצפת״ . . .

א צווייטן מאל בין איך געווען אין צפת אין 1976 ווען איך בין געווען פסח אין ישראל. די הסתדרות האט געוואלט איך זאָל זיך איינשאַפן א חלק אין א נייע שוהל אין די „שיכונים״, דאס הייסט אין דעם נייעם, מאדערנעם טייל וואס איז אויסגעוואקסן זינט 1948. א שאָפער מיט א קאַר האט מיר אָפּגעוואַרט אין הילטאן האטעל און מיר גענומען קיין צפת, א רייזע פון וואָסערע דריי שטונדן דורך בערג און טאָלן און די שיינע פאנאראמע פון אידישן היימלאנד.



**האפמאן ביים קינסטלערישן ארון קודש אין דער אלטער אר״י־שול אין צפת**

מיר האבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם מעיאר׳ס אפיס, און דער דעפּיוטי זיינער האט מיר ארומגעפירט ווייזן די שטאָט, די נייע שיינע הייזער, די געשלענגעלטע וועגן וואס דרייען זיך צווישן באַרג און טאָל און וואס אין אָוונט שאַפן זיי דעם איינדרוק ווי צפת איז א שטאָט געבויט פון פינף אדער זעקס שטאָק . . . פון סאמע אונטן וואו עס שטייען די אלטע הייזקעס פון אמאל, ביז די נייע ווילעס אויפ׳ן בארג כנען.

די שוהל וואס די הסתדרות האט געבויט, האט פון דרויסן אויסגעזען צו זיין פארענדיגט און געבויט אין א זייער שיינעם סטיל. כ׳האב אויך געזען די שילדן וואס רופט צו באזוכן דעם נייעם שיכון וואס ליובאוויטש בויט אין צפת און אויך באזוכט דעם כולל וואו עס לערנען ליובאוויטשער יונגעלייט וועלכע זיינען געשיקט געווארן אַהין פון ליובאוויטשער רבי׳ן שליט״א אין ברוקלין, מיין שכן אויף איסטערן פארקוויי, צו פארשפרייטן דאָרט אידישקייט. דער נאָמען ליובאוויטש איז אין צפת זייער באַליבט און די ליובאוויטשער בעאיינפלוסן אלע ארומיגע ישובים אין גליל און אין דער חולה, די אמאליגע זומפּן וואס זיינען היינט בליענדע אידישע ישובים.

איך בין איצט ווידער געגאנגען באזוכן די קאַרו־שוהל וועלכע איז, ווי מ׳האט מיר דערציילט, ארום 800 יאהר אַלט, און געפילט צו טאן עפּעס צו העלפן אויפריכטן דעם היסטארישן מקום קדוש. אבער א איד פון קענעדע האט מיר מקדים געווען און די שוהל האט אויסגעזעהן אינגאנצן רעמאנטירט און באַשיינט. זאל אים ג־ט בענטשן פאר דער גרויסער מצוה.

די אלטע אר״י־שוהל וואו דער אר״י האט געלערנט מיט זיינע תלמידים האט אויסגעזעהן היבש אָפּגעלאָזט, אבער אזוי ווי איך האב שוין געהאלטן ביי צוריקפאָרן, האב איך פארשפראָכן דעם דעפּיוטי־מעיאר אז אי״ה אויף מיין נעקסטן באזוך וועל איך אים געבן א האַנט פאר אויפריכטן די אלטע שוהל, די וויגעלע פון קבלה אין דער אלטער צפת.

צפת איז אויך א צענטער פון קונסט־מאָלעריי און סקולפּטור, און האט א „קרית האמנים״, א קינסטלער־שטעטל, א דאנק איר וואונדערליכע לאנדשאפט וואס איז אנ׳אינספּיראציע פאר קינסטלער.

פאר מיר איז אבער צפת מער ווי אלץ, די הייליגע שטאט פון מיין אסטראוואער מלמד׳ס וואונדערליכע געשיכטעס.

א וואונדערליכע געשיכטע וואס איך האב געהאט דעם זכות צו זעהן מיט די אייגענע אויגן.



מיט א גרופּע יונגעלייט פון ליובאוויטשער כולל אין צפת

# אין חיפה ביים ברעג־ים און אויפ׳ן שפּיץ כרמל

ס׳איז געווען א פארגעניגן ארײנצוגיין אין א צימער אין טעכניאָן און זעהן ווי א פּאָר צענדליג יונגע בחורים זיצן לעבן זייערע טעכנישע מאַשינען און יעדער ארבייט אויס אנ׳אנדער דעליקאטן אינסטרומענט.

פאר מיר, א איד פון אייראפּעאישן שטעטל, איז עס געווען א גרויסע איבערלעבונג צו זעהן ווי אונזערע אייגענע אידישע קינדער ארבייטן אויס אזעלכע קאָמפּליצירטע זאכן. איך האב אלעמאל געדענקט אז נאר אזעלכע באוואוסטע אינדוסטריעלע לענדער ווי אמעריקע, ענגלאנד און פראנקרייך, פארמאָגן אזעלכע טאַלאַנטן. האט מען מיר דערציילט אז א סך פון די אויסגעארבייטע אינסטרומענטן פון טעכניאן ווערן גאר געשיקט קיין אמעריקע.

אין דער עיריה אדער סיטי־האָל פון חיפה בין איך צוזאמען מיט א גרופּע חברים, פריינד פון דער הסתדרות, אויפגענומען געווארן פון מעיאר אבא חושי וועלכער האט אונז גענומען פערזענליך אויף א טור, צו ווייזן אונז ווי מען בויט די „כרמלית״, די סאָבוויי וואס פירט פון סאמע אונטען ביים ברעג־ים ביז צום הדר הכרמל אין דער הויך.

מיר האבן אלע אנגעטאן העלמעטן אויף די קעפּ, דאס וואס מען רופט אין אמעריקע „האַרד־העטס״, און זיינען ארײן אינווייניג אין טונעל וואו עס זיינען געשטאנען פארשיידענערליי מאשינען אויפצוגראָבן די ערד און אויפצורייסן די שטיינער און פעלזן אויפ׳ן וועג צום שפּיץ כרמל.

די ארבייטער האבן אין זייערע ספּעציעלע קליידער אויסגעזעהן ווי זיי וואלטן געקומען פון אנ׳אנדער לאנד. „פונוואנען קומען די גויים?״, האב איך א פרעג געטאן ביים מעיאר.

„וואס הייסט פונוואַנען? . . . דאס זיינען אלע אחינו בני ישראל . . . מיר האבן בלויז איין אינזשיניער פון פראנקרייך", האט מיר אבא חושי געענטפערט מיט א ניט־באהאלטענעם שטאָלץ.

איך האב געפרעגט ביי אבא חושי׳ן ווען די „כרמלית" וועט זיין פאַרטיג. אין צוויי יאהר ארום, האט ער מיר געענטפערט. און כך הוה, מיט צוויי יאהר שפּעטער בין איך שוין געפאָרן מיט דער נייער סאבוויי ארויף און אַראָפּ, מיט דער לייכטקייט און זיכערקייט פון א שפּאַציר אין די חיפה.

אין האַפען פון חיפה איז דאן געשטאנען אן׳עגיפּטישע שיף וואס די ישראל־מאטראסן האבן געפאנגען אין דער מלחמת השחרור פון 1948. אידן זיינען ארויף אויף דער שיף און געשעפּט נחת פון דעם זיג פון די ישראל־העלדן. די פּאַנאָראַמע פון האַפען צוזאמען מיט די ישראל־סאלדאטן וואס האבן באַוואַכט די שיף, איז געווען א נחת רוח פאר׳ן האַרצן און א זעטיקונג פאר דער אויג.

חיפה איז א צענטער פון שווערע און לייכטע אינדוסטריע. דאָ ווערט פאַבריצירט אלץ, פון א קליינעם טשוועקל ביז אן׳אייזערנע וואַנט.

איך בין אריין אין א „הוטע" וואו מען ברענט גלאָז. „צוליב וואס מאכט איר דאָ אזעלכע גרויסע שטיקער גלאָז"? האב איך א פרעג געטאָן ביים פאָרמאַן פון דער פאבריק. „דאס ווערט עקספּאָרטירט קיין אויסלאנד", האט ער מיר געענטפערט.

אמאל פלעגט ישראל דארפן אריינפירן די פיינע זאַמד פון דער פרעמד, אויף צו פאבריצירן פיינע גלאָז. איצט האבן אידן געפונען אין מדבר אייגענע פיינע זאמד פון וועלכע זיי פאבריצירן די פיינסטע גלאָזוואַרג.

איך בין געווען אין חיפה׳ער האַפען ביים אנקומען פון א שיף מיט עולים פון רוסלאנד מיט זייערע גרויסע קאסטענס. ווערלענדיג

זעהן וואס אזוינס די אידן ברענגען צופירן פון רוסישן גן־עדן, בין איך צוגעגאנגען צו א יונגען עולה, שעהן און הויך, און אים געפרעגט צי ער׳ט מיר דערלויבן אנצוקוקן דעם באגאזש וואס ער האט מיטגעבראכט אין דער קאסטן. „פּאזשאַלעסטא״, האט ער מיר געענטפערט און אויפגעעפנט די גרויסע קאסטן וואו איך האב דערזעהן גמרות פון גרויסן ווילנער פאַרנעם צוזאמען מיט קאמוניסטישע ביכער אין רוסיש און אידיש. די קאמוניסטישע ביכער האט ער גלייך ביים ארויסנעמען פון קאסטן א שליידער געטאן אויף דער ערד און גענומען טרעטן אויף זיי ווי איינער טרעט אויף מיסט.

— פארוואס האט איר עס מיטגענומען אויב איר טרעט אויף דעם איצט? . . . האב איך א פרעג געטאן א פארוואונדערטער פון דער מאָדנער סצענע.

. . . איר פארשטייט טייערער איד — האט ער מיר אויפגעקלערט — איך בין געווען א באאמטער אין מיין שטאט און כ׳האב זיי ביז צו דער לעצטער מינוט געמוזט צייגן אז איך בין אידעאיש א קאמוניסט . . . איצט טרעט איך אויף דעם . . . איצט וועל איך לערנען פון אונזער אייגענעם אידישן קוואַל.

חיפה, די צווייט־גרעסטע שטאט אין ישראל אין קאמערץ און אינדוסטריע, און די ערשטע ווי א האַפען־שטאט אין גאנצן מיטל־מזרח, האט געהאט דעם מזל צו האבן אזא דינאמישן מעיאר ווי אבא חושי וועלכער איז געווען א מייסטער אין אויפבויען און פארוואלטן א שטאט. איך האב אים אויך באוואונדערט פאר זיין פריינדליכקייט און צוגעלאזנקייט, פאר די פילע שמועסן וואס מיר האבן געפירט צוזאמען אין זיין אפיס און די בילדער וואס מיר האבן גענומען צוזאמען.

נאר אין ישראל זעהט מען אזעלכע איבערגעבענע בויער פון אונזער היימלאַנד און אזא וואונדער־שיינע לאנדשאפט ווי דער כרמל ביים אריינגליטשן זיך אין ים הגדול.



מיט מעיאר אבא חושי אין דער עירי׳ פון חיפה



**יעקב האפמאן מיט ביילע׳ן בעת זייער באגעגעניש אין פילאדעלפיא אין 1921, ווען זיי זיינען ביידע געווען „גרינע״**

# נצרת

א באַזוך אין נצרת, דאס הייסט אין דער אונטערשטער, אראבישער שטאט, איז ניט קיין צו־אָנגענעמע דערפאַרונג.

יעדעס מאל וואס איך און מיין פרוי פלעגן זיין אין נצרת, פלעגן אראבער ביי אונז מאָנען געלט. ניט בעטן, נאר מאָנען. „מיר זיינען קאָזינס, און איר דארפט אונז ארויסהעלפן״, פלעגן זיי טענה׳ן ביים אויסשטרעקן די הענט נאך א נדבה.

די קאָזינס אונזערע אין נצרת זיינען אבער קאמוניסטיש געשטימט, כאטש זיי זיינען פרומע קריסטן און מוסולמענער. זייער קאמוניזם איז ניט קיין סאציאל־אידעאלאגישער, נאר א ישראל־פיינטליכער. די קאמוניסטישע אנגעהעריקייט גיט זיי א באַזע אדער א ראַם פאר זייער האַס צו דער אידישער מדינה.

נצרת איז א פארהייליגטע שטאט ביי די קריסטן, מיט קירכען און מאנאסטירן וואס זיינען פארבונדן מיט׳ן אותו האיש. מיין פרוי האט אבער מורא געהאט צו באזוכן די קריסטליכע הייליגטימער, כאטש מיר האבן זיך געקענט באוועגן פריי אומעטום, אויך אין די שמאָלע, זייטיגע געסלעך.

די אראבער זיינען אנגעשלאסן אין די לייי־קאסעס און קופת חולים פון דער הסתדרות. פון די דרייסיג טויזנט אראבער אין נצרת זיינען צוויי דריטל קריסטן און איין דריטל מוסולמענער. זיי זיינען מערסטענס קליין־הענדלער און בעלי מלאכה. זיי האבן אויך עטליכע קליינע פאבריקן וואס פראָדוצירן פאר׳ן לאקאלן געברויך.

די מיליטערישע מאכט גיט אכטונג „פונדערווייטנס״ אויף אלע זיכערקייט־געביטן און די אראבער ווייסן אז די ישראל־מאכט האלט אַ וואַכזאַם אויג אויף אַלץ וואָס געשעהט אין שטאָט.

פאראן אבער אויך א אידישע נצרת, די „נצרת עילית״ אין דער הויך וואס פון איר באַרג קען מען ארונטערקוקן אויף דער אונטערשטער שטאט. מיר זיינען געווען אין נצרת עילית ווען מען האט איר ערשט אנגעפאנגען בויען און ווען עס זיינען אהין געקומען די ערשטע איינוואוינער. איך האב דארט באגעגנט פאמיליעס מיט קינדער וואס זיינען ערשט געהאט געקומען פון פוילן און מיט א סך פון זיי האבן מיר זיך געקענט צונויפריידן נאָר אויף פויליש. די ניי געקומענע האבן דאַן דורכגעמאכט די חבלי לידה פון א נייער היים, א ניי לאנד און א נייע סביבה, און איך געדענק באזונדערס ווי איין פרוי, א מאמע פון צוויי קינדערלעך, האט זיך באקלאָגט אז דער מאן אירער ארבייט זייער שווער און איר אליין קומט אָן ניט לייכט צו אַקלימאַטיזירן זיך.

בעת מיין לעצטן באזוך אין „נצרת עילית״ האב איך שוין ברוך השם געפונען א בליענדע אידישע שטאט, מיט מאדערנע גאסן און שיינע געביידעס און מיט צופרידענע אידישע מאמעס.

ס׳איז געווען א פרייד צו זעהן וואס די פעהיקייט פון אונזערע סאבראס קען אויפטאן.





א פאטאגראפיע קונסט וואס ווייזט די „פיל-זייטיקייט" פון יעקב האפמאן

## מיט א הסתדרות־טור ביי פרעזידענט בן־צבי

פאָרן קיין ישראל מיט א הסתדרות־טור און האָבנדיג די פריווילעגיע פון ווערן ארומגעפירט פון אזא קאָלירפולן און ליבהאַרציגן „גאַיד״ ווי אייזיק העמלין, איז א דערפאַרונג וואס לאָזט זיך ניט פארגעסן.

באזונדערס איז אומפארגעסליך דער באזוך פון דער גאנצער הסתדרות־דעלעגאציע ביי פרעזידענט יצחק בן צבי אין זיין „צריף״ און זעהן דעם גוטן פריינד און באקאנטן ארבייטער־ציוניסטישן פירער אויף זיין פרעזידענטן־שטול. איך האב אים פיל מאל געזעהן און געהערט ריידענדיג בעת זיינע באזוכן אין ניו־יארק, און ס׳איז געווען כאראקטעריסטיש פאר זיין פערזענליכקייט וואס אויך איצט אלס פרעזידענט האט ער ניט געענדערט זיין גוטמוטיגע פריינדשאפט און פיינע באציאונג, ניט מאכענדיג דעם מינדעסטן אָנשטעל פון גרויס־האַלטעריי אדער סנאָביזם, ווי עס פירט זיך ליידער ביי א סך „ארויפגעארבייטע״ מענשן.

ס׳איז געווען א גרויסע דעלעגאציע, און דער פרעזידענט האט געהאט געננוג געדולד צו ריידן מיט יעדן איינעם און צו פאראייביגן די באגעגעניש מיט א פאטאגראפיע.

און דווקא זיין פשטות, זיין פאלקסטימליכקייט, האט ארויסגערופן א געפיל פון גרויס דרך ארץ, א יראת הכבוד פאר דעם איד׳ן וואס האט זוכה געווען צו זיין דער צווייטער פרעזידענט פון דער אויפגעלעבטער אידישער מדינה.

דאס „ווייסע הויז״ פון דעם פרעזידענט פון ישראל און זיין פרוי איז נאך דאן געווען קליין און ענג, ווייט פון דעם היינטיגן משכן הנשיא וואס איז אויפגעבויט געווארן אונטער שזר׳ס

פרעזידענטשאַפט. קיינער האט זיך אבער ניט באַקלאָגט, ווי אונזערע חכמים האבן געזאגט אז „מעולם לא אמר אדם צר לי המקום שאלין בירושלים״. אין ירושלים איז קיינמאל ניט ענג פאר אידן.

נאך יענער ערשטער באגעגעניש בין איך געווען נאך צוויי מאל צו געבן שלום עליכם צו פרעזידענט בן צבי, און יעדעס מאל איז עס געווען א נייע פרישע און דערפרישענדע איבערלעבונג.

●



באגעגענישן מיט פרעזידענט בן־צבי אין ירושלים





יעקב האפמאן (רעכטס) אין א געשפרעך מיט׳ן צווייטן פרעזידענט פון ישראל, יצחק בן צבי, אין ירושלים.



א ווארימע באגריסונג מיט'ן דריטן פרעזידענט פון ישראל,

שניאור זלמן שז"ר און זיין פרוי רחל, אין בית הנשיא אין ירושלים.

# לואיס סיגאל און קרית סיגאל

קרית סיגאל ביי רמת גן, ניט ווייט פון תל אביב, איז א „שטעטל" וואס טראָגט דעם נאמען פון חבר לואיס סיגאל, א מענטש וואס זיין בלויזער נאמען איז א סינאנים מיט ציוניסטישער ארבייט אין אמעריקע. סיי אלס לאנג־יאריגער גענעראל־סעקרעטאר פון נאציאנאלן ארבייטער־פארבאנד און סיי אלס זייל פון דער גאנצער פּאַנאָראַמע פון ציוניסטישער טעטיקייט אין אמעריקע, ווי קרן קיימת, הסתדרות, ישראל באנדס, די פאלק־שול באוועגונג, אלוועלטליכער אידישער קולטור קאנגרעס, לערער־סעמינאר און נאך און נאך.

חבר סיגאל, ווי מיר האבן אים אלע גערופן מיט ליבע און פארעהרונג, איז געווען מיינער א נאהנטער פריינד. ער איז געווען געבענשט מיט טאַלאַנט און מיט טאַקט, צוויי איי־גענשאפטן וואס ניט אלעמאל געהען זיי האַנט אין האַנט. סיגאל איז געווען דער פארטרוימער און דער פארווירקליכער פון א סך פונקציעס און אונטערנעמונגען, און מיט זיין טאַקט און איינפלוס איז אים אלעמאל געלונגען צוצוציען אויך אנדערע צו דער ארבייט.

איך האב פילע מאל פערזענליך געהאט די געלעגענהייט צו זעהן חבר סיגאל׳ן אין ברען פון זיין ארבייט, אין „עקשאן", ווי מען זאגט אויף ענגליש, און כ׳האב אים אלעמאל באוואונדערט.

באזונדערס האב איך גענאָסן פון זיין דערמוטיקונג ביים גרינדן די ערשטע „כנרת" טאג־שול אויף איסטערן פארקוויי אין ברוקלין. די שוועריקייטן זיינען געווען אויסערגעוויינליך. אין צוגאָב צו געלט האט זיך פארלאנגט א סך געדולד און אויסדויער ביים איינארדענען א שולע וואו מען זאל לערנען צוזאמען אידישע, העברעאישע און טראדיציאנעלע לימודים, און אלעס זאל האַרמאָנירן און קלאַפּן.

איך געדענק ווי איך און חבר' שודראף און דער פרינציפאל ירחמיאל וויינגארטן זיינען געגאנגען צוזאמען ווי א קאמיטעט צו זעהן זיך מיט חבר סיגאל'ן אין פארבאנד־אפיס אויף דער 17־טער סטריט אין מאנהעטן. מיר האבן אים געזאגט אפען אז אָן זיין הילף וועלן מיר די שולע ניט קענען עפענען. ער האט אונז אויסגעהערט ווי אנ'אייגענער, ווי איינער פאר וועמען אידישע דערציאונג איז אויפ'ן סאמע אויבענאָן פון זיין סדר היום, און אונז דערמוטיגט אנצוגעהן מיט דער ארבייט פון צוגרייטן די דערעפענונג פון דער שולע. „קומט מארגן אם ירצה השם און איר'ט קריגן די פינאנציעלע הילף וואס איר זוכט", האט ער זיך מיט אונז געזעגנט און געוואונשן הצלחה.

און כך הוה. אויף מארגן בין איך ווידער געוועזן ביי אים אין אפיס און ער'ט געהאַלטן וואָרט. ער האט מיר געגעבן גענוג געלט אָנצופאנגען פונקציאָנירן, און אזוי האבן מיר אויסגעהאלטן צען יאהר, ביז די געגענד האט זיך געענדערט און די שולע האט דארט מער ניט געקענט בלייבן. דער פארבאנד וועלכער האט געהאט דעם מארטגעדזש אויף דער געביידע האט מיט מיין הילף און מיט סיגאל'ס קאאפעראציע, פארקויפט די געביידע פאר א ביליגן פרייז צו א ליובאוויטשער ישיבה וועלכע האט אנגעפאנגען מיט א קליינע צאָל קינדער און זיך היינט פאנאנדערגעוואקסן אויף א גרויסן פאַרנעם.

אויסער דער כנרת טאג־שולע אין ברוקלין איז א דאַנק און מיט דער הילף פון לואיס סיגאל געעפנט געווארן א צווייטע כנרת טאג־שולע, אויף וואלענטיין עוו. אין די בראנקס, וואו עס לערנען נאך היינט 250 קינדער.

מיין פארעהרונג פאר לואיס סיגאל איז ניט געבליבן בלויז אויפ'ן פאפיר. ווען ישראל סטאָלארסקי און יהושע לוי פון דער הסתדרות האבן מיר אנגעטראגן דעם „שידוך" פון אויפבויען א שוהל אין קרית סיגעל, האב איך דעם פארשלאג גערן אָנגענומען, און די נעמען פון



ביים חנוכת הבית פון דער האפמאן שול אין קרית סיגעל, מיטן אנטייל פון יעקב האפמאן׳ס משפחה וואס ער האט געהאלפן אריבער־ברענגען פון די לאגערן קיין ארץ ישראל.

דער האפמאן־משפּחה זיינען היינט פאַרשריבן אויף דער בית הכנסת אין דעם שיכון אויף לואיס סיגאַל׳ס נאָמען.

אויף יעדן פון מיינע באַזוכן אין ישראל האָב איך דעם זכות צו דאַווענען אין דער שוהל פון קרית סיגאַל, אַ שיינע, מאָדערנע שוהל, אַרומגערינגעלט מיט בליענדע ביימער און אָנגעפילט מיט מתפּללים, יונג און אַלט. ווען עס ווערט אַנאָנסירט אַז איך וועל דאָרט זיין דער שליח ציבור אין אַ געוויסן שבת, קומט צום דאַווענען אַ נאָך גרעסערער עולם ווי אַלעמאָל, און אַלע באַגריסן מיר און דאַנקען פאַר דער שיינער שוהל.

פאַר מיר איז עס אַ פאַרגעניגן צו זעהן די שיינע דירות אין קרית סיגאַל און ווי צופרידן און גליקלעך די איינוואוינער זיינען דאָרט. אַ סך מאָל, נאָך קבלת שבת, עסן מיר אויך צוזאַמען די שבת׳דיגע סעודה, און דער עונג שבת וואָס אַ איד האָט דאָרט איז אומבאַשרייבליך.

אויף איינעם פון מיינע לעצטע באַזוכן אין קרית סיגאַל האָב איך באַשלאָסן אַז די שוהל איז ווערט אַ שענערן ארון קודש, און די איינוואוינער פון קרית סיגאַל האָבן אויפגענומען די מתּנה פון אַ נייעם ארון קודש מיט גרויס פרייד.

איך בין געווען זייער נאָהנט באַפריינדעט מיט לואיס סיגאַל ביי זיין לעבן, און אונזער פריינדשאַפט איז איצט, נאָך זיין טויט נאָכמער פאַרפעסטיגט געוואָרן דורך אונזער נייער בשותּפות׳דיגער אונטערנעמונג, די האָפמאַן־שוהל אין קרית סיגאַל.





האפמאן מיט משפחה אין דרויסן פון שול אין קרית סיגאל



האפמאן דאווענט מנחה אין שול אין קרית סיגאל

**ביים איינצאלן דעם ערשטן טשעק פאר דער שול אין קרית סיגעל.**
פון רעכטס צו לינקס: י. פייגענבוים, יעקב האפמאן, ישראל סטאלארסקי און שמואל שולזינגער.




**ביי א דינער פון די כנרת טאג-שולע.**

רעכטס צו לינקס: ברוך צוקערמאן, לואיס סיגעל, יעקב האפמאן (ביים מיקראפאן), אברהם שודארף, ירחמיאל וויינגארטן און פנחס גינגאלד.

# אין דער שוהל פון מעוז אביב

די הסתדרות אין ישראל האט א רעליגיעזן דעפּאַרטמענט וואס גיט זיך אָפּ צווישן אנדערעס מיט בויען שוהלן אין די ישובים וואו די איינוואוינער פארלאנגען א שוהל.

אזוי ווי די הסתדרות־מענטשן אין ניו־יארק ווייסן אז איך בין א שוהל־איד, האט דער „נאציאנאלער קאמיטעט פאר׳ן ארבעטענדען ישראל״־הסתדרות מיר פאָרגעשלאָגן אויפצובויען א שוהל צום דאוונען אין מעוז אביב, ניט ווייט פון תל אביב, א פאָרשטאָט וואו עס וואוינען אויסגעדינטע וועטעראנען פון צה״ל. דער הויפּט פארוואלטער פון הסתדרות־אפיס אין ניו־יארק איז דאן געווען ישראל סטאלארסקי און מיר האבןביידע געמאכט א קאנטראקט אין ניו יארק. איך בין דאן ספּעציעל געפאָרן קיין ישראל צו זעהן וואו און ווי מען וועט בויען די שוהל, דעם באָדן, ווי גרויס די שוהל וועט זיין און ווער ס׳וועלן זיין די בעלי בתים וואס וועלן פארוואלטן מיט דער שוהל.

אלץ איז מיר שטארק געפעלן געווארן, די שוהל איז אויפגעבויט געווארן, און מען דאַוונט שוין דארט אין שוהל זינט 1968.

אזוי ווי איך האב פאַרפעלט ארייַנצושרייבן אין קאנטראקט אז די שוהל דארף ווערן אויסגעשטאַט ווי געהעריג, מיט אנ׳ארון קודש, א בימה א.א.וו., איז געווארן א פראגע ווער איז פאראנטווארטליך פאר דעם, און דערווייל האט מען געדאוונט מיט אנ׳אויפגעקלאַפּטן ארון קודש און בימה, ביז איך האב שוין ניט געקענט פארטראגן דעם אויסזעהן פון דער שוהל און כ׳האט געמאכט א קאנטראקט מיט די מתפללים פון מעוז אביב און געגעבן נאך א סומע געלט פאר אנ׳ארון קודש און בימה.

ווען איך בין געווען אין ישראל אויף פסח, 1976, האט מען מיר געלאזט וויסן אז אלץ איז שוין אריינגעשטעלט געווארן, און ווירקליך, די שוהל איז שעהן און גרויס און קען זיך פארגלייכן מיט די שענסטע שוהלן אין אמעריקע.

ווען איך באזוך ישראל לאַדן מיר די גבאים צו זיין זייער חזן אויף שבת און פארברענגען מיט זיי צוזאמען. דאס ערשטע מאל ווען איך האב געדאוונט דארט, האבן אייניגע פון די מתפללים וועלכע האבן ניט געוואוסט אז איך בין א גאסט פון אמעריקע, מיר געפרעגט פארוואס איך קום ניט דאוונען מיט זיי און זיין זייער חזן יעדן שבת. אונז געפעלט אייער דאוונען, האבן זיי מיר געזאגט. עס דאוונען דארט עלטערן און קינדער צוזאמען. די גבאים זיינען פרומע, אָפּגעהיטענע אידן, און דער הויפט גבאי, פנחס רובין איז זיין נאמען, איז א קוירנעל אין דער ישראל־ארמיי. ער און זיין פרוי זיינען געראטעוועטע פון היטלער׳ן און ווי מען האט מיר מרמז געווען האט ער עפּעס דערפונדן א זייער וויכטיגן אינסטרומענט וואס איז פון גרויס וויכטיקייט פאר׳ן ישראל לופט־פלאָט.

ווען איך קום קיין ישראל נעמט ער מיר, דער גבאי, יעדעס מאל אויף אנ׳אנדער פּלאַץ צו ווייזן מיר ווי די ארמיי פונקציאָנירט און לעבט.

און ס׳איז א פארגעניגן צו זעהן די אידישע העלדן פון דער נאָהנט. איך ווער אלעמאל דערשטוינט צוקוקנדיג זיך צו די יונגע סאלדאטן און דאס האַרץ גייט אויס צו זיי מיט באוואונדערונג. אין די ארמיי קיכן האב איך געזעהן ווי שטרענג עס ווערט דארט אָפּגעהיט כשרות און ווי די סאלדאטן באציען זיך מיט רעספּעקט צום אָפּהיטן די באזונדערע כלים פאר מילכיגס און פליישיגס.

איך האב גרויס נחת פון דער שוהל אין מעוז אביב און ניט וויניגער פון אירע מתפללים און דעם הויפט גבאי קוירנעל פנחס רובין.

זיי זיינען אלע א כבוד פאר׳ן גאנצן אידישן פאָלק.



יעקב האפמאן שעפט נחת פון זיין טאכטער, גיטל, ביי איר גראדויאירן
האיסקול



די פאמיליע פון דעם גבאי פון מעוז אביב, קוירנעל פינחס רובין, האט הנאה פון האפמאנ׳ס שפילן חנוכה־ניגונים אויף פיאנא, און די קינדער זינגען מיט

# גענעראל מאָטע גור, באפרייער פון ירושלים אין אונזערע טעג

צום 30־טען יאָהר־טאָג זינט דעם געבורט פון מדינת ישראל האָב איך געהאַט דעם כבוד צו באַגעגענען גענעראַל מאָטע גור אויף אַ ישראל באָנד דינער אין וואָלדאָרף אַסטאָריא אין ניו יאָרק, דזשון דעם 4־טען, 1978.

ס׳איז אויך געווען דער 11־טער יאָהר־טאָג זינט גענעראַל מאָטע גור, היינט שוין אַ צוריקגעצויגענער הויפּט פון ישראל׳ס גענעראַל־שטאַב, האָט פערזענליך קאָמאַנדירט מיט דער שלאַכט פאַר דער באַפרייאונג פון ירושלים.

ווען איר הערט מאָטע גור ריידן וועגן ישראל, וועגן אירע קאַמפן און וועגן אונזערע פליכטן דאָ אין אַמעריקע, הערט איר די שטים פון איינעם וואָס איז אַליין געשטאַנען אין סאַמע פייער, פריער אין דער 6־טאָג׳יגער מלחמה און שפּעטער אין דער יום כפור מלחמה.

ער איז עס דער סאָרט קאָמאַנדיר וואָס זאָגט צו זיינע סאָלדאַטן „אחרי״ . . . נאָך מיר . . . ער געהט פאראויס אין קאַמף און די סאָלדאַטן נאָך אים.

און צו זיין גאַנצער גענעראַלסטווא איז מאָטע גור אַ סענטימענ־טאַלער, ליבער סאַבראַ וואָס שרייבט טרוימערישע קינדער־ביכער וואָס אָטעמען מיט ליבע צו מענש און נאַטור, צו גרינע גראָזן און צו שטומע באַשעפענישן.

אַזעלכע גענעראַלן האָבן מיר אין ישראל.

גענעראַלן וואָס בענקען נאָך פרידן פאַר זיך און פאַר די קומענדע דורות, אָבער צו דער זעלבער צייט זיינען זיי העלדישע קעמפער צו דערנענטערן די צייט נאָך וועלכער זיי בענקן.



האפמאן מיט גענעראל מאטע גור אויף א פארזאמלונג אין ניו יארק
(1978)

# אין קיבוץ גשר הזיו

דער קיבוץ־לעבן ענדערט ניט דעם מענש׳ן, זיין נאַטור און כאַראַקטער. זיינע אינסטינקטן ענדערן זיך ניט דורך אידעאלאגישע רעצעפּטן.

קיבוץ־לעבן באפרייט אבער פון דער נערוועזיטעט, פון דער ציטערניש פון שטאט׳ישן לעבן. דער מענש פון קיבוץ איז פריי פון דער דאגה פאר׳ן מאָרגן, פאַר זיך אדער פאר די קינדער, אזוי אז ער האט מער געדולד און מער צייט צו טראכטן ערנסט וועגן אידעען.

מיינע באזוכן אין קיבוץ גשר הזיו אין מערב־גליל, אנטקעגן די בערג פון לבנון, זיינען געווען מאטיווירט סיי פון א באַגער צו זעהן קיבוץ־לעבן פון דער נאָהנט און סיי צו איבערגעבן א גרוס פון מיינעם א גוטן פריינד אין ברוקלין צו זיין משפחה אין גשר הזיו.

מיין פריינד מאקס גאלדבערג, אנ׳אנגעזעענער מיטגליד אין ברוקלין דזשואיש סענטער, האט מיר געבעטן צו באזוכן זיין ברודער און שוועגערין סאל און רות גאלדבערג, און זייערע קינדער אין גשר הזיו.

ווי קומען די גאלדבערגס פון ניו־יארק אין גשר הזיו?...

אין 1947 זיינען זייערע צוויי קינדער, א זון און אַ טאכטער, געפאָרן מיט א גרופּע יונגוואַרג צו פארברענגען דעם זומער אין גשר הזיו. ווען ס׳איז געקומען די צייט צו פאָרן אהיים, האבן זיי געזאגט „לא״ מיט אנ׳אלף. זיי ווילן בלייבן אין ישראל, און טאקע אין קיבוץ גשר הזיו. די מיידל, 20 יאהר אַלט, און דער זון, 18 יאהר אַלט, האבן אויסגעפירט.

גשר הזיו איז נאך דאן געווען א פרישער קיבוץ. ס׳איז ניט געווען קיין וואַסער און קיין באַלייכטונג. מ׳איז געשלאָפן אויף



**אויף א צאתכם לשלום ערב דער עלי׳ פון צוויי חברים פון דער ציוניסטישער ארבייטער באוועגונג, בען און העלען מארזוק, אין דער הסתדרות הויז.**

יעקב האפמאן פרעזענטירט די עולים מיט א „פלעק״

„פאַלאַטקעס״. די עלטערן, באזונדערס די מאמע, רות, האבן געזאָרגט טאג און נאכט און געשריבן צו די קינדער און זיך געבעטן ביי זיי צו קומען צוריק אהיים.

די קינדער האבן אבער געענטפערט אז אדרבה, זאלן די עלטערן קומען צוריק אהיים, צוריק קיין ארץ ישראל, דאס אידישע היימלאנד.

סאל און רות גאלדבערג האבן ניט געהאט קיין ברירה און אין 1948 זיינען זיי אוועק אויף עליה און זיך באזעצט אין גשר הזיו וואו זיי האבן זיך איינגעגלידערט אין קיבוץ־לעבן און געווידמעט אלע זייערע כחות פאר׳ן וואוקס פונ׳ם קיבוץ וועלכער איז היינט א פראַכט אָנצוקוקן.

בין איך געפארן יעדעס מאל אין קיבוץ גשר הזיו מיט א גרוס פון די גאלדבערגס אין ברוקלין צו די גאלדבערגס אין ישראל, און איך בין יעדעס מאל אויפגענומען געווארן מיט אָפענע אָרעמס.

בעת מיין באזוך אין זומער פון 1977 האב איך געפונען גשר הזיו ווי א בליענדען טוריסטן־צענטער וואו עס קומען אין סעזאן ארום 200 טוריסטן טעגליך. איך האב באוואונדערט דעם שיינעם דיינינג־רום, אבער די גאלדבערגס האבן מיר געזאגט אז אויף קומענדן יאהר שטעלט מען אויף א גרעסערן און מער געראַמערן עס־זאַל.

היינט פאַרמאָגט גשר הזיו 800 איינוואוינער און אויך 250 קינדער. די הייזער זיינען מאדערנע, שעהן געבויט. די גאסט־צימערן זיינען באַקוועם, די שפייז איז געשמאַק און נארהאפט, און די לופט איז גליל׳דיג פאר׳כישופ׳ט.

איך בין אריין אין דער קינדער־שולע און געזעהן גליקליכע פנים׳לעך, פול מיט מוט און ענערגיע.

ווי איינער וואס האט אמאל געהאט צו טאן מיט׳ן מסחר מיט בהמות, האב איך אויך אנגעקוואָלן פון זייער פאַרם־אינווענטאר,

אויסגעפּאַשעטע בהמות מיט פולע אייטערס מילך, ווי אין פסוק שטייט „ארץ זבת חלב״.

פון פעלד האט זיך געהערט דאס געזאַנג פון שטאָלצע אידישע „פויערים״ וואס זיינען אמת׳ע פּרינצן, בני מלכים. ס׳איז געווען א נחת רוח צו זעהן פארווירקליכט דעם טרוים וואס איך האב אמאל אין שטעטל אויסגעזונגען מיט מיינע חברים חלוצים און חלוצות. ס׳איז מיר אויך געקומען אויפ׳ן געדאנק דאס באקאנט ליד „אין דער סאָכע ליגט די מזל ברכה״.

מיין פריינדשאַפט מיט די גאלדבערגס האט מיר אויך צוזאמענ־געבראכט ביי א מיטאָג אין הויז פון זייערס א שוועסטער אין תל אביב, רבקה, וועמענ׳ס מאן האַנדעלט מיט האָניג, מיט דאס שענסטע און בעסטע האָניג וואס די וועלט פאַרמאָגט, ווי אין פסוק שטייט „ארץ זבת חלב ודבש״. מיר האבן אלע פארבראכט צוזאמען ביי א שיינעם מיטאג אין דער שוועסטערס שיינער היים אין תל אביב, ביז אין דער שפעטער נאכט אריין.

ווען איך האב דערציילט מיינע גאַסט־געבער אז איך בין א שכן פון דעם ליובאוויטשער רבי׳ן אין ברוקלין, האבן זיי מיר מיטגעגעבן א סלאָיעלע האָניג ספּעציעל פאר׳ן רבי׳ן אויף איינצוטונקען די חלה לכבוד ראש השנה.

אבער אפילו אָן די האָניג האבן גשר הזיו און די גאלדבערגס־משפחה אין ישראל מיר איבערגעלאזט א זיסן טעם וואס איז נאך פריש עד היום.



# מיט אמעריקאנער ציוניסטן אין ירושלים

מיין באַזוך אין ישראל אין זומער פון 1977 איז געווען באזונדערס אינטערעסאַנט און אינספירירענד, האָבנדיג געווען א דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ פון דער אמעריקאנער ציוניסטישער ארגאניזאציע וואס איז אָפּגעהאַלטן געווארן אין חודש יולי אין ישראל, מיט א פּראַכטפולער דערעפענונג אין די בניני האומה אין ירושלים.

ס׳איז געווען די גרעסטע און איינדרוקספולסטע פארזאמלונג וואס איך האב ווען בייגעוואוינט, מיט ארום טויזנט דעלעגאטן און געסט פון אמעריקע, און נאך טויזנטער פון ישראל גופא וואס זיינען געקומען צו דער פייערליכער דערעפענונג אין ירושלים.

ס׳איז געווען א גרויסער אָוונט אויף וועלכן ס׳איז געקומען צום אויסדרוק די אחדות פון גאַנצן אידישן פאָלק, פון אידן אין אמעריקע צוזאמען מיט אידן אין ישראל, און דער אמעריקאנער אמבאסאדאָר, מר. סעם לואיס, האט געהאט א געלעגנהייט צו הערן ווי דער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין אמעריקע, ראבאי יוסף שטערנשטיין, האט אויסגערופן אז אויב פרעזידענט קארטער דערוואַרט א שפּאַלטונג אין דער מויער פון אידישער אחדות צוליב מנחם בעגינ׳ס קומען צו דער מאַכט אין ישראל, מאַכט ער א גרויסן טעות. „מיר זיינען איין פאָלק״ — האט ראבאי שטערנשטיין פּראָקלאַמירט, און דער פיל טויזנט קעפּיגער עולם האט אים שטורמיש אַפּלאָדירט ביז צום הימל.

אויף דער טריבונע זיינען געזעסן פרעזידענט אפרים קציר, פרעמיער מנחם בעגין, מעיאָר טעדי קאָלעק, מיניסטארן און פירער



האפמאןביים עמוד אין דער שול פון כפר סילווער וואו ער האט
בייגעשטייערט די בענק און אנדערע איינריכטונגען.

פון דער אידישער אגענטור. זשאַק טארטשינער, א וויכטיגער פירער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין אמעריקע, האט געפירט דעם פאָרזיץ מיט גרויס טאַקט און אויך מיט ניט ווייניג אידיש שטאָלץ. מר. טארטשינער האט ארויפגעבראכט אייניגע דעראינערונגען פון אידן אין אייראפע בעת און נאך דער מלחמה, און ווי ער אליין, דאַן אין פראנקרייך, האט צוגעזעהן די מערדערליכע גלייכגילטיקייט פון דער וועלט צום אומקום פון אייראפעאישן אידענטום.

די אמעריקאנישקייט פון דער פארזאמלונג איז דעמאָנסטרירט געווארן גלייך אין אָנפאַנג, מיט א סאַלוט צו דער אמעריקאנער פאָן און דעם זינגען פון „סטאַר ספענגעלד בעננער״, און מיט אנ׳ארײנמארש פון פופציג שיינע אידישע טעכטערלעך מיט די פאָנען פון יעדן פון די פופציג אמעריקאנער שטאַטן. דער גאסט־רעדנער פון דער קאנפערענץ איז געווען סענאטאר דאול פון קענזעס, דער רעפובליקאנער קאנדידאט פאר וויס־פרעזידענט אין 1976, וועלכער איז ביי דער געלעגנהייט אויך ארויסגעטראָטן מיט א שטארקער פּראָ־ישראל׳דיגער רעדע.

ראבאי שטערנשטיין׳ס רעדע, אָנפאַנגענדיג אין העברעאיש און דערנאך אין ענגליש, איז גוט פארצייכנט געווארן פון דעם אמעריקאנער אמבאסאדאר וועלכער איז געזעסן מיט א פענסיל אין האַנט און געמאכט נאָטיצן. ער האט אודאי באריכטעט צום ווייסן הויז אז אמעריקאנער אידן וועלן זיך ניט לאזן שפּייען אין קאַשע און וועלן באשטיין אז דער פרעזידענט זאל האלטן זיין צוזאָג צו אידן און צו ישראל וואס ער האט געגעבן בעת׳ן קאמפּיין.

דער שענסטער טייל פון דער פארזאמלונג איז געווען דער אויפטריט פון מנחם בעגין. עס האט פון זיין מויל ארויסגערעדט אידיש האַרץ און אידיש געפיל, די גאנצע אידישע געשיכטע וואס איז ענג געקניפּט און געבונדן מיט ארץ ישראל, ווי אויך א גרייטקייט צו טרעפן זיך מיט די אראבישע פירער און שליסן א שלום וואס זאל מאכן א סוף צו אלע בלוטיגע מלחמות.

ווי א געניטער קענער פון דער וועלט־לאַגע האט ער אָנגעוויזן ווי אזוי סאוועט רוסלאנד האט זיך באזאָרגט מיט טעריטאריעס ארום איר צענטראלער רעפּובליק כדי צו פארזיכערן זיך פון פיינטליכע אָנגריפן, און די זעלבע רוסלאנד מאָנט איצט אז די קליינע ישראל זאל צוריקגעבן די אראבער אלץ מיט אלעמען און זיך איבערלאָזן אויף הפקר צו די פינסטערע כוונות פון די ארומיגע שכנים.

„אלץ וואס מיר ווילן איז — צו קענען באשיצן אונזערע פרויען און קינדער אין פאַל פון א נייעם אראבישן אָנפאַל, ניט ווי אין די חורבן־יארן ווען אונזערע מאמעס און שוועסטער און אונזערע קינדערלעך זיינען געווען שוצלאָז", האט דער פרעמיער אויסגעשטרעקט א האַנט פון שלום צו די שכנים און זיי אָנגעבאָטן ישראל׳ס טעכנישע הילף און קאָאפּעראַציע וואס וועט זיין א מזל ברכה פאר׳ן גאנצן מיטל־מזרח.

אמעריקאנער ציוניסטן האבן יענעם אוונט אין די בניני האומה אין ירושלים געפייערט 80 יאהר ציוניזם.

זיי האבן אויך באפעסטיגט און צעמענטירט דעם אייביגן בונד פון אידישן פאָלק מיט ציון, א בונד וואס איז אזוי אַלט ווי ציון און דאס אידישע פאָלק זיינען.





יעקב האפמאן אין א געשפרעך מיט אבא איבאן אין פראנט פון „דן" האטעל אין תל אביב.

# אונטער דער חופה
# מיט א ספר תורה אין חברון

מיין פריינד הרב משה ווייס פון ברוקלין וועלכער איז פאַרבונדן מיט דער מזרחי באַוועגונג און האָט עולה געווען קיין ישראל מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק, איז אַקטיוו אין דער ישיבה „בני עקיבא" אין נתניה.

בעת מיין באַזוך אין ישראל אויף פסח 1968 האָב איך זיך מיט אים באַגעגענט עטליכע מאָל און אויך געזעהן די שיינע ישיבה אין נתניה.

איך בין אָבער באַזונדערס דאַנקבאַר צו הרב ווייס פאַר געבן מיר די מעגליכקייט צו זיין אַ מחותן אויף אַ גרויסער היסטאָרישער שמחה אין די טעג פון חול המועד פסח. ער האָט מיר טעלעפאָנירט און געלאַדן מיטצופאָרן מיט אים און זיין פרוי קיין חברון וואו מען וועט אַריינשטעלן פיר ספרי תורה אין דער מערת המכפלה, און פאַרשטעהט זיך אַז איך האָב די אַיינלאַדונג אָנגענומען מיט פרייד און דאַנקבאַרקייט.

מיט איינע פון די פיר ספרי תורה איז פאַרבונדן אַ טרויעריגע אָבער אויך העלדישע געשיכטע וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יאָהר 1929 בעת דעם בלוטיגן אַראַבישן פּאָגראָם אויף די אידן פון חברון.

אָט איז די געשיכטע ווי עס איז מיר דערציילט געוואָרן פון הרב יוסף באַ־גד, אַ געוועזענער תלמיד פון „בני עקיבא" אין כפר הרואה און איצט דער רב און אָנפירער פון אַנ׳אייגענער ישיבה בני עקיבא אין נחלים.

דער בלוטיגער אַראַבישער פּאָגראָם פון 1929 האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שבת אינדערפרי ווען אַ באַנדע רוצחים איז אַריינ־

געלאָפן אין שוהל מיט אויסגעשטרעקטע מעסערס און אומגעבראַכט אַלע מתפללים. אין אַ טייך בלוט, אונטער די טויטע קערפּערס, איז געבליבן זשיפּען אַנ׳עלטערער איד מיט׳ן נאָמען ר׳ חיים אברהם לערמאן. די אַראַבער האָבן אונטערגעצונדן די שוהל און זיינען אַוועק אויפזוכן נאָך קרבנות.

ווען ר׳ חיים אברהם האָט דערזעהן ווי דער פּרוכת אויפ׳ן ארון הקודש ברענט, האָט ער זיך אָנגעגורט מיט די לעצטע כחות און קייקלענדיג זיך אויפן בויך האָט ער אויפגעריסן די טירלעך פון ארון הקודש און אַרויסגעראַטעוועט די ספר תורה, די איינציגע ספר תורה וואָס איז דאָרט געווען.

בלוט האָט זיך פון אים געגאָסן, זיינע שבת׳דיגע מלבושים האָבן זיך געסמאָליעט, אָבער קייקלענדיג זיך ווידער אויפ׳ן בויך איז ער דערקראָכן מיט דער ספר תורה אין דרויסן.

מען האָט אים געבראַכט אַ שווער פאַרוואונדעטן אין ביקור חולים שפּיטאָל אין ירושלים וואו ער האָט זיך געמוטשעט אַ פּאָר טעג אין שווערע יסורים און איז געשטאָרבן.

דעם זעלבן שבת איז אַנ׳אַנדער אַראַבישע באַנדע באַפאַלן דעם אידישן ישוב אין מוצא, לעבן ירושלים, און אויך דאָרט אויס־געשאָכטן אַ סך אידן. אין הויז פון דער משפחה מאַקלעף, וועלכע איז אומגעבראַכט געוואָרן, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ איד, אַ שווער פאַר־וואונדעטער, מיט׳ן נאָמען ירחמיאל שטיינבערג. אויך ער איז געבראַכט געוואָרן קיין ירושלים אין ביקור חולים שפּיטאָל, אַ בעט לעבן אַ בעט מיט ר׳ חיים אברהם׳ען.

ווען ר׳ חיים אברהם האָט דערפילט אַז זיינע מינוטן זיינען געציילטע, האָט ער זיך אויסגעדרעהט צו ר׳ ירחמיאל׳ן און אים געזאָגט בזה הלשון:




יעקב האפמאן (לינקס) אונטער דער חופה מיט די ספרי תורה



יעקב האפמאן מיט הרב משה ווייס

— איך זעה אַז מיין סוף איז נאָהנט, על כן בעט איך דיר אַז דו זאָלסט איבערנעמען די ספר תורה וואָס איך האָב אַרויסגעראַטעוועט פון חברון, און איך וויל דו זאָלסט מיר צוזאָגן אַז דו און דיינע קינדער וועלן אָפּהיטן די ספר תורה ביז עס וועט קומען דער טאָג ווען אידן וועלן צוריקקומען קיין חברון, דאַן זאָלסטו צוריקברענגען די ספר תורה קיין חברון . . .

ר׳ חיים אברהם האָט פאַרענדיגט זיינע רייד און צוגעמאַכט די אויגן אויף אייביג.

ר׳ ירחמיאל איז געבליבן אין שפּיטאָל אַ לאַנגע צייט, ביז ער איז געזונט געוואָרן און איז צוריקגעגאַנגען צו זיין היים אין מוצא, מיט־נעמענדיג מיט זיך די ספר תורה פון חברון.

אין 1948 ווען די מלחמת השחרור האָט אויסגעבראָכן, איז מוצא ווידער באַפאַלן געוואָרן פון אַראַבער, און דער קאָמאַנדיר פון דער הגנה האָט באַפוילן אַלע ציווילע מענשן צו פאַרלאָזן דעם יישוב.

ר׳ ירחמיאל איז אָבער געבליבן אין שוהל פון מוצא, וואו ס׳איז אין ארון קודש געשטאַנען די געראַטעוועטע ספר תורה פון חברון.

אין 1955 ווען ר׳ ירחמיאל, שוין אַ זקן פון 90 יאָהר, האָט דער־פילט אַז זיין צייט איז געקומען, האָט ער גערופן צו זיך זיין אייניקל יוסף באַ־גד וועלכער איז דאַן געווען פון די בעסטע תלמידים אין כפר הרואה און אים דערציילט די געשיכטע מיט דער חברונ׳ער ספר תורה און אים געבעטן בזה הלשון:

— איך האָב אין מיינע הענט אַנ׳אוצר וואָס איך האָב צוגעזאָגט צוריקצוברענגען קיין חברון . . איך גיב דיר איבער דעם אוצר און איך וויל דו זאָלסט מקיים זיין מיין צוזאָג וואָס איך האָב געגעבן ר׳ חיים אברהם׳ען אין זיינע לעצטע מינוטן . . .

יוסף באַ־גד, אָדער ווי ער איז היינט באַקאַנט צווישן זיינע חברים אַלס יאָסקע, האָט גענומען די ספר תורה צו זיך, און ווען ער איז געוואָרן ראש ישיבה פון נחלים האָט ער אַריינגעשטעלט די ספר תורה אין ארון קודש פון דער ישיבה.

ווען די ישראל־אַרמיי האָט איינגענומען חברון אין 1967 האָבן די תלמידים פון בני עקיבא געבעטן אַ דערלויבעניש פון ישראל־קאָמאַנדיר פון שטאָדט, אַריינצוברענגען די גרעאַטעוועטע ספר תורה אין דער מערת המכפלה. דער ישראל קאָמאַנדיר האָט אָבער אָפּגע־זאָגט די בקשה, מיט׳ן אויסרייד אַז דאָס וועט אויפרייצן די אַראַבער.

אין 1968 האָבן זיך רעליגיעזע חלוצים באַזעצט אין קרית ארבע־חברון און הרב באַ־גד האָט זיי דערציילט די געשיכטע מיט דער ספר תורה וואָס ער האַלט אַלס פקדון. די חלוצים פון קרית ארבע האָבן גלייך באַשטימט דורכצופירן אַ גרויסן יום־טוב לכבוד דער ספר תורה און איינלאַדונגען זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף כ״ט אייר, דער יאָהר־טאָג פון דער באַפרייאונג פון חברון.

אין דער לעצטער מינוט איז אָבער די פייערונג צוריקגערופן געוואָרן אויף אַ פאַראָרדענונג פון ישראל־קאָמאַנדיר. דער מעיאָר פון חברון, דער טרויעריג באַרימטער פּאָגראָמשטשיק, אלי דזשאַברי, האָט געסטראַשעט אַז דאָס וועט שטערן די „גוטע באַציאונגען" צווישן די אידן מיט די אַראַבער.

ערב יום כפור תשל״ז (1976) האָבן זיך אַראַבער אַריינגעריסן אין דעם אידישן טייל פון דער מערת המכפלה, צוריסן סידורים און ספרים און פאַרשוועכט די ספרי תורה אין ארון קודש. אין דער גרויסער לוויה וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן פאַר די פאַרשוועכטע הייליקייטן האָט זיך אויך באַטייליגט דער דאַמאָלסט׳דיגער פירער פון דער אָפּאָזיציע, מנחם בעגין, און ער האָט צוגעזאָגט און געשוואוירן

אַז ער וועט ניט רועהן ביז דער כבוד פון דער אידישער חברון וועט צוריקגעשטעלט ווערן און דער צוזאָג וואָס איז געגעבן געוואָרן צום איד'ן וואָס האָט זיך מוסר נפש געווען צו ראַטעווען די ספר תורה פון ברענענדען ארון קודש, וועט דערפילט ווערן.

דאָס איז די געשיכטע מיט דער ספר תורה פון חברון אונטער וועלכער'ס חופה איך בין חול המועד פסח תשל"ח געשטאַנען אין חברון צוזאַמען מיט מנחם בעגין, היינט פרעמיער פון ישראל, און געהערט ווי ער האָט געדאַנקט דעם רבונו של עולם פאַר געבן אים די מעגליכקייט צו האַלטן דעם צוזאָג וואָס איז געגעבן געוואָרן צום איד'ן פון חברון אין בלוטיגן יאָהר פון 1929.

פונקט יענעם טאָג האָט געגאָסן אַ שלאַקס־רעגן מיט דונערן און בליצן, און מענשן האָבן געצווייפעלט צי דער פרעמיער וועט קומען.

ער איז אָבער געקומען, און טויזענטער אידן, יונג און אַלט, האָבן אים באַגעגענט מיט פריידיגע אויסרופן. אידן האָבן געטאַנצט און געזונגען אין רעגן, באַגלייטענדיג די ספרי תורה פון קרית ארבע צו דער מערת המכפלה.

דער לעצטער וואונש פון ר' חיים אברהם לערמאן איז מקויים געוואָרן. די ספר תורה וואָס ער האָט געראַטעוועט איז צוריק־געקומען אין דער שטאָדט פון די אבות.



# די מכביאדא — א יום־טוב פון אידישן כח און אידישן גייסט

איך בין ברוך השם ניט קיין גאַסט אין ישראל, אבער מיין באזוך אין זומער 1977 איז געווען פון א באזונדערס גרויסן פארגעניגן צוליב מיין אנוועזנהייט ביי דער פייערליכער דערעפענונג פון דער 10־טער מכביאדע אין רמת גן, מיט׳ן אנטייל פון 50 טויזנט אידן קיין עין הרע, און ביי איר רירענדען אָפשלוס מיט אכט טעג שפעטער ביים כותל מערבי.

די דערעפענונג אין סטאדיום פון רמת גן יולי דעם 12־טען, 1977, איז געווען א דערקוויקענדע איבערלעבונג סיי פאר׳ן אידישן קערפער און סיי פאר דער אידישער נשמה. 3 טויזנט אידישע ספּאָרטלער פון 34 לענדער, צווישן זיי 450 פון ישראל, האבן באוויזן זייער גרויסע גימנאסטישע קענטשאפט; יעדע דעלעגאציע האט אריינמאַרשירט אין סטאדיום מיט איר פאָן; פּאַראַשוטיסטן האבן זיך ארונטערגעלאזט אין צענטער פון סטאדיום; אבער אין צענטער פון דעם אלעמען איז געווען א ריזיגער מגן דוד וואס איז אויספארמירט געווארן דורך ריטמיש־אויסשטודירטע אידישע יוגענטליכע און וואס האט זיך אויסגעשפרייט כמעט אויפ׳ן גאנצן שטח פון סטאַדיום. דער מגן דוד האט דערמאנט אלעמען מיט וואס מיר זיינען אנדערש פון אלע פעלקער, אפילו אויפ׳ן ספּאָרט־פעלד. דוד מלך ישראל חי וקיים ! . . .

מיקי בערקאוויטש וועלכער האט געבראכט פאר ישראל דעם זיג איבער די סאוועטן אין בעסקעטבאל־שפיל און שפעטער אויך געבראכט פאר ישראל דעם געווינער׳ס „בעכער" פון אייראפּע, איז ארויסגעלאָפן אויף די טרעפּ צום טורעם, און מיט א פאַקל פון מודיעין, די היים פון ערשטן מכבי, יהודה המכבי, אָנגעצונדן די ליכט

אין סטאַדיום, בעת אלע 50 טויזנט אָנוועזענדע האבן געהאַלטן ברענענדע ליכטלעך אין די הענט. די אַטמאָספערע אין סטאַדיום איז געווען אנגעלאָדן מיט אידיש האַרץ און נשמה ביים זינגען די „התקוה״ און דערנאך ביים ארויסלאזן הונדערטער טויבן אין דער הויך צו די הימלען, ווי א דעמאנסטראציע פון אידישן באַגער פאר שלום.

אמעריקע׳ס אידישע ספּאָרטלער זיינען ארויס די ערשטע אויף דער מכביאדע, מיט 82 גאלד־מעדאלן און 64 זילבערנע מעדאלן. ישראל איז ארויס אויפ׳ן צווייטן פּלאץ מיט 50 גאָלד־מעדאלן און 70 זילבערנע מעדאלן. די אידישע יוגענטליכע פון אלע 34 באטייליגטע לענדער האבן ארויסגעוויזן בריה׳שאפט און געשולטקייט, יעדער אויף זיין געביט, און שפּילענדיג מיט עקשנות און אנטשלאסענהייט צו געווינען.

נאך מער רירענד איז געווען דער אָפּשלוס פון דער מכביאַדע אין ירושלים, וואס האט זיך אָנגעפאַנגען מיט א מאַרש איבער די גאסן פון דער הויפּט־שטאָט, פון אלע 3 טויזנט אידישע ספּאָרטלער. זיי האבן מארשירט מיט געהויבענע קעפּ איבער רחוב קינג דזשארדזש, רחוב יפו, בן יהודה, און 7:30 פארנאכט זיינען זיי אנגעקומען צום כותל מערבי וואו עס האט אויף זיי געווארט א נאך גרעסערער עולם ווי ביי דער דערעפענונג אין רמת גן.

ווער עס האט זיך צוגעקוקט צום דאזיגען גרויסן פאראד פון אידישע ספּאָרטלער פון דער גאַנצער וועלט, האט געזעהן אידישע אחדות, אידישע ברידערליכקייט, א לעבעדיגן „חברים כל ישראל״. דאס האַרץ האט געקוואָלן פון נחת, און די ליפּן האבן שטילערהייט געשעפּטשעט א „שהחיינו״.

ווער איז ניט געווען יענעם אָוונט ביים כותל מערבי ? . . . אלע, אלע, פון שטעט און פון דערפער, פון קיבוצים און מושבים. פרעזידענט אפרים קציר און מעיאר טעדי קאלעק און א סך מיניסטארן און דיפלאמאטן זיינען געזעסן אויבענאָן. עראפּלאנען

האבן פון דער הויך אראפגעשיקט ליכט־שטראלן, און אונטן האבן אידן געזונגען און זיך באגריסט איינער דעם צווייטן.

מיטאמאל איז געווארן שטיל אויף דער גאנצער רחבת הכותל. א מעלדונג דורך א מיקראפאן גיט איבער אז עס ווערט געמאכט א הפסקה פון 30 מינוט צו דאווענען מנחה און צו מתפלל זיין ביים כותל.

א ריזן שטראָם אידישע הענט האבן זיך א לאָז געטאָן מיט צעטעלעך צו די שטיינער פון כותל, יעדער מיט זיין תפילה, יעדער מיט זיין געבעט.

מנינים האבן געדאווענט מנחה. דאָ האט מען געזאגט אשרי, דאָ האט מען געזאגט קדושה, און אין אנ׳אנדער ווינקל האבן אידן געזאגט „עלינו לשבח״ און געדאנקט ג־ט פאר זיינע חסדים.

און צום „אשרי״ פון יענער מנחה האב איך צוגעגעבן נאך אנ׳אשרי.

אשרי עין ראתה כל אלה!...

גליקליך איז די אויג וואס האט אזוינס צוגעזעהן!...



דוד עפשטיין (רעכטס) דירעקטאר פון הסתדרות עברית, און פראפ. שאול ליבערמאן (לינקס) מיט יעקב האפמאן ביי א דינער פון דער הסתדרות.

# איך פארשפעטיג אנ׳עראפלאן און גיי צו דער פרי־צייטיגער לוי׳ פון וויצע מעיאר פון תל אביב, יוסף בורשטיין ע״ה

מיטוואָך אָקטאָבער דעם 30־טען, 1968, בין איך געשטאַנען 6 אַזייגער פאַרטאָג מיט מיין באַגאַזש אין פראָנט פון האָטעל ,דן׳ אין תל אביב און געוואַרט אויף דעם אויטאָ וואָס האָט מיר געדאַרפט נעמען צום לופט־פעלד אין לוד, אויפ׳ן וועג צוריק קיין אַמעריקע.

איך שטעה און וואַרט און וואַרט און דער אויטאָ ווייזט זיך ניט. מסתמא האָט די רייזע־אַגענטור פאַרגעסן אָדער געמאַכט אַ טעות אין חשבון.

מיטאַמאָל הער איך אויף דער ראַדיאָ, אויף די פרימאָרגן־נייעס, אַז דער וויצע מעיאָר פון תל אביב, מיין נאָהנטער פריינד פאַר פילע יאָרן, יוסף בורשטיין, איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע אין עלטער פון 58 יאָהר.

ערשט מיט צוויי טעג פריער בין איך געווען ביי אים אין אָפיס אין דער עיריה און מיר האָבן גערעדט איבער אַ צאָל וויכטיגע פראָיעקטן און צום סוף באַשלאָסן צו טרעפן זיך בעת זיין נעקסטן באַזוך אין ניו יאָרק. ער האָט מיר אויך מכבד געווען מיט אַ בוך ,תל אביב־יפו׳ וואו עס ווערט דערציילט די העראָאישע געשיכטע ווי פון אַ שטיק וויסט לאַנד האָבן אידישע הענט און אידישע קעפּ אויסגעבויט אַ שטאָדט אַ שיינהייט.

דער בוך שטעהט עד היום אין מיין ביכער־שראַנק, מיט בורשטיינ׳ס צושריפט אויפ׳ן שער־בלאט וואָס לייענט זיך ווי פאָלגט:

למר הופמן מארצות הברית, ידיד מסור למדינת ישראל, לציון ביקורו בעירית תל אביב, ו׳ בחשון תשכ״ט, 28 באוקטובר 1968.

אונטערגעשריבן — יוסף בורשטיין.

ער האָט מיר אויך געגעבן דעם שליסל צו דער שטאָדט און מיר האָבן זיך געזעגענט ווי צוויי לייבליכע ברידער. ער איז געווען אַ טייערער איד, האָט אָנגעפירט מיט אַ ריי אָפּטיילונגען אין דער עיריה און פאַרנומען אַסך וויכטיגע אַמטן אין דער מפא״י, ווי אויך אין דער ראַדיאָ און טעלעוויזיע אויטאָריטעט, האָבענדיג געדינט אין דער הגנה ווי דער לייטער פון דער ראַדיאָ־סטאַנציע. ער האָט אויך פאַרטראָטן די הסתדרות אויף אַ ריי אינטערנאַציאָנאַלע פלאַטפאָרמען און דורכגעפירט וויכטיגע שליחות׳ן אין אויסלאַנד. דעם מאָנטאָג פריער איז ער אויך אויפגעטראָטן מיט אַ באַגריסונג ביי דער גרונדשטיין־פּייערונג פון לייוויק־הויז אין תל אביב.

און מיטאַמאָל הער איך די טרויעריגע ידיעה אַז ער איז מער ניטאָ. עס האָט מיר שטאַרק פאַרדראָסן וואָס איך וועל ניט קענען זיין ביי דער לויה, ווייל איך האָב שטאַרק געצווייפעלט צי איך וועל קענען ענדערן מיין בילעט אויף אַן׳אַנדער טאָג. בלית ברירה האָב איך געדונגען אַ טעקסי און זיך געלאָזט קיין לוד, טראָגענדיג אין האַרצן אַ שטילע תפילה אַז איך זאָל פאַרשפּעטיגן דעם עראָפּלאַן.

און כך הווה. דער עראָפּלאַן איז שוין אָפּגעפלויגן, און נאָך אַ לאַנגע דינגעניש מיט מיין רייזע־אַגענטור האָבן מיר זיך אויסגעגליכן אין דיני ממונות און כ׳האָב געקראָגן אַ בילעט אויף אַן׳אַנדער טאָג.

אין עטליכע מינוט אַרום בין איך שוין געווען אין אַ טעקסי

אויפ׳ן וועג צוריק קיין תל אביב וואו איך האָב מירביים בנין פון דער עיריה אָנגעשלאָסן אין דעם גרויסן עולם פריינד וואָס זיינען געקומען אַרויסבאַגלייטן יוסף בורשטיינ׳ען צו זיין אייביגער רוה. איך בין מיטגעגאַנגען פאַרביי דעם ועד הפועל אויף רחוב ארלזורוב וואו חברים האָבן אים מספיד געווען און באַוויינט די גרויסע אבידה.

יוסף בורשטיין איז געווען אַ געבוירענער פון פארישעק, פוילן, און האָט עולה געווען קיין ישראל אין 1936. אין פוילן האָט ער פאַרענדיגט אוניווערזיטעט אין פעדאגאגיק און געשיכטע.

זיין לעבן האָט ער אָבער געווידמעט צום ציוניזם און צו דער נייער אידישע מדינה.

עהרע זיין אָנדענק.

●




האפמאן מאכט המוציא ביי א הסתדרות־קאנווענשאן מיטן אנטייל
פון אזעלכע באוואוסטע אידישע ארבייטער פירער ווי (פון רעכטס) דוד
דובינסקי, סאל טשייקין און לואיס סטאלבערג.

# יו. עס. נימעץ

איינע פון די חשוב׳ע אויפטואונגען האט זיך מיר געמאכט ווען איך, דער גבאי פון ברוקלין דזשואיש סענטער האב זיך דערוואוסט אז מ׳דארף האבן א נר תמיד אין א נייע אידישע שול וואס איז געבויט געווארן אויף דער גרעסטער מלחמה־שיף אין דער וועלט, יו. עס. נימעץ. איך האב זיך געאיילט און גענומען די אויפגאבע צו באזאָרגן מיט א שיינעם נר תמיד וואס פּאַסט פאר אזא שוהל. אין דעם בין איך געווארן א שותף צו א גרויסער היסטאָרישער פּאַסירונג אין דעם לעבן פון דעם יודענטום אין אמעריקע, אין דער גאנצער וועלט.

דאס איז דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע פון דער יו. עס. נייווי וואס א שטענדיקע שול איז געבויט געווארן אויף אן אמעריקאנער שיף פאר אידישע זעלנער. און די יו. עס. נייווי מוז באמערקן אז אויף קיין מלחמה־שיף אין דער וועלט האט נאך אזא געשיכטע ניט פּאַסירט.

די געשיכטע פאַנגט זיך אָן מיט א בחור. זיין נאמען איז אוירווינג בערנארט. אָן דעם יונגן בחור וואלט די היסטארישע געשיכטע אפשר קיינמאל נישט פאסירט. אוירווינג בערנארט ענדיקט קאלעדזש. ווי אלע אונזערע יוגנט קען ער נישט באשליסן וואס ווייטער צו טאן. האט אוירווינג באשלאסן זיך אנצושליסן אין דער אמעריקאנער נייווי, ווייל ער האט געהאט די געלעגנהייט זיך אנצושליסן אין דער גרעסטער „נוקליער" אייקרעפט קעריער — די יו. עס. נימעץ. די גרויסע שיף האט אים באאיינפלוסט, ווייל עס וועט אים געבן א געלעגנהייט צו פאָרן איבער די ימים און זעהן די וועלט.

די שיף איז געוועזן זיין היים. די אמביציע פאַלט איין א סך יונגע מענטשן, צו פאָרן אויפן ים און פליען אין די הויכע הימלען.



**אורווינג בערנארד, דער אמעריקאנער מאטראז פון ברוקלין,**
אדאנק ווענדונג וועמענס דער ברוקלין דזשואיש סענטער האט
געשענקט א ספר תורה פאר דער יו. עס. עס. נימיץ.

זייענדיק אויף דער שיף נימעץ איז אוירווינג געגאנגען אין שול פרייטיק נאכט צו קבלת שבת. שבת פרי איז אוירווינג געקומען אין שול דאווענען. האט געפעלט א ספר תורה. עס האט געפעלט די האַרץ און די נשמה וואס הייסט א שול — א ספר תורה. אוירווינג איז ערצויגן געווארן אונטערן איינפלוס פון ברוקלין דזשואיש סענטער. ער איז געווען איינער פון די פעהיקע סטודענטן אין דער טאג־שול און ער איז געווען איינער פון די בעלי־תפלה. ווען אוירווינג איז געקומען פאר א פּאָר טעג זען זיין מוטער איז ער געקומען מיט איר שבת אין שוהל. מען האט אים איינגעלאדן צו זיין דער בעל־תפלה. נאָכן דאווענען האט אוירווינג דערציילט דעם רעליגיעזן קאָמיטעט אז ער קען זיך ליידער נישט צופאסן צו דעם וועג פון דאווענען אויף דער שיף אָן א ספר תורה.

דער פרעזידענט, עמנואל קאָהן, און דער וויס־פרעזידענט בנימין מארקאָוו האט דאס גלייך איבערגעגעבן ראַבאַי ישראל ה. לעווענטהאל און ראַבאַי דוד היימאָוויטץ. אלע האבן איינשטימיק פארשטאנען אז די סיטואציע דארף געלייזט ווערן; צוזאמען מיטן רעליגיעזן קאמיטעט האבן זיי באשלאָסן צו ביישטייערן א ספר תורה צו דער נימעץ־שוהל.

דער ברוקלין דזשואיש סענטער האט זיך גלייך אנגעפרעגט ביי דעם קאָמאנדיר פון דער נימעץ, קעפּטן ברייען וו. קאמפּטן זורניע און אויך דעם רב עריק סילווער, דער טשאפּלין פון דער נאָרפאָלק בייס, און טשאפּלין ראָבערט בעדינגפיעלד פון דער נימעץ. דער פּאָרשלאַג פון דעם דזשואיש סענטער צו שיקן א ספר תורה איז אנגענומען געווארן. מען האט געדארפט אויסגעפינען ווען די שיף וועט קומען צום פארט אין זיין היים־בייס אין נאָרפאָלק.

דער סענטער האט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן ווי אזוי די צערעמאָניע זאל פּאָרקומען. אין אָנפאנג האבן מיר געדיינקט אז א קליינע קאָמיטע וועט פּאָרן אין נאָרפאָלק, ווירדזשיניא. אין דער זעלבער

יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק:



**יעקב האפמאן (צווייטער לינקס), מיט אנדערע פירענדע באאמטע פון ברוקלין דזשואיש סענטער, טראגן אונטער די חופה די ספר תורה וואס זיי האבן מנדב געווען פאר די אידישע מאטראזן פון דער יו. עס. עס. נימיץ, אין נארפאלק, ווירדזשיניא.**

צייט האט מען אויסגעפונען אז א סך סענטער־מעמבערס ווילן זיך באטייליקן צו זיין ביי דעם היסטאָרישן מאָמענט, ווי דער ברוקלין דזשואיש סענטער וועט מאכן געשיכטע פארן אמעריקאנעם יודענטום. מיר האבן נאר געפונען פלעצער פאר 45 מענטשן. די נעשאָנעל איירליין, וועלכע פליט קיין נאָרפאָלק, האט געגעבן 45 מענטשן בילעטן, מיט דער קאָאָפּעראַציע פון רב סילווער און טשאפלין בענדינגפיעלד. מיר האבן אויסגעארבעט א פלאן: טשאפלין סילווער האט אונז געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט א כשר קייטערער וועלכער האט זיך אונטערגענומען צוצוגרייטן א לאָנטש פאר אונז און פאר די געסט.

די זון האט געשיינט פאר אונז אלעמען, פאר דעם שיינעם אינדערפרי. פלאַץ האט מען אויף דעם איירפליין געמאכט פאר דער ספר תורה. דאס האבן צוגעגרייט די סטואַרדעסעס. קומענדיק אין נאָרפאָלק האבן אונז באגעגנט אירווינג בארנארט און עטליכע נייווי אָפיצערן.

ווען מיר זיינען אנגעקומען אויפן דעק פון דער נימעץ איז שוין געווען די „סערעמאָניעל בענד" פון קאָמאנדיר און איינער פון די העכסטע אָפיצערן פון דער יו. עס. אטלאנטיק פליט האט צוגעגרייט דעם אָרקעסטער און געשפילט אידישע מעלאָדיעס. דער דעק איז געווען אָנגעפילט מיט מעמבערס פון דעם אידישן געגנט, פון שול, וועלכע זיינען געקומען אויף דער איינלאַדונג. מיר האבן ארייננעמארשירט מיט דער ספר תורה אונטער א חופה און דערביי איז געשטאנען א נייער ארון קודש, וועלכער איז געבויט געווארן פון דער נייווי אונטער רב סילווער׳ס אויפזיכט.

דער רב האט געעפנט די צערעמאָניע מיט א תפלה. אירווינג האט געהאט דעם כבוד צו עפענען דעם ארון קודש און עמנואל קאָהן האט אראָפּגענומען דאס מאַנטעלע וועלכע אירווינג׳ס מוטער האט בייגעשטייערט.

עמנואל קאָהן און זיין פרוי האבן בייגעשטייערט א נייע עץ־חיים. דער פרעזידענט פון ברוקלין דזשואיש סענטער, בנימין מארקאָוו, האט געגעבן די תורה, וועלכער דער קעפטן האט גענומען מיט גרויס כבוד. ווען קעפטן קאָמפּטאַן האט געהאלטן די תורה האט רב היימאָוויטץ געגעבן א קורצע דרשה וועגן דער תורה (דער בייבל), וועגן די גייסטיגע באַגריפן, און אז דער סימבאָל — די תורה — וועט העלפן ברייננגען שלום אויף דער וועלט.

די תורה האָט מען צוריקגעשטעלט אין ארון. אַלע אָנוועזנדע האבן מיט גרויס צופרידנהייט געזונגען „עץ חיים היא למחזיקים בה . . .״

ביי דער צערעמאָניע האבן מיר געהאט א „סורפּרייז״־גאַסט — ריר־אדמיראל דזשאָן דזשיי אָ־קאָנער, נייווי טשיף אָוו טשאפּלינס. ער האט אנאָנסירט אז דאס איז דאס ערשטער מאָל אונטער זיין פירערשאַפט א נייער סטאנדארד, אז דער אידישער טשאפּלינס־פלעג וועט הייגגען אויף אלע נייווי־שיפן בעת די אידישע יום־טובים, מיטן מגן־דוד און די 10 געבאָט.

עס איז דער איינציקער פלעג וואס וועט מעגן פליען העכער פון די סטארס און סטרייפּס.



דער אלגעמיינער זשורנאל
ALGEMEINER JOURNAL FRIDAY, APRIL 14, 1978

# אמעריקאנער איד צינדט אן „נר תמיד" אין שוהל פון ס.ס. נימיץ אין חיפה האפן

תל אביב: — יעקב האפמאן, א באקאנטער ציוניסטישער טוער און ישיבה־עסקן פון ברוקלין, וועלכער איז געקומען קיין ישראל אויף פסח, האט לעצטען זונטאג אנגעצונדען דעם „נר תמיד" אין דעם אידישען טשאפעל אויף דער אמעריקאנער קריגס־שיף ס. ס. נימיץ, וועלכע געפינט זיך איצט אויף א פריינטליכען באזוך אין חיפה׳ער האפען. ס׳איז לכבוד דער פייערונג דורכגעפירט געווארען א זעהר איינדרוקספולע תפילה מיט פאסענדע קאפיטלעך תהלים און געזאנגען, אנגעפירט פון הרב הראשי פון חיפה, הרב שאר ישוב כהן.

מר. האפמאן, וועלכער האט געשענקט דעם „נר תמיד" פאר דער ס. ס. נימיץ, איז באערט געווארן מיט זאגען דעם קאפיטל כ״ד פון תהלים (לדוד מזמור לה׳ הארץ ומלואה) וואס ער האט אויסגעזונגען מיט גרויס הארץ און טאלאנט.

פאר ציטונגס־לייט אויף דער שיף האט מר. האפמאן דערציילט אז זיין שייכות מיט דער ס. ס. נימיץ נעמט זיך פון דעם וואס ווי א גבאי אין ברוקלין אידישען צענטער אויף 667 איסטערן פארקוועי איז ער געווען צווישען נאענט צו פופציג פירענדע מיט־גלידער פון סענטער, וואס האבן אריינגעבראכט א ספר תורה אין טשאפל פון דער גרעסטער אמעריקאנער קריגס־שיף בעת אן איינדרוקספולער צערעמאניע אין נארפאלק, ווירדזשיניע. די ווענדונג פאר דער ספר תורה איז געקומען פון א אידישען מאטרא, אוירווינג בערנאם, וואס דינט אויף דער נימיץ און איז א געוועזענער תלמיד פון דער טאג־שול ביים סענטער.

טיף גערירט פון דעם היסטארישען מאמענט אין זיין לעבען האט מר. האפמאן דערקלערט פאר׳ן קאפיטאן און פילע אנדערע הויך־ראנגיקע אפיצירן פון דער אמעריקאנער ים־פלאטע, אז זיין גרעסטע שטרעבונג אין לעבן איז צו זען א שטארקע אמעריקע ביים דער זייט פון א שטארקער ישראל און ביידע צוזאמען זאלען דינען ווי א מוסטער פון דעמאקראטיע און פרייהייט פאר אלע פעלקער אין מיטל־מזרח.

(יעקב האפמאן איז גוט באקאנט צו די לייענער פון „אלגעמיינעם זשורנאל" פון זיין אינטערעסאנטער לעבענס־געשיכטע וואס האט זיך געדרוקט אונטער׳ן נאמען „יצחק חזן דעם קבצנ׳ס מיזיניק").

# יעקב האפמאן שילדערט זיין אנצינדען דעם „נר תמיד״ אויף אמעריקע׳ס גרעסטער קריגס־שיף אין האפען פון חיפה

יעקב האָפמאַן, דער האַרציגער איד פון אָסטראָוו מאזאוויעצק און רוטקע, באַקאַנט צו די לייענער פון „אַלגעמיינער זשורנאַל״ אונטער׳ן נאָמען „יצחק חזן דעם קצב׳ס מיזיניק״, ווי עס האָט געהייסען די שפּאַנענדע לעבענס־געשיכטע וואָס ער האָט פאַר־עפענטליכט אין אונזער צייטונג, איז צוריקגעקומען פון נאָך אַ באַזוך אין ישראל וואו ער האָט דאָס מאָל פאַרבראַכט פּורים און פּסח און פאַרצייכענט דעם 30־טען יום טוב פון דעם געבורט פון דער אידישער מדינה אויף אַ היסטאָרישן אופן, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם געוועזען אָרעם אימיגראַנטען־אינגעל וועמען דערפאָלג און עשירות אין אַמעריקע האָבען נאָכמער צוגע־בונדען צו זיינע ברידער, צום אידישען היימלאַנד, צו אידישער דערציאונג, צו שוהל און ישיבה און צו אַלץ וואָס אָטעמט מיט אידען און אידישקייט.

דעם פאַרגאַנגענעם 9־טען אַפּריל, זונטאָג, ב׳ ניסן, האָט יעקב האָפמאַן אָנגעצונדן דעם „נר תמיד״ וואָס ער האָט דעדיקירט אויף אַמעריקע׳ס גרעסטער נוקלעאַרער קריגס־שיף, די ס. ס. נימיץ, בעת איר באַזוך אין האַפען פון חיפה.

ער איז געבראַכט געוואָרען אויף אַ קלענערע שיפל צו דער ריזען־שיף וועלכע איז געווען פאַראַנקערט אַרום פינף קילאָ־מעטער פון האַפען, צוזאַמען מיט הויכע אידישע אָפיצירען פון דער ישראל ים־פלאָטע און מיט׳ן הויפּט רב פון חיפה, הרב שאר ישוב כהן, אַ שוואָגער פון רב הראשי גורן און אַ זון פון באַרימטען ירושלים׳ער נזיר זצ״ל.



האפמאן ביים כותל מיטן נזיר (צענטער) און זיין זון הרב שאר ישוב כהן (לינקס).



אויף דער אמעריקאנער קריגס-שיף יו. עס. נימיץ

הרב כהן האָט געזאָגט אַ קאַפּיטל תהלים און עטליכע רירענדע ווערטער וועגן דעם אידישען טשאַפּעל אויף דער נימיץ און וועגן דער פריינדשאַפט צווישען אַמעריקע און ישראל. מר. האָפמאַן, וועלכער איז אויך אַ שיינער דאַווענער, אַ ירושה פון זיין טאַטע׳ן ע״ה, האָט געזאָגט קאַפּיטל כ״ד פון תהלים (לדוד מזמור לה׳ הארץ ומלואה), מיט׳ן ניגון וואָס אידען זאָגען דעם דאָזיגען קאַפּיטל ראש השנה און יום כיפור נאָך מעריב.

ווען מר. האָפמאַן שילדערט איצט יענעם מאָמענט אויף דער ס. ס. נימיץ גיט ער צו מיט מוט און האָפערדיקייט אין זיין באַסאָווער שטימע, אַז ס׳איז סימבאָליש פאַר אַ איד׳ן פון עמק הבכא אָנצוצינדען דעם „נר תמיד״ אויף אַ נוקלעאַרער קריגס שיף. „דער נר תמיד איז אונזער נוקלעאַרער וואָפען און מיט זיין הייליג פייער און ליכט וועט דאָס אידישע פאָלק אם ירצה השם בייקומען אַלע שונאים און אויך אַלע פאַרשטעלטע פריינד״, זאָגט ער מיט אַ טאָן פון זיכערקייט אין זיין שטימע.



די יו. עס. עס. נימי

ווי קומט ער צו דער ס. ס. נימיץ ? . . . אויף דעם דערציילט מר. האָפמאַן אַ זעהר אינטערעסאַנטע געשיכטע וואָס האָט צו טאָן מיט׳ן ברוקלין אידישען צענטער אויף 667 איסטערן פּאַרקוועי, וואו ער איז אַ גבאי און אַ פירענדער מתפלל, סיי ביים עמוד און סיי פּאַר־זיך. פאַראַיאָרען זומער האָט ער צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון פופציג מעמבערס פון סענטער אַריינגעבראַכט אַ ספר תורה אין טשאַפּעל פון דער נימיץ אין נאָרפאָלק, ווירדזשיניע, איר היים באַזע. די ווענדונג פאַר אַ ספר תורה איז געקומען פון אַ אידישן מאַטראָז, אירווינג בערנאַרטז, אַ געוועזענער תלמיד פון דעם סענטער׳ס טאָג־שול, וועלכער האָט געדינט אויף דער שיף און האָט געשריבען צו די רבנים פון סענטער, ראבאי ישראל לעווענטאַל און ראבאי דוד היימאָוויץ, אַז אַ שוהל אָן אַ ספר תורה איז אָן אַ הארץ און אָן אַ נשמה.



...סטע קריגס־שיף אין דער וועלט



האפמאן אין א פריינטליכן שמועס מיטן קאפיטאן פון שיף

זייענדיג דאַן אויף דער שיף אין נאָרפאָלק, ווירדזיניע, האָט ער מנדב געווען דעם „נר תמיד״, און ווען ער האָט איצט געהערט, אַז די שיף וועט זיין אין האַפען פון חיפה, האָט ער עס געהאַלטען פאַר אַ פאַסענדע געלעגענהייט צו מקיים זיין דעם נדר בעת ער וועט זיין אויף פסח אין ישראל.

דאָס קריגען אַ דערלויבעניש דורכצופירען די דעדיקאַציע אין חיפה איז אים אָנגעקומען נישט צו־לייכט, דערציילט מר. האָפמאַן. די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע איז געווען זעהר שטרענג ביים צולאָזען מענטשען צו דער שיף, און נאָר פרעמיער בעגין און אַנדערע הויכגעשטעלטע רעגירונגס מענטשען זענען געווען צווישען די געלאַדענע געסט. ס׳איז אים אָבער געלונגען — דערציילט ער — דורכצוברעכען די וואַנט פון „רעד טעיפּ״ מיט דער הילף פון אַ יונגער אידישער פרוי, אַ ליוטענאַנט קוירנעל אין ישראל׳ס ים־פלאָטע, רינה לוי, מיט וועמען ער איז באַקענט געוואָרען דורך אינזשיניר אהרן בוצער, אַן אייניקל פון אַ לאַנדספרוי פון אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק, וועלכער איז פאַרבונדן מיט דער ים־פלאָטע. די באָבע פון דעם אינזשיניר איז עס געווען די פרוי וועגן וועלכער מר. האָפמאַן האָט דערציילט אין זיין לעבענס־געשיכטע ווי זי פלעגט אים און די אַנדערע חדר־אינגלעך אַרויסטרייבען פון איר גאָרטען און שרייען אויף זיי „שקצים, וואָס איר זייט״ . . .

די ס. ס. נימיץ, באַטאָנט מר. האָפמאַן, פאַרמאָגט אַ מאַנשאַפט פון טויזענטער מאַטראָזען און נאָהנט צו הונדערט עראָפּלאַנען אויף איר „דעק״ און אַלע אַנדערע כלי משחית מיט וועלכע די ציוויליזירטע וועלט איז היינט באַשאָנקען. און דאָ, אין דעם קליינעם אידישען טשאַפּעל מיט׳ן קליינינקען אָרון קודש׳ל און פלאַטערענדען מגן דוד האָב איך געהאַט דעם זכות צו דעדיקירן אונזער גרעסטען כלי זיין, דעם „נר תמיד״ אונזער׳ן וועלכער וועט איבערלעבען און בייקומען אַלע פלאַקערן פון די



**יעקב האפמאן מיט רינה לוי, א ליוטענאנט קוירנעל אין ישראל׳ס ים פלאטע, וועלכע האט אראנזשירט די דעדיקאציע אויף דער יו. ס. ס. גימיץ.**



**יעקב האפמאן ביי אן אויפנאמע אין תל־אביב הילטאן, נאך דער פייערליכע צערעמאניע אין חיפה.**
לינקס פון מר. האפמאן איז ליוטענאנט־קוירנאל רינה לוי (פון ישראל׳דיקן ים פלאט), רעכטס איז די פרוי פון האפמאנ׳ס פלימעניק, זאב (רעכטס שטייענדיק). די אנדערע אויפן בילד זיינען הויכע אפיצירן אין ישראל׳ס ים־פלאט.



**האפמאן מיט רינה לוי**



**האפמאן און דער רב־הראשי פון חיפה, הרב שאר ישוב כהן, צוזאמען מיט הויכע ים פלאט אפיצירן פון אמעריקע און ישראל**

אַראַבישע אויל-פעלדער וועלכע האָבן שוין לײדער אויך פאַרטשאַדעט די קעפּ אין ווייסען הויז.

ווען פרעמיער בעגין איז געווען אויף דער ס. ס. נימיץ האָט ער געהאַט גרויס הנאה אָנקוקענדיג דעם אידישען טשאַפּעל. איך האָף און בין מתפלל, זאָגט מר. האָפּמאַן, אַז דער „נר תמיד״ איבער׳ן אָרון קודש האָט אין אים אַרײנגעגעבען כח און ענערגיע אויסצוהאַלטען פון אונזערע שונאים, און גלויבען און האָפנונג אין דער הבטחה פון „נצח ישראל״, וואָס מיר זעען אין אונזערע טעג מיט אונזערע אויגען.

אלגעמיינער זשורנאל 4/19/78



**אויף דער אמעריקאנער קריגס-שיף יו. עס. נימיץ**
האפמאן באקוקט די „כלי זיין״ פונ׳ם נימיץ-שיף



האפמאן און דער רב־הראשי פון חיפה, הרב שאר ישוב כהן, צוזאמען
מיט הויכע ים פלאט אפיצירן פון אמעריקע און ישראל



יעקב האפמאן (צווייטער פון רעכטס) זאגט א קאפיטל תהלים ביי דער דעדיקאציע פון „נר תמיד״. די אנדערע אויפן בילד זיינען (פון רעכטס צו לינקס) אינזשעניר אהרן בוצר, אן אייניקל פון מר. האפמאנ׳ס א לאנדספרוי פון אסטראוו־מאזאוויעצק; הרב שאר ישוב כהן, ר הראשי פון חיפה; א ישראל־טשאפלין און הויכער קאמאנדע־אפיציר פון דער יו. ס. ס. נימיץ.

יעקב האפמאן (שטעהענדיג אין צענטער) אויף דער שיפל וואס האט אים געבראכט, צוזאמען מיט א גרופע ישראל-מאטראזן, פון חיפה'ער האפן צו דער אמעריקאנער שיף.




**יעקב האפמאן אויפ׳ן „דעק״ פון דער יו. ס. ס. נימיץ, די וועלט-גרעסטע קריגס-שיף**

## א שטימע פון א לאנדסמאן

חזן זאב גאלדבערג, א פירענדער באאמטער פון חזנים־פארבאנד פון אמעריקע, איז א לאנדסמאן פון רוטקע, די היים־שטדעטל פון מר. און מרס. האפמאן, און א זעהר נאהנטער פריינד אויך אין לויף פון אלע יארן אין אמעריקע.

דער ארטיקל פון חזן זאב גאלדבערג איז דערשינען אין „אלגעמיינעם זשורנאל״ פון יאנואר 16־טען, 76׳, ערב א קאנצערט פון חזנים פארבאנד אין ברוקלין דזשואיש סענטער, וואו מר. האפמאן איז א גבאי פאר פילע יארן און וועלכער איזביים קאנצערט באעהרט געווארן אלס ,מאן פון יאהר׳.

## פארדינסטפולער לעבען פון א גרויסן אידישן עסקן, ר׳ יעקב האפמאן, דער מאן פון יאר

די אגודת החזנים ד׳אַמעריקע וקאַנאַדע, 236 — 2־טע עוועניו, ניו יאָרק, גרייט זיך אין גיכן דורכצופירן אַ גרויסן קאָנצערט מיט די גרעסטע חזנים פון דער היינטיגער צייט, ווי אויך מיט דעם סענסאַציאָנעלן חזנים אַנסאַמבל פון אגודת החזנים, אונטער דער לייטונג פון דעם באַרימטען דיריגענט אָסקאַר דזשוליוס. דער קאָנצערט וועט פאָרקומען זונטאָג, דעם 15־טען פעברואַר, 3 אַזייגער בייטאָג, אין ברוקלין דזשואיש סענטער, 667 איסטערן פאַרקוועי, ברוקלין, און וועט זיין אין כבוד פון דעם באַרימטען עסקן און נדבן ר׳ יעקב האָפמאַן, וועלכער וועט געעהרט ווערן

אַלס דער „מאַן פון יאָר", פאַר זיינע לייסטונגען און פאַרדינסטען פאַר פילע תורה־מוסדות פון ישראל און אַמעריקע. דער קאָנצערט אין ברוקלין דזשואיש סענטער וועט זיין דער גרעסטער קאָנצערט פון יאָר, און עס ווערט דערוואַרט אַ גרויסער צאָל ליבהאָבער פון ליטורגישער נגינה פון פאַרשידענע געגענטען פון שטאָט.

ר' יעקב האָפמאַן האָט דורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטע און ערפאָלגרייכע קאַריערע אַלס געשעפטסמאַן און כלל־עסקן און נדבן, וועלכע ציהט זיך שוין פאַר צענדליגע יאָרן. ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרען אין פוילישן שטעטל אָסטראָוו, מאַזאָוויעצק, ביי זיין פאָטער ר' יצחק ע"ה, וועלכער איז געווען אַ חזן און אַ גרויסער מנגן, פון וועמען ער האָט גע'ירשנ'ט זיין ליבע צו חזנות און טראַדיציאָנעל־אידישער נגינה. פון זיין פריהסטער יוגענט האָט אים געצויגען צו דער גרויסער ברייטער וועלט, און אין יונגען עלטער האָט ער פאַרלאָזט אָסטראָווע און איז אַוועק אין דעם שכנות'דיגען שטעטל רוטקע, וואו ער האָט געהאַט גרעסערע מעגליכקייטען אויפ'ן געביט פון מסחר אין געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען, און אין דעם שטעטל רוטקע האָט מר. האָפמאַן אויך געטראָפען זיין לעבענסבאַגלייטערין, די אשת חיל און מלומדת ביילע, מיט וועלכער ער האָט שפעטער אין אַמעריקע חתונה געהאַט און האָט מיט איר אויפגעצויגן אַ פאַמיליע, וואָס איז לשם ולתפארת.

פון זיין יוגענט אָן האָט אים געצויגען צו קולטורעלע אַקטיוויטעטען, און ער האָט זיך באַטייליגט אין היסטאָרישע ביבליש־דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען, ווי מכירת יוסף, עקידת יצחק און אַנדערע, וועלכע האָבען זעהר אויסגענומען ביי אַלע אידען אין שטאָט און האָבען אפילו באַוויזען צו געווינען די סימפּאַטיע פון דעם שטאָטישען רב.

אין עלטער פון 19 יאָר איז מר. האָפמאַן געקומען קיין אַמעריקע מיט ווייניג געלט, אָבער מיט אַ סך ענערגיע און מיט אַ סך בטחון אין ג־ט און האָט דאָ געפונען אַ ברייט פעלד פאַר זיין געשעפטס־טעטיגקייט. ער האָט גלייך נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע זיך גענומען צו גראָסערי־ביזנעס און אַנדערע אונטער־נעמונגען, און האָט מצליח געווען. ווען עס האָט אים אָפגעגליקט און ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, האָט ער זיך גלייך גענומען צו געזעלשאַפטליכער אַרבעט און איז געוואָרען טעטיג אין פאַר־שידענע מוסדות פון תורה און צדקה, פאַר וועלכע ער האָט בייגע־שטייערט באַדייטענדע סומעס געלט, באַזונדערס טעטיג איז מר. האָפמאַן אין ברוקלין דזשואיש סענטער וואו ער איז דער גבאי און איינער פון די הויפט־פירער פון דער שוהל פאַר אַ סך יאָרען.

מר. האָפמאַן איז אויך טעטיג אין דער ליובאַוויטשער ישיבה, וועלכע געפינט זיך אין שכנות פון ברוקלין דזשואיש סענטער, פאַר וועלכער ער באַשטייערט ברייטהאַרציג פאַר דעם אויפהאַלט פון אירע ישיבות. ער איז זעהר געאַכטעט און הויכגעשעצט אין דער ליובאַוויטשער ישיבה. ער ווערט דאָרט שטענדיג אויפ־גענומען בסבר פנים יפות.

אַ באַזונדער אָרט אין מר. האָפמאַנ׳ס געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט פאַרנעמט מדינת ישראל, וואו ער איז עולה יעדעס יאָר און נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין פאַרשידענע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין לאַנד און איז מנדב באַדייטענדע סומעס געלט פאַר פאַרשידענע תורה־מוסדות און בתי מדרשים.

ווען ער איז געווען אין ישראל אין 1965 האָט זיך דעמאָלט געבויט די שוהל „זכרון קדושים" אין מעוז אביב, צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די אידען וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרען דורך די היטלער־רוצחים, האָט ער מנדב געווען פאַר דער שוהל אַ גרויסע סומע געלט, צו פאַרענדיגען דעם בנין און אויך פאַר דער



יעקב האפמאן מיט חזן יוסף מאלאוואני

אויסשטאַטונג און אויפהאַלט. מר. האָפמאַן העלפט אויך אין דעם אויפהאַלט פון אַנדערע שוהלען אין ישראל, די זכרון קדושים שוהל איז אָבער זיין ליבלינג־שוהל, און יעדעס מאָל ווען ער קומט דאָרטען איז אַ גרויסער יום־טוב סיי פאַר אים און סיי פאַר די מתפללים פון דער שוהל.

מר. האָפמאַן האָט, ווי דערמאָנט פריהער, געירשנ׳ט פון זיין פאָטער אַ ליבע פאַר חזנות און טראַדיציאָנעלע נגינה. ער האָט אָבער אויך געירשנ׳ט פון אים אַ שיינע שטימע און אַ קינסטלערישען חוש הנגינה. ער איז אַ גאָר פיינער בעל תפילה און מנגן, און דאַוועט אָפט ביים עמוד אין דער שוהל אין ברוקלין דזשואיש סענטער, און אויך אין דער שוהל זכרון קדושים. ווען ער קומט קיין ישראל און אין אַנדערע שוהלן. ווען די פירער פון אגודת החזנים האָבען באַשלאָסען צו עהרן מר. האָפמאַנ׳ען ביי אַ קאָנצערט אין ברוקלין דזשואיש סענטער, האָבן זיי דעם געפיל, אַז זיי וועלן עהרן אַן אייגענעם מענשען וואָס שטייט נאָענט צו דער חזנ׳ישער פראָפעסיע. מר. האָפמאַן איז אַ הויך־קולטורעלער מענטש, אַ ליבהאָבער פון טראַדיציאָנעלער חזנות, און איז אַליין אַ גרויסער מנגן, וועלכער איז אָפט מהנה אידען מיט זיין האַרציג מתיקות׳דיגער תפילה ונגינה. ער האָט אָן צווייפעל כשר פאַרדינט דעם כבוד וואָס די אגודת החזנים וועט אים צוטיילען ביי דעם קאָנצערט אין ברוקלין דזשואיש סענטער.

דער קאָנצערט אין ברוקלין דזשואיש סענטער וועט, ווי דערמאָנט פריהער, זיין דער גרעסטער קאָנצערט פון יאָר, און עס וועלען געוויס זיין אַ גאָר גרויסע צאָל בעלנים אים בייצוואוואוינען. עס איז דעריבער ראַטזאַם זיך צו באַזאָרגען באַצייטענס מיט טיקעטס, וכל הקודם זכה. טיקעטס זיינען 5 דאָלער און 7.50, צו באַקומען אין אָפיס פון אגודת החזנים און אין ברוקלין דזשואיש סענטער.

*Irving Rogoff*

*Musical Productions*

*PRESENTS*

"AN EVENING OF MUSICAL MAGNIFICENCE"

*HONORING*

**MR. JACOB HOFFMAN "MAN OF THE YEAR"**



*Mr. Jacob Hoffman*

**CANTORS' CONCERT ENSEMBLE Of The**
**JEWISH MINISTERS CANTORS ASSOCIATION OF AMERICA AND CANADA**



Oscar Julius – *Conductor*
Bob Riesenman – *Piano*

**FEATURED SOLOISTS**



*Cantors: Jacob Apelewicz*



*Moshe Bazian*



*Charles Bloch*



*Efim Bercovitch*



*Sidney Mandel*



*Ben Zion Miller*



*Eliezer Schulman*

SUNDAY AFTERNOON, FEBRUARY 15, 1976 at 3:00 P.M.
at
BROOKLYN JEWISH CENTER, 667 EASTERN PARKWAY, BROOKLYN, N.Y.

FOR RESERVATIONS:
Brooklyn Jewish Center – (212) 493-8800
Jewish Ministers Cantors Assoc. – (212) 475-0505

DONATIONS: $5.00 – $7.50

**די פראגראם פון חזנים פארבאנד קאנצערט אין ברוקלין דזשואיש סענטער, אין כבוד פון יעקב האפמאן**

**באמערקונגען פון יעקב האפמאן, דער „געסט אוו האנאר״, בײם 31־סטן יערליכן דינער פון די יונייטעד ליובאוויטשער ישיבות, זונטיג 12/20/70 אין סטאטלער הילטאן האטעל, ניו יארק.**

הרב גוראריʼ, חשובʼע רבנים, פּראָמינענטע רעגירונגס באַאַמטע, קהילה פּירער, מוריי ורבותיי!

כאָטש מיר קלײבן זיך צוזאַמען דאָ הײנט בײנאַכט צו פּראַװוען דעם 31־סטן יערליכן דינער פון די ליובאַװיטשער ישיבות, װײסן מיר אַז ניט אַלעס איז אין בעסטן אָרדענונג איבער דער װעלט.

דער יוגנט, און בפרט אידישער יוגנט, איז ניט באַהיט פון די מאָראַלישע צוזאַמענפאַל פון אונזער געזעלשאַפט. אַ שטורעמדיקע װעלט, פול מיט געװאַלד־מעשים, קריג און רציחה! קענען מיר ניט באַרואיקן אונזער געװיסן דורך נעמען אַ רואיקן ראָמאַנטישן שפּאַציר אינʼם פאַרגאַנגענהײט, און צײלן מיט נחת און צופרידנקײט די װאונדערליכע דערפּאָלגרײכע דערגרײכונגען פון די יונגע פּירות פון „לאָער איסט סײד״; װי פון זײ זײנען אויסגעװאַקסן פּראָמי־נענטע רבנים, קהילה פּירער, דאָקטוירים, לאָיערס, פּאָליטישע פּירער און שטאַטסלײט.

מיר לעבן אין אַ נײע װעלט, אַ נײע געזעלשאַפט װאָס איז דורכגענומען מיט אַ קאָרופּטירטע „נײע מאָראַל״ װעלכע שװינט ניט קײן געגנד, קײן שטאָט און קײן אומגעבונג.



האפמאן מיט הרב גוראריʼ. רעכטס: י. פײגענבוים. לינקס: ראַבײ הײמאָװיץ.

מיר געפינען זיך אין די „זיבעציקער" יאָרצענדליג, זיי פרעגן, מאָנען פאָדערן און פאַרמעסטן זיך. אונזער יוגנט, וועלכער איז דער צוקונפט פון אונזער פאָלק, זיינען אויך פאַרכאַפּט אין דעם געשפינס, און ס׳איז ניטאָ היינט קיין „לאָער איסט סייד" וואוהין צו אַנטלויפן.

אָבער דער סכנה־סיגנאַל איז ליידער זייער אַ קלאָרער. ווען מ׳קוקט זיך צו אויף וואָס ס׳טוט זיך אויף די „קעמפּוסעס" פון די גרעסטע און שענסטע אוניווערסיטעטן — מיט דעם נאַרקאָטיקע פּראָבלעם און אַז מ׳באַטראַכט זיך אַז העכער 80% פון אידישן יוגנט גייט אין די קאלעדזשעס, איז גרינג צו באַנעמען אַז דער פּראָבלעם שאַט אונזער יוגנט.

גרויסע דענקער און פילאָזאָפן במשך פון דער היסטאָריע, אַז זיי האָבן געזען אַז זייער געזעלשאַפט צופאַלט און פוילט, האָבן זיי געזוכט עצות אין דעם עבר, זיי האָבן גענוצט אַלס וועגווייזער די היסטאָריע, די אויסגעטראָטענע וועג. זיי האָבן גענומען זייער עטיק און מאָראַל פון׳ם פאַרגאַנגנהייט.

אַזוי אַרום איז קלאָר אַז אונזער עטיק און מאָראַל דאַרפן מיר נעמען פון אונזערע אייביקע אַלטע קוואַלן, פון אונזערע זיידעס און אונזער אַלטע טראַדיציע. די מסורה מיט וועלכע מיר האָבן אויפגעוואַקסן, די רעספּעקט און כבוד וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר אונזערע מלמדים און עלטערן די ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר׳ן שול און בית המדרש — די שטריכן, מוריי ורבותיי, זיי האָבן בייגעשטאַנען די פּראָבע פון צייט, העכער



**בא א דינער פון די ליובאוויטשער ישיבות.** פון רעכט צו לינקס: האפמאן, א גאסט פון ארץ ישראל, (איינע פון גרעטעוועטע פון זיין משפחה), מעיאר אברהם ביעם, גלעדיס סילווער (האפמאן׳ס טאכטער).

2000 יאָר, דאָס האָט בייגעשטאַנען אונזערע אַלע שונאים און אַלע רדיפות אין פאַרלויף פון אונזער היסטאָריע.

און היינט, אַז איך באַטראַכט זיך, וואָס פאַר אַ וועג קען מען נעמען פאַר אונזער אַמעריקאַנער יוגנט, אַז ס׳זאָל האָבן אַ המשך דער גאָלדענער קייט פון אידישקייט, איז די איינציקע וועג וואָס איך זע, איז דאָס תורה — אמת׳ן חינוך לויטער־זיסע־שיינע אָן קיין שום פשרות, ניט פאַרוואַסערט. און פאַר יעדער אידישן קינד וועמער ער זאָל ניט זיין און וואו ס׳זאָל ניט זיין.

און אויף דעם וויל איך אויסדריקן מיין דאַנקבאַרקייט צו די ליובאַוויטשער ישיבות. איך שטאָלציר דערמיט וואָס מ׳האָט מיר אויסגעקליבן צו זיין דער „געסט אָוו האָנאָר״ היינט אין אָוונט. אָבער איר קענט זיין זיכער אַז כאָטש היינט בין איך בלויז אַ „געסט״, וועל איך אָבער אין דער צוקונפט ניט זיין אַ „געסט״, נאָר אַ שטענדיקער אָנטיילנעמער אין די הייליקע אַרבעט פאַר תורה, אידישקייט און מאָראַלישקייט.

איך קוק פאָראויס צום פאַרגעניגן און זכות צו אַרבעטן מיט אייך אַלעמען, און איך ווייס אַז צוזאַמען וועלן מיר קענען העלפן ליובאַוויטש גיין „מחיל אל חיל״, און דערביי וועלן מיר אַלע געבענטשט זיין פון דעם „נותן החיים״ מיט אַלדעס גוטס.

**אַ גרויסן דאַנק!**



האפמאן ווערט פרעזענטירט מיט א „פלאק״ פון הרב גורארי׳. לינקס איז דער קאמטראלער האווערד גאלדין.



**יעקב האפמאן בלאזט שופר ביים כותל מערבי**



**האפמאן קומט אן קיין מאדריד שפאניע, אויף איינע פון זיינע רייזעס**



**יעקב האפמאן און זיין פרוי, מיט זייערע קינדער און אייניקלעך**

מר. און מרס. יעקב און בעלא האפמאן (אין צענטער) פאטאגראפירט מיט זייער גאנצע משפחה אויף א ישראל־באנד דינער אין זייער כבוד־וועגן, מערץ דעם 1־טן, 1964, אין ברוקלין דזשואיש סענטער. פון רעכטס צו לינקס אויפ׳ן בילד ווערן געזען: דוד און גלעדיס (גיטל) סילבער, איידים און טאכטער פון די האפמאנס, און זייערע קינדערלעך, די קלייניקע עימי אויף דער מאמע׳ס הענט, היינט א תלמידה אין דער מידוואוד דעי סקול אין פלעטבוש, און ארי׳ יצחק (לארי), היינט א תלמיד אין דער פלעטבוש ישיבה האי סקול. פון לינקס צו רעכטס: אוירמא און הערבערט (הערש בער) האפמאן, זון און שנור פון די האפמאנס, און זייערע קינדערלעך, פנחס (פאול), א גראדואירטער פון ישיבה ד׳פלעטבוש, און ראבין, היינט א תלמידה אין רמ״ז ישיבה.